


# שטערן

5-6

ליטעראריש-קינסטלערישער
און פאָליטיש-וויסנשאפטלעכער
כוידעש-זשורנאַל. מינסק
י אָ ר 1 9 3 3

## אינהאַלט.

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך

# שטערן

ליטעראריש־קינסטלעריש ער און פּאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער יידעש־זשורנאַל.

№ 5—6 ═══ ניינטער יאָרגאנג ═══ מײַ—יון 1933



פּינינבערג.

## אין א באַרגיקער שטאָט

דער קיִעווער ארבקאָריִע

I

פאַראַנען איז איינע
א שטאָט אף דער וועלט,
א שיינע שטאָט
בא א שיינעם טײַך.
צען יאָר, אז איך לעב
מיטן פרילינג-העל,
מיט דער שטאָט, מיט דער זון
און מיט אײַך.

מיט אײַך, מיט די יונגע,
די מונטערע זין
פון פלאם
און פון אופשטאנד-מי,
אינעם גרויסן און רוישיקן
הויז-געזינד,
אינעם לאנד,
ווו ס'איז העט-פרי.

ווען ס'איז א פארבענקטע
מײַן ליד ארויס
פון ענגשאַפט,
פון איין-אליין,
האָט זי געזוכט זיך
א ראכוועסדיק הויז,

זײַנט איר געוואָרן
די היים.

אין הייך און אין נידער
פון בארניקער שטאָט
בלוטיקע צייכנס
פאראן
פון מײַן און פון אײַער
יונגן טראָט,
פון אײַער
און מײַן געזאנג.

און טאָג נאָך טאָג,
יאָר נאָך יאָר —
צוזאמען, צוזאמען
דער שפאן.
מיר האָבן געשלאָסן
אין וועלט אין נאָר
אף לעבן און טויט
א פארבאנד.

אין דער בארניקער שטאָט
אף שטענדיק בלײַבט,
אף שטענדיק בלײַבט,
צעגליט
דער אָטעם
פון אונדזער בויער-לײַב,
פון אונדזער
פײַער-ליד.

II

אונטער אונדזער ווינטער,
וואָס אף קיעווער בארג,
גייען, דרייען, וויען נאָך
ווייען און האווײַעס.
און קומט דער אָונט—כ׳בענק
און קומט דער אָונט—כ׳נאר,
שטענדיק—טײַערע
און שטענדיק-נײַע.

ווי צום בלענד פֿון ענד-ציל,
וואָס דעם שטרײַט באַצירט,
ווי צום ווונדער-לאַנד,
צו שײַנען אומגעהערטע
לאָז איך זיך אַוועק
מיט וועלט-טאָג און מיט דיר,
פֿרוי געליבטע,
כאַוועריטע באַשערטע.

און אַלע קוואַלן
זײַנען אויפֿגעוועקט,
און העלע וואָרן
זײַנען אָפּגעקומען.
מיט וועלט-טאָג און מיט דיר
לאָז איך זיך אַוועק
צו גרינגע פֿרילינגען,
צו זינגענדיקע זומערס.

ס'איז דאָס האַרץ צעגליט,
און ס'ווערט דאָס האַרץ ניט מיד,
און מעכטיק איז צעבליט
דאָס לעבעדיקע פֿײַער.
ווי דאָס ערדן-הויז,
ווי די וועלטן-ליד,
ווי דאָס ליכטיק זײַן
אַזוי ביסטו מיר טײַער.

ס'עפֿליט אַוועק דער דיל,
ס'צעשייטן זיך די ווענט,
און ברייטן ערדן-הויז
פֿריידיק זײַנען אַלע.
מיט שוימענדיקן האַרץ,
מיט פֿלעסקענדיקע הענט
גיי איך מיט מײַן וועלט
דורך טויער טריומפֿאַלן.

III

ניט קײַן פּאַפּירענעם אַמאָל
פֿון צײַט צעמאָלענער
איך בלעטער,
ניט קײַן שפּינעלעך פֿאַרבליבענע

פֿון ווײַטצעטריבענע
איך מיש אדורך, —
די טעג,
די אייביק-שטײַגנדיקע
אפֿן רויטן שעטעך,
דעם בוך,
דעם איינענעם,
דעם בלוטיק-שיינעם בוך.

ניט קיין שטויב צום דרימל-הימל
הייבט זיך
איבער שימל-שיימעס, —
צו פֿײַער-הויכן
טראָגט זיך ראש
פֿון טײַערן, פֿון וואָרן-יאָג.
ווי פֿײַערלעך פֿארבונדן
זײַנען מיר,
ווי בלוטיק-היימיש,
נעשאָמע
פֿונעם מעכטיק-שטראָמענדיקן
גרויסן טאָג!

די העלע קראפֿט,
וואָס אין באהעלטענישן
קוועלט לעבעדיק,
מיט שטורעמדיקע קרעפֿטן דײַנע
לעבט
און שטראָמט.
דו ענדיקסט זיך ניט
אף מײַן ערד
דו אָטעמסט שטענדיק
אף מײַן הויז
און אף מײַן שטאָט
און אף מײַן אויספֿירקאָם.

דו ריזיקסטער,
דו שפּאנענדיקסטער
פֿון ראָמאנען!
דו ליכטיק-אויסטערלישער,
גרויסער,
גרויסער טאָג!

איִך וויִל
מיִט וועלטן-העלדן דײַנע
שפּאַנען אוּן דערשפּאַנען,
איִך וויִל דיִך דורכלייענען
ביז לעצטן שוּרעלע
פוּן עפּיִלאָג!

איִך קאָן דײַן טיף,
דײַן ברייט, דײַן פרייד,
דײַן ערנסט,
אוּן איִבער שווערע בערג
פוּן קאַמף אוּן קאַמף אוּן זאָרג
איִך וואַך
אַ גאַנצע נאַכט
אַף דער ראַדיִאָ-סטאַנציִע
„קאָמיִנטערן“,
וואַרט
אַף ערשטע אוּפרײַסן
איִן שטאָט ניו-יאָרק.

ביִסט שטענדיִק
דאָ,
ביִסט אוּמעטוּם
פאַראַנען,
אוּן שטענדיִק כ'ביִן
בײַ דיִר, איִן דיִר, מיִט דיִר,
דו ריִזיִקסטער,
דו שפּאַנענדיִקסטער
פוּן ראָמאַנען,
דו טאָג,
דו וווּנדערלעכער
וועלט-שפּאַציִר!

## דאָוויד בערגעלסאָן.

# ביראָבידזשאַנער.

### קאַפּיטל איינס.

.1

זומער נײַנצן הונדערט אכט און צוואַנציק איז קיין ביראָבידזשאַן אָנגעפאָרן איינע פון די ערשטע גרופּעס ייִדישע איבערוואַנדערער. זי האָט זיך אָנגעקליבן ערגעץ ארום מינסק, פּרילוקע און קאָנאָטאָפּ — מענטשן האַרעוודיקע און פּאָשעטע מיט אלע מײַלעס און אלע כעסרוינעס, וואָס אזוינע פאַרשלעפּן מיט זיך פון קליינשטייטלדיקער היים: מע איז אַביסל טעמפּ, אַביסל צוקלוג. מע איז ניט געבילדעט, דעריבער — שטענדיק אף דער וואַך, מאָמער וועט עמעצער אָפּנאַרן. דער רעוואָליוציע און דער ארבעטער-מאַכט גלייבט מען, האַכט זיך, ווי אן אייגענער, מע האָט ניט איינמאָל געזען: זי נעמט זיך אָן דעם אָרעמאַנס קריוודע. דאָך — דאָס פּריזיקע לעבן האָט אויסגעלערנט ניט אויסצוזאָגן גלײַך, וואָס מע וויל, „פּאַרדריי יענעם אקאָפּ, אניט וועט יענער דיר פּאַרדרייען", „פּאַרבאַט א מעקער", „גיי ארום-און-ארום", „האַנדל" — יערושע פון פּאָשעטע טאַטעס און פּאָשעטע זיידעס:

— „פּאָרן עמעס שלאָגט מען".

און די רעוואָלוציע — דער קאָפּ איז צו קליין אף צו באַנעמען אירע נעגג, אף צו כאַפּן גלײַך:

— וואָס מיינט זי?...

אין דעם זינען זײַנען ניט אלע אין דער גרופּע איבערוואַנדערער נאָר אינגאַנצן פון איין מין געקנאָטן: איבער רעוואָליוציע-זאַכן קאָן נאָר אויסקומען זיך א קריג-מאָן צווישן זיך — מער אָרעמע מיט ווייניקער אָרעמע, יינגערע מיט עלטערע — נאָך אליץ מישפּאָכעדיק, און פּלוג איבער נאָר-נאָר קליינינקייטן; א ווײַטיקער וואָלט ניט באַלד פאַרשטאַנען:

— איבער וואָס, אייגנטלעך, קריגט מען זיך.

אייניקע אין גרופּע ווייסן גאַנץ קלאָר, אז דער צ. א. ק. ר. ס. פ. ס. ר. האָט באַשטימט אויסטיילן ביראָבידזשאַן פאַר די נוימן פון ארבעטנדיקע ייִדן. אנדערע אין גרופּע האָבן זייער א שוואַכע פאַרשטעלונג אפילע וועגן די ווערטער „באַשטימונג", „אויסטיילן", פּלאָנטערן זיך אין דער פאַרשטעלונג, ווי דאָס לאַנד ליגט. אז עס קומט צו רייד וועגן דער באַשטימונג פון צ. א. ק קאָן אייטער ארײַנשטעלן:

— יאָ, גוט. נאָר וואָס-זשע? — האָסט דען אליין גערעדט מיטן צ. א. ק.?

מע זוכט דעריבער א שטיקל „באָטער", כאָטש צווישן זיך אזוינעם, וואָס בײַ יעדן שווערן ניט-געשלונגענעם טריט זאָל מען זיך קאָנען אף אים אָרויפוואַרפן: אָט ער האָט עס געהייסן, ער האָט עס געזאָגט מיטן פולן מויל „פאָרט!". מע האָט שוין אזא איינעם אין אינ בײַ זיך אין דער גרופּע — דאָס איז דער געריכטהאַריקער שוימקע, אן אכט-און-דרייסיקער, א ניטקאָשערדיק געזונטער; זײַן פאַמיליע „שנייער" דערמאָנט אָן שוואַרצע האָר, וואָס וואַקסן אים העכער די וואָנצעס אין דער פאַראַקושנט-געפלעמשטער נאָז, אפילע אין די אויערן — האַרטע האָר, ווי שטעכיקע כאַדיקעס. בײַ אלע קליינינקייטן, וואָס מע דאַרף אין וועג אָפּטאָן, אפילע בײַ ארײַנטראָגן אין וואַגאָן א פּאָר עמער-וואַסער, זאָגט מען אָנזיכטן אינדערהייך:

— מ'עט ניט טאָן? — זאָל גאָר שימקע הייסן.

שימקע פֿילט, אַז מע וויל אים דאָ „אַרײַנפּאַקן“, ווערט ער אומצופֿרידן, ענטפֿערט ער בייז, קוים מיט אַ געשריי:

— וואָס דאַרף איך דיר הייסן?—האָסט אַליין קיין קאָפּ ניט?!

שימקע, אַז ער באַקומט אומגלויבן צו אַ מענטשן, קוקט ער אים אָן מיט שטעכיקע האָר און די אויגן־וויעס און די ברעמען, ווערט ברויגעז, דרייט זיך אַוועק אָנאַזייט און וויל מער ניט ריידן.

שימקע, אַז מע רעדט זיך מיט אים פֿאַנאַנדער, קאָן ער דערציילן, ווי אַזוי די געשיכטע מיט זיין גרופּעס פֿאָרן האָט זיך אָנגעהויבן:

— געווען איז מינסק אַ פֿאַרזאַמלונג. מינסק איז עס ניט זשערגע, גאָר אויף יענער פֿאַרזאַמלונג — ערד־מערעמעניש: מאָסקווער יודמוער — אַ פּראָפֿעסאָר, דאַכט זיך, אויך, אַ פּאָר אַגראָנאָמען — האָבן דערציילט וועגן אַ ניי־געפֿונענע שטיק־לאַנד...

קוקט מען זיך צו שימקען צו, זעט מען: ער איז שוין אַפֿילע ניט פֿון יענע יידן, וואָס האָבן ליב, אַז מע געפֿינט נייע לענדער.

יענע האָבן אַן אַלטע שוואַכקייט — אַן אַלטע פֿרומע געשיכטע, ווי אַן אַלטער האַלב־פֿאַרגעסענער באַלעם, האָט געלאָזט שפּורן, אומקלאָרע געפֿילן: עפּעס אַזוינס האָט מען אַמאָל, דאַכט זיך פֿאַרלוירן, צי האָט מען עס איצט צוריק ניט געפֿונען? — שימקע, אַ פּאָשעט - האָרעוועדניקער.

— נו — דערציילט ער, — איז אויף יענער פֿאַרזאַמלונג געווען און אוילעם — אַ באַכער.

שימקע איז דאָרט די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף די פֿיס — און אָפּגעריבענעם פּעלצל, און האַרטע שטיוול — געקומען פֿון אַ גאַנצן בײַשטעטלדיקן קאָלעקטיוו, וואָס לײַדט פֿון ווייניק ערד, געזוכט אַרום זיך מיט די אויגן אויף יענער פֿאַרזאַמלונג דאָס אַזוינע, ווי ער, אַזוינע, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אויף ערד, אַליין געאַרבעט „ווייכן וואָס ערד הייסט“. און דער האַפּסאַקע האָט ער צוגעקוקט, ווי אין איינעם אַ ווינקל אַמפּערט מען זיך צווישן זיך — אַזוינע, וואָס זאָגן „אַהאַ!“, ערשט איצט, הייסט עס, איז גוט, און אַזוינע, וואָס זאָגן „טאַקי גוט, גאָר...“

שימקע האָט געקוקט אויף זיי מיט צוזאַמענגעצויגענע אויגן, מיט שטעכיקע האָר און די אויגן־וויעס און די ברעמען, געוואַקסט שוין פֿריער:

— זיי וועלן אַוועקגיין אַהיים און זיך לייגן שלאָפֿן אונטער דער איבערבעט.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז ער, שימקע — אַ געוועזענער לעבן קאָנאָטאָפּ — איז אַוועקגעפֿאָרן אַהיים און האָט דאָרט אָנגעקלויבן די גרופּע: אַ פּאָר צענדליק, וואָס ער אַליין קאָן, וואָס האָבן אַלע יאָרן ניט געהאָרעוועט, איצט פֿאָרט מען. און פֿון יענע, וואָס האָבן געזאָגט: „אַהאַ! גוט“ און „טאַקי ניט „גאָר...“ איז קיין איינער אין דער גרופּע ניטאָ. — אויפֿגעהויבן פֿונדערהיים דורך זיהעוודיקע פּראָצעסן, וואָס אין אין אַרום דער רעוואָלוציע, איז מען געפֿאָרן פּאָשעט, אָן שום טראַכטעניש וועגן נייע עפּאָכן אין דער יידישער געשיכטע און וועגן אַזוי „אַלוועלטלעכקייט“, געצויגן פֿון מערעוו קיין מיזרעך מיט גרויס גלוסטעניש צו זעמלקייט, אָן שום —„יעצערהאָרעס“ יידישלעך אידעאַליזירט צו ווערן, ניטוויסנדיק אַפֿילע, וואָס איז עס אַזוינס, פֿול מיט פֿאַרזיכטיקייט און מיט אומגלויבן צו יענע, וואָס דאַרפֿן עס — — —

ס'איז געווען אין צווייטן האַלב זומער, ווען קיין בירעבידזשאַן זיינען געפֿאָרן די ערשטע גרופּעס יידישע איבערוואַנדערער. טעג האָבן אויסגעגעבן זייערע לעצטע העלע שיינען, אַלע עקסטראַקט־רייכעס פֿון וואַרעם־אָנגעהיצטע געווירצן. פֿריש־זאַלציקע פֿרימאָרגנס האָבן זיך אַריינגעגאָסן אין הויציק־נאָלדענע באַטאָגן. צעצויגענע פֿאַרנאַכטן האָבן געשלײַדערט זייערע ברענענדיקע קאָלירן ווייט, ווייט צו אַלע עקסטע הימלען.

.2

דער צוג — אַזאַ, וואָס האָט צייט — איז געלאָפֿן פֿון די מאָסקווער פּייכטע פֿלאַכן צו די פֿערמער וועלדער, צו די אַנ־האַלעה הויכקייטן, צו פֿריש־אָפּגעוועקטע נאַטור־רײַכקייטן, וואָס האָבן נאָך אין צוועלפֿטן יאָרהונדערט צוגעצויגן צו זיך די נאָווגאָראָדער רוסישע סאָחרים „אושקויניקעס“ און זייגען איניינעם מיט פֿערם, מיט פּעטשאָרע, מיט סיבירער לאַנד „יוג־

נא" פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין א קאָלאָניע פֿאַר נאָווגאָראָדער האַנדל-קאַפּיטאַל. דער צוג איז געגאַנגען צו די סיבירער הימל-פּלוי-קײטן, אַהין ווו פֿאַר הײַנטיקן טאָג פֿאַרווײַזן זיך נאָך אַלץ נײַע שטעטן נאָך, פּלאַטינא, זילבער, קופּער, אײַזן, קרײַלן, אַהין ווו פֿאַרן ערשטן קראַך אין דער ערד הייבן אָן שפּריצן אַלץ נײַע און נײַע פֿאָנטאַנען נאַפֿט, אַהין ווו יעדער שטײן איז א דענקמאָל פֿאַר פֿאַרטריבענער העלדישקײַט, פֿאַר „באַזיגטע" מאַרטירער, וואָס — — — האָבן געזונגט. דער צוג איז אָט געשטאַנען, אָט ווידער געגאַנגען.

און צוג האָבן וואַכטוועס זיך געריקט אַף מיזרעך די איבערוואַנדערער, געפֿאָרן לאַנג און גרינע מיט אייגענע ווײַב און קינדער, מיט אַ סאַך אַלטע קישנס, וואָס שמעקן מיט ניטגעוואַשענע קינדערישע ווינדעלעך, געפֿאָרן מיט עפּעס אַ סאַך אומבאַגרײַפֿלעכע האָפֿענונגען אין האַרצן און מיט זייער א קנאַפּער פֿאַרשטעלונג וועגן אָרט, וואָהין מע פֿאָרט און וועגן דעם, צי איז פֿאָרן אַהין בע עמעס קעדײַ. וואָרן דער אײנציקער, וואָס האָט אַלע צונויפֿגענומען איז שימקע. אים קאָן מען. כאָטש פֿון „צורײדן יענעם" האָט ער זיך גענוג געהיט, טאָמיד געענטפֿערט: „וואָס פֿרעגט איר בײַ מיר?—איך פֿאָר און שוין". און איצט, אין וואַגאָן, שלאָפֿט ער נאָר, אָט דער שימקע — שנאָרכעט אַף זײַן נאַרישע גאַנצע פֿרימאָרגנס, גאַנצע באַטאָגן, ווי אײנער, וואָס האָט שוין זײַנס אָפּגעטאָן. מע וויל אים דאָ מאַכן פֿאַרא „גאַנצן קנאַקער", און ער טראַכט וועגן זיך: „ניט קײן נאַר, כ'וועל ניט לאָזן" — ער שלאָפֿט.

פֿון פּאָשעט-אײַנגעריכטע וואַגאָנעס, דורך ברײט-אָפּגערוקטע טירן, זעט מען פֿרעמדע געגנטן, פֿרעמדע טײַכן און פֿרעמדע שטעט. ווײַבער, אַז זיי האָבן ניט וואָס צו טאָן, לאַטען זיי אין וואַגאָן שמאַטעס, סײַ ווען דער צוג גײט, סײַ ווען ער שטײט. יונגוואַרג האָט פֿאַר זיך אָפּגענומען א באַזונדער וואַגאָן — ליגנדיק, האַלב-ליגנדיק דערעסט זיי דאָרט ניט אַלע מאָל פֿאַנײַב אויסצוזינגען אַלץ, וואָס מע קאָן: יִדיש, אוקראַיִניש, קאָמיוניסטיש. ווײַבער לויזן האַרציק די קינדער-קעפּלעך, וואָס שפּאַרן זיך צו זייער שויס. מאַנסבילען האָבן עפּעס, אַפּאָנים, אייגענע מינים נעראַנקען ביים זיי קראַצן זיך די בערד. טאָ קאָפּל גרײַוועער— א נעקײַפֿלטע-גרויסער מיט ווייניק לויטיקע האָר אַף גרויסע קאָפּ- און פּאָנים — גלאַנצן דערבײַ די אויגן, פֿלאַמען אַרויס פֿון צווישן די זעק אין טונקעלן וואַגאָן-ווינקל, וואָהין ער האָט זיך פֿאַררוקט. ער איז שוין אַמאָל געווען „אַרויפֿגעשוואוממען"—שיִר ניט געוואָרן א פֿערד-ליווראַנט, כאָטש די לעצטע יאָרן איז ער צוריק פּאָשעט א באַלעגאָלע. באַגעגנט זיך מיט זײַנע אויגן, טוט ער מיט זיי עטלעכע מאָל א פּינטל, פֿאַרגלאָצט זיי צו די ברעמען- צו און קוקט דיר אָן מיט כשאַד, ווי ער וואָלט זאָגן: „שטויסט זיך אָן, וועגן וואָס איך האָב געטראַכט?... נײן, ווי קומסטו זיך אָנצושטויסן?". א ביסל צוגעגעסן האָט זיך אַלע איבערוואַנדערער סימכע קאַראַלווקער, כאָטש ער ליגט אויס אַלץ צו גוטן און מאָלט גאָלדענע בערג. ער איז א לעננלעך-וואָרער מיט גרויסע גרוי-שלעפֿעריקע אויגן, מיט א גלאַט צינגן קאָל, א מיט א שיִר גלאַט-באַמעטענע רייד, מיט א מויל, וואָס, אַז עס הייבט אָן צו מאָלן, וועט עס קײנער ניט אָפּשטעלן, ער אַלײן, — אַוואַדע ניט. ער האָט פֿון יונגל-ווײַס אָן געדינט לעבן ערד בײַ א רײַכן פּאָרעץ און האָט ליב צו זאָגן די ווערטער „ווען מע גיט מיר", מיט זיי הייבט ער שטענדיק אָן צו ריידן:

— ווען מע גיט מיר...

— ווען מע גיט מיר אַזוי אַפּאָר טויזנט דעסיאַטין אַקער-ערד, גוטע, שוואַרצע, פֿעטע...

— ווען מע גיט מיר דערצו א קעגן א... זיבעציק פּאָר אָקסן...

— ווען מע גיט מיר ניט קײן סך, א... פֿינף-און-פֿערציק-פֿופֿציק פּאָר אויסגעפּאָשעטע פֿערד.

— ווען מע גיט מיר נאָך כוצרעם...

ריידן קאָן ער אַזוי לאַנג, אָן אויפֿהער, אָבער — נאָר קאָלזמאַן שימקע שלאָפֿט. שימקען — אויב ער שלאָפֿט ניט — פֿאַרדריסט עס ביז נאַר; ער שרײַט אָן:

— „ווען מע גיט מיר"!

— „ווען מע גיט מיר"!

— ווערסט ניט אויפֿהערן?

— סע ווערט ניט-גוט אַף צו ברעכן, לאָמיך אַזוי געזונט זײַן.

שמעטערט אומגעדולדיק כאַפּט אונטער:

— סע קערט זיך איבער די גאַנצע גאַל...

פאַרוואונדערט צוקט סימכע דעם קאָפּ און די אַקסלען:

— וואָס איז?

גרויסע גרויע אויגן קוקן בײַם־גאָר שלעפעריק; און די אויגן ווײַזט סימכע — א קינד מיט גראָווערדיקע האָר אויפן קאָפּ און מיט א פלאַנג האַרט געשוירן בערדל. ער הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין:

— כ׳מיין עס רעדן פון מײַנעט וועגן?

ער איז פאַרשטומט. מיט וואָס האָב איך דאָ כוימע-בייגל געווען?

צו זײַן באַוווּנדערן: אַלע אַרום אים, ווען ער, שווײַגן צו. זייערע פּענימער —ווי שטומע וואָלט שוין פאַר זיי האָבן אַלץ אָפּגעזאָגט. אַפילו די ווײַבער און וואָגאָן — יענע, וואָס לאַטען שמאַטעס—ווײַטען אויך קאָנטעט. בלויז איינער אין וואַגאָן האָט גאָר, אַפּאַנים, עפּעס צוגעגעבן: דאָס איז בענטן פּרינץ — א נטוועזענער בעדער און יאַראָשעווע, א מענטש, וואָס ווען נישט די עפּלעכע האָר בײַ די זײַטען פון זײַנע לענגלעכע שוואַרץ-קאָרענע באַקן, וואָלט ער איצט, א 40-יאָריקער, געבליבן אינגאַנצן אָן א באָרד. מיט איין אויג קוקט אַף סימכען שטאָר, ווי מיט א בלינדס, מיטן צווייטן אויג שמייכלט ער אַרײַן אין דער איינגענער זשמעניע, פונוואַנען ער לייגט זייער אין זייער באַמעלער קערלער צו זיך אין מויל. אַזאַ איז ער: א פּײַנט פון כאַפּענוש — קיינאַנאָרע גישקאַשעריק הויך, גישקאַשעריק נעזאָגט און דאָר טאָמיד און באַר אָן פּרעז געהאַקט האָלץ און געפּאַמפּעט וואַסער, אָן אײַלעניש, ווי איינער, וואָס פאַרהיט זיך פון ווערן געברעכט. פון גיין און באַר אַרום שטאָט-לייט, פון צוקוקן זיך צו זייער פּאָסמעטקעס, ביים זיי טוען זיך אויס נאַקעט, פון גטרענקען, ווער וואָס האָט האָלט — איינער האָט ליב א האַרט בעזעמל, איינער— א ווייכס, איינער וויל מע זאָל אים רײַבן שטאַרק, און אַנדערער — מע זאָל זיך צו אים קוים צורירן, — פון דעם אַלעם, מיינט ער, איז ער געוואָרן, א שטיקל מייוון אַף מענטשן און אַף זייערע „סטראַנאָסטן“. ער זעצט זיך צו נעענטער צו סימכען, רירט אים אָן מיטן עלנבויגן ערגעץ נאָענט הינטן, באַם זײַדוק.

— די האַזהראַזשעסט — זאָגט ער צו סימכען מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט אים הייסן פאַרשפּיליען א קנעפּל אַף א געווינט אָרט.

יאָ. סימכע אַליין זעט עס שוין אויך. ער האָט נאָר מוירע, טאָמער וועט מען מיינען, אַז דאָרט „אָפן אָרט“, קלערט ער פאַראַווען מיט יענעם:

— וואָס-זשע? — פרעגט ער, — איך ווייס שוין נישט, וואָס איך רייד?

— אָבער באַ עיר ווייס איך, וואָס מע האָט צו טאָן?

— כ׳האָב נאָר געמיינט: ווען מע גיט מיר דאָס, וואָס איך רעכן אויס, וואָלט איך געמאַכט... פאַר אַלעמען וואָלט איך...

— נו, נעגוג, נעגוג — ווינקט צו אים בענטן, — ווער וועט געבן? עסט האָרעווען, עבעט האָבן. טשעפּע בעסער נישט... ס׳האָט רערעסן, זעסט נישט?..

טאַקע אַזוי:

סע האָט רערעסן.

דערניקער, אַפּאַנים, האָט רערעסן דאָס פּאָרן, דאָס לאַנגע שטיין אַף פאַרשיידענע וואָקזאַלן, דאָס נישט-קלאָרע וויסן, ווען וועט מען „אַהין“ קומען און וויאַזוי זעט עס „דאָרט“ אויס. דאָס נישט־האָבן אין וועג קיין נעם, צו ווענדן מע קאָן האָבן טײַנעס — שוין דערפאַר אַליין פילט מען, ווי אָפּגעפּרי-צעוועט...

און טאָמער האָט „געוועהר“ געהאַט צוגעשטעלט א מענטשן — א ראַשיקן יאַט מיטן נאָמען יאָסל פּרוסקער, א בוי-אַרבעטער פון אָדעס — אים ווי אויסגעזאָגט אַלע סוידעס, וויאַזוי צו ווערן אין איין שמיי-הריי א גוטער-פרײַנד מיט אַלערליי וואָקזאַל-נאַטשאַלניקעס. אַלעמען איז געווען קלאָר:

— אים נעגעבן אַלע באַלנאַמאָטשיעס.

איז ער אין וואַגאָן, וואָס יאַנוואַרג האָט פאַר זיך אָפּגענומען, אָפּגעפּאָרן ביז טיומען, אויסגעזונגען איניינעם מיט זיי אַלע לידלעך און איז פון דאָרט אַוועק מיט א ציג פרייר, געזאָגט: ער האָט אומעטום אָפן וועג געפינען איבערוואַנדערער, מע וועט אים אָנזאָגן. מע קומט צו א גרעסערן וואָקזאַל, טרעפט ומען שוין דאָרט בלויז זײַנע שפּורן — ער האָט באַוואָרנט דער אָרטיקער איבערוואַנדערער־פּונקט זאָל באַגעגענען מיט

מאַרעם עכן און איז אַוועק ווײַטער. קאַפּל גרינוואַלד זאָגט וועגן אים:

— שיט אים אָן מאַליע...

אָדער נאָך קירצער:

— א ספּרינגע... אַ?

אונטער קאַפּלס שווערן קערפּער — בלויז פון איינעם אַן אויסצופּרידענעם ריר זייערן — שטייען ראָן א סקריפּע די פּרעטער אַרום די זעק, ווי ער זיצט. נאָך מיטער פון קאַפּלען, אין סאַמע וואַגאָן־ווינקל, זיצט די גאַנצע צײַט אויף זײַן האַלבן זאַק סוכאַרעס דער שוואַרצער בייז־האָריקער אויסערוואַנדערדער פרויעס משעריאַקאָבעלער — אַ שטאַרקער קאָרנבצעס־רויכערער. זײַן באַוואַקסן פּאָנים מיט די באַוואַקסענע פינגער — ווי אָפּגעשמידט מיט הוגענע פון טרײַבן גאַנצע זומערס פלייטן אויפן דניעפּר. אז ער איז א בייזער מענטש, ווייסט ער אַליין — ער האָט זיך אויסגעטן פאַרקליבן אזוי טיף אין וואַגאָן־ווינקל, אַזש אונטער דער „פּאַלאַטע", געגעבן מיט זיך צו וויסן:

— מיך משעפּעט בעסער ניט...

פון אונטער דער „פּאַלאַטע" זעצט אַרויס זײַן מאַכאָרקע־געריך. עס לייכט פון דאָרט אַרויס זײַן שטענדיק־רויכערדיקע קויל. ווי נאָר מע הייבט דאָ אָן צו ריידן וועגן דער מײַמע מיט פּריסקערן, פאַרדרייט ער גלײַך זײַן פּאָנים צום לינקן אַקסל און בלײַבט אַזוי לענגער זיצן, ווי איינער זאָגט:

— איך שווײַג...

— וואָרן איך, אז איך וועל אָנהייבן ריידן, וועט שוין זײַן נאָר מיעס...

מיט דער צײַט, ווען דער צוג שטייט, באַנוצט זיך אָפט זמוול בראָהסקי — אן איבערגאַנערער פון דריטן וואַגאָן, — קומט אַהער מיט העגט, וואָס זײַנען פּרים פאַרזקט איינע אין אַנדער פון דער אַנדערער, קומט אויסגעטן קעריי צו זאָגן:

— ווען איך פּאַק אים, אָ־דעם פּריסקער...

— כ'וואָלט אים צערײַסן אויף שטיקלעך.

דאָ, אין וואַגאָן, ווי שטיקע פּאָרט, ווײַל מען ניט הערן, וואָס זמוול זאָגט: מע קאָן אים פון קאַנאָטאָפּ — א געוואָרענער קובּאַר, וואָס האָט געמאַכט מאָנפּאַסיע. אַליין האָט ער נאָר א גאָרנלדיקן האַלדז, פלעגט אַרײַנבאַפּן א פינף־ און־ צוואַנציקער פאַר אָפּראַוועז א „יאָמנאַראָים". און סמאָלענסק איז ער צוגעקומען צו דער גרופּע אויסוואַנדערער, געהאַט אַן אָרדער פון ערגעץ א „געזעיד", געהאַט מיט זיך דורכויס־פון אויסגעפּאַקעוועטע פּעק, אויסגעזען לעבעדיק, ווי ער וואָלט פאָרן אויף א כאַסענע — עפּעס צו גרינג.

א פּאָר סטאַנציעס פאַר גאָוואָבובירסק האָט מען בא זמוולען אין וואַגאָן געראַוועט אין מאַליימים, געפּראָוועט עפּעס א ריש־בידעש. ייבו״א״נ א.ן שבייעסדיקן וואַגאָן האָט גענומען זינגען היבער די קאָמיזגישע לידלעך, געלאַכט, געלאַכט און ווידער געזונגען. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַמוול האָט זיך געגאָרגלט. בא שטיקען אין וואַגאָן, ווי קיינער ראָוונט ניט, האָט עם קיינעם ניט געאַרט. פאַרקערט — זאָל עם דערהערן דער „געזעיד", אויב אים איז עס ליב... זאָל עס זיך נאָך ערגעץ וואַלגערן, אָ־דאָס ראַוונען — עפּשער וועט מען מיט דעם א מאָל נאָך קאָנען דעם „געזעיד" א כמראַשע מאַן....

זמוול האָט מיט זיך אין וואַגאָן — בײַ צווייטן יונגן ווײַב מיט עלטערן רויטן מיידל — א פיר־ און צוואַנציק־יאָריק באָכערל מיטן נאָמען „זוזיא", אַזוינעם, וואָס האָט קינדווײַז גערעדט העברייִש, נאָכדעם זיך אויסגעלערנט בוכהאַלטעריע, אַזוינעם, וואָס זמוול אַליין זאָגט אויף אים:

— ער?...

— ער ווייסט שוין האַפּקע יאָ, ווּהין מע פאָרט, ווען מע וועט „אַהין" קומען און ווי אַזוי מע זעט „דאָרט" אויס

זוזיא איז איינמאָל געקומען אַהער אין וואַגאָן, געשמועסט דאָ מיט א פּאָנים, וואָס ווײַל מע זאָל עס ניט האָבן געוואַשן, דאַרף מען עס אָקאָרשט נאָכאַמאָל רעכט אָפּשווענקען, קעדיי מע זאָל קאָנען דערזען, וואָס טוט זיך אין דעם. ער האָט דערציילט וועגן אָרט, וואוהין מע פאָרט, געוואוסט גענוי אַלצדינג — יעדער פּיצעלע. און וואַגאָן האָט מען מער געקוקט אויף אים, איידער געהערט, וואָס ער זאָגט. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי יידן וועלן וווינען „בײַ זיך אַליין":

„אַליין אײַנגעם".

— „אויף אייגענער שפּראַך".

— „אויף ייִדיש, הייסט עס"...

אין וואַגאָן האָט קיינער ניט פאַרשטאַנען די בסוגע, וואָס ער זאָגט דאָ אָן — מע

וועט שוין קיים אמאָל מיט מאָל רײדן ייִדיש... א גרוילע ואף רער באָבע אף זײַנער! —ווי גלײַך בוז-הער האָט מען גערערט טערקיש. מע האָט געקוקט אף אים און געשוויגן. בלויז קאָפּל גרינעוועט—צווישן די זעק, וואָס אין טונקעלן ווינקל — האָט בעריש אָפּגעווישט די טרוקענע הענט אָן אייגענעם אונטערהייזלעק און שטיל א בורמשע געטאָן:

— זאָל ער זיך גיין, דער ארוואַקאַט. מע דאַרף ניט קיין באַלדאַרישן...

אינמער אים האָט פרויעם משטערנאָבעלער פאַרדרייט דעם קאָפּ צום אייגענעם לינקן אקסל און אויך געמאָן א קרעכץ. איינער דער „פּאַלאַטע“ האָט זיך שטאַרקער אָנגעצונדן זײַן מאַכאָרקע-קויל. כּומבע קאָראַלוווקער האָט מיר נעדרעמלט. איינע פון די ווײַבער האָט געוואַשן און א מילמער, אַנדערע האָבן עפּעס רערוואַרמט באַם אויזערנעם אײַוועלע. מיט א שטאַר אויג האָט בענו פרינץ געקוקט, ווי פויל ער פאַרלאָזט דעם וואַגאָן, אָט דער „וואַזיא“ — אַזוי זיך... ווי איינער, נאָך ווען מע האָט דעם שאַלאָמן-שאַטעם ניט געשיקט. באַ פּעניען אין מויל האָט זיך אף א רענע פאַרטראַכט איינעם פון די קערלער, וואָס ער האָט אהין פּאַמעלעך ארײַנגעלייגט — לעבן יענע, צו ווען מע קאָן האָבן טײַנעם, איז ער אפילע קיינמאָל ניט געשטאַנען, אָ-דער „וואַזיא“. דער איינציקער אין דעם זינען איז דאָ אין צוג נאָך אליץ געווען שימקע. פון אים וואָלט מען שוין ראַפּקע יאָ געוואָלט הערן, ער זאָל עפּעס רײדן און עפּעס צוזאָגן. איז ער אָבער אַזאַ, וואָס שווײַגט אינמער און הוט זיך — אך, ווי ער הוט זיך!

.3

אָט שטייט מען שוין ווידער אף עפּעס נאָר א קליינער סטאַנציע.

מע שטייט שוין אַזוי א האַלבן טאָג און מער. דער טאָג איז ראַפּקע זייער זוניק, בין גאָר וואַרעם און שטיל. נאָר ס'האָט דערעסן. קיינער הייבט נאָך אליץ ניט אָן צו ווײסן:

— ווי לאַנג וועט מען נאָך שטיין?

ניטאָ אפילע באַ וועמען צו פרעגן:

פאַרוואָס שטייט מען?

אַזאַ זאַך, פאַרשטייט מען, קאָן פאַרדריסן. מע הערט שוין הײַנט צום ווינפּלטן מאָל, ווי האָבן קרייען ערגעץ אף יענער-זײַט רעלסן לעבן א ווײַט און פרעמד פויגעריש שטיבל — די אייגענע האָבן האָט מען הײַנט געהערט קרייען, ווען עס איז נאָך טאָג געוואָרן. קאָפּל גרינעוועט רוקט זיך ארוים פון צווישן די זעק, וואָס אין טונקעלן וואַגאָן-ווינקל, באַווײַזט אַלעמען זײַן נעקייפּלטע נרוים, פאַרקוקט זיך אף די אייגענע פּנים און די שטיוול. בלויז צוליב דעם, ראַכט זיך, איז ער פון זײַן ווינקל ארויסגעקראָכן — צוליב א קוק טאָן אף די אייגענע שטיוול. מער, קאָן מען זײַן זיכער, וועט ער גאָרניט ניט טאָן. דאָך — ער בעט אַרויף א שווערע האַנט אפן אייגענעם געזונטן קאָרק און מוט א פּאָנפּע:

רעהראָזיקער...

— פרוסקער...

— ער האָט אויך געזאָגט: „אף מײַן אָרט בלײַבט שימקע“...

— שימקע, האָט ער דאָך געזאָגט, זעט טאָן אַליין, וואָס מע דאַרף.

אליין האָט ער דערבײַ אַראָפּגעלאָזט א קרים מויל, שמייכלט צו, ווי איינער, וואָס זאָגט אכאַטמע. נאָר קלאָר ווײסן קאָן מען ניט — עפּשער האָט ער א מעווע ציצישמייכלען מיט אקרומלעך מויל בייט ער האָלט בא נעבן עמעצן פּעמש? דאָ האָט זיך אָנגעהויבן א געהערערײַ — אַזאַ, וואָס וועט פון מאָל צו מאָל בייזער:

— מע שטייט און מע שטייט.

— כע האָט רען א שיר ?

— קיינעם אַרט עס ניט.

— מע קאָן דאָך אַזוי—אייביק.

פון זײַוולס וואַגאָן איז מען אהער געקומען צולויפן — מאַנסבּלען, דער איקער ווײַבער — אַלע מיט טענעס צו שימקען:

— ניט געראַכפּט אף זיך נעמען!

— ניט געזאָלט פרובקען אָפּלאָזן.

שימקע האָט דערויף געענטפערט — צו־ערשט מיט זייער א קאַלמן און זייער א קלאָרן כּמעט-האַרניבער:

— ערשטנס האָב איך קיינעם ניט אָפּגעלאָזט, קיינעם און גאָרנישט אף זיך קיינמאָל ניט גענומען.

דערנאָך — מער וואַרעם, אײַנבויגנדיק אַן עלנבויגן און פאַרקוועטשנדיק א פויסט:

— צווייטנס, באַם נאַטשאַלניק בין איך שוין געווען איין מאָל, צוויי מאָל און דרײַ

מאָל, זיך שוין מיט אים קוים געשלאָגן.

הערנאָך — פאָכנדיק מיטן פויסט אײנ־דערלויפט:

— דריטנס, כ'האָב געזאָגט: „מאַכט מיך ניט פאַר קיין פּרעדסעדאַטעל.

דאָ האָט ער זיך אָנגעהויבן גרייטן אַף צו לייגן זיך צוריק שלאָפן, געהאַט דערבײ נ.ש־קאַשע פון א קעמפערישן אויסזען — אַז אַקשן, וואָס וועט זײנס דערווײַל און וועט זיך ניט לאָזן „אַרײַנפּאַקן"—געוואָרן ביז גאָר רויט, אויסגעשפּיגן:

—מע פוילט זיך ניט און מע מוט אליין.

— יאָ!

— כאָמאָמסמאָיאַמעלנע מענטשן...

ס'האָט געוואָלט חאָ אפן אָרט דערווײַזן ווערן: האָב וואָס שיטקע שרײַט איז א קליי־ניקייט — מע קאָן אים איבערשרײַען, עס האָט אָנגעהויבן ווערן וואַרעם. נאָך דעמסט־מאָל האָט דער וואַגאָן, ווי פון זיך, געגעבן א שפּרונג־אונטער — אינטרויסן האָט מען צוגעשטעלט א לאָקאָמאָטיוו. דער צוג האָט פויל גענומען רירן, האָט מען זיך צעשאָכן, ווער — אין זײַן וואַגאָן, ווער אין זײַן ווינקל, אלע אויפגעריידערטע — הייסע אויגן. וואָס געבן צו וויסן:

— ס'עמציך נאָך מאָן!

— קיין רײַנע ניט.

— ס'האָט זיך ערשט אָנגעהויבן.

— מ'עט לעבן, וועט מען זען...

דער „מ'עט לעבן, וועט מען זען" האָט געוואָלט פאַרקומען שוין אַף מאָרגן, ווען דער צוג האָט זיך באַנײַם אָפּגעשטעלט, נאָך יינגוואַרג, פון א יאָר אכטצן און עלטער — יענע, וואָס פאָרן באַזונדער אין א וואַגאָן, זינגען ייִדיש, אוקראַיִניש, קאָמיוניסטיש, לאַכן, ראַנגלען זיך צווישן זיך — זײַנען אַהער געקומען, גענומען אײַנטײַנען, אַז סע גיט מעסיקן, אויב מע פאָרט אַפילו לענ־גער, מע דאַרף זיך עס ניט נעמען צום האַרצן. יונגע יאַטן האָט זיך דאָס מאָל אײַנ־געגעבן אײַנצושטילן דעם אוילעם. הערנאָך — דער צוג איז נאָך אלץ געשטאַנען — האָבן זיי נעפּראַווש זייערע קויכעס באַם אויפהייבן א שווערן קלאָץ, וואָס ליגט באַ די רעלסן. אַרקע באַסקער האָט עס גע'מאַכט מיט קאָפּ, ווי א פיזקילטורניק־קאָמיוניסט, געלערנט דערבײַ אלעמען, ווי אַזוי צו פאַר היטן די מוסקולן אַרום די לענדן:

— בלויז מיט די הענט — אָ!

וועלוול — קאָפּל גרינשוועטרס הרײַ און צוויאַנציוקיאַ. קעג יאַט — האָט אָנגעשפּיגן אין די פויסטן, ווי א שטיק פּרייליכער כאַ־פּעניש אָנגעשטויסן א טיך:

— לאָז. וואָס טיג מיר באַמטעס?

זײַן פּעבקע קנילעכיק פּאָנעם מיט די קליינע קוועלנדיקע אויגן—ווי די גאַנצע צײַט וואָלט זיך עס פּרייען אַפילו אין שלאָף:

— איך אַרבעט שוין מער ניט באַ אינזער דעם סמאָליער.

ער האָט ליב, מע זאָל אים אומיסטן פּלוי־צים־דערינען א פרעג טאָן:

— באַ וועלכן איצי דעם סמאָליער?

ער וועט דאַן פּרייליך אויסשרייען:

— באַ אינזן מיט די סאַך מוידן!

אפילו מאָרגע איז צוגעטראָטן אויפצו־הויבן דעם שווערן קלאָץ ליבע סימכע קאַ־ראָלעווקערס — א לענגלעכער, א דאַרער מיט א דין גרויזינער פּאָסיקל אפן שוואַרצן העמדל. אַף זײַנע שוואַרצע אײַנגעפאַלענע באַקן אַרום די אַרויסגערוקטע פּוילע ליפּן האָבן א שוים געגעבן טריבע וואָלקנס, ווי באַ אײנעם, וואָס זאָגט:

— וואַרט, דאָ דאַרף מען א טראַכט טאָן מאַטעמאַטיק...

דאַנעגען איז דאָרט זיך נאָר אַנדערש באַ־נאַנגען דער קלײַנוויקסיקער פּריבאַוואָק־סענער מאָטל שקלאָווער — ווען אלע האָבן זיך שוין געהאַט אומגעקערט צוריק צום וואַגאָן, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, צי קיי־נער איז ניטאָ. געגעבן אַף גיך אַהייב דעם קלאָץ, געזען, אַז ער קאָן און זיך באַרויִקט.

וואָס איז שײַך צו זוזיא בראָדסקי, איז ער דאָן — ווי אײנער, וואָס פאָרט נאָרניט מיט יונגוואַרג און איין וואַגאָן — געשטאַ־נען מיט עטלעכע קלאָפּטער ווײַטער, גע־האַלטן די הענט און די טאַשן פון די צוגע־טראָגענע הויזן און צוגעקוקט. נאָך אײ־דער ער האָט באַוויזן די הענט פון די טאַשן אַרויסצונעמען, האָט אים שוין די עלטערע שוועסטער פון וואַגאָן א געשריי גע־טאָן:

— זוזיא, ניטע! וועסט זיך עפּעס אָנאַר־בעטן.

ווען דער צוג האָט שוין געוואָלט רירן, האָט דער מיידלשער צאַד צווישן יונגוואַרג נאָך אלץ געהאַט אַרבעט — געריסן צוריק

אין וואַגאָן אַריין יעדן יאָט, וואָס רוקט פון דאָרט דעם קאָפּ און שרייט אויס פּמאָם אַזוי זיך:

— זוזיא, ניטע! וועסט זיך עפּעס אָנאַרבעטן!

.4

פּאַ יוגנוואַרג אין וואַגאָן — אַז מע קוקט אַהין אַריין — דערזעט מען צוערשט: אַ פּאָר פאַרבוקע פּלאַקאַטן אויף די ווענט דוקפן צו קאָמיוגע-לעבן. העכער די פּלאַקאַטן — לאַזונגען פון לענינס און סטאַלינס רעדעס, אויפגעשריבן מיט יידישע און רוסישע אויסיעס אויף רויט פּאַפּיראָס-פּאַפּיר, באַפּוצט מיט צוגעטרוקנטע בעריאָזע-צווייגלעך, וואָס מע האָט אָנגעבראָכן אין וועג. די געלעגערס, וואָס אין ביידע זייטן אויף די צוויי-גאָרנדיקע „נאַרעס" — צוגעגלעט-פּאַדעקט, די פּאָרלאָגע-פרעמער — אויסגעקוקט, באַנאָמען פון אַ משעניק, קעדיי אין וועג זאָל דער אָנגעפלויגענער שמויב זיך גלייך אָפּזעצן. בעני פּרינץ, פרויעס משעינאָבעלער, אַנדערע פּאַמיליעס פוגעס וואַגאָן, ווי עס פּאַרט זייעל פּראָסקי, האָבן ווי פּאַרגעסן, אַז זיי האָבן דאָ אין וואַגאָן זייערע מיידלעך — ניט זיי אַליין, ניט זייערע ווייבער קומען אַהער ווען-ניט איז אַ קוק טאָן. בעני פּרינץ, ווען דער צוג איז איינמאָל געשטאַנען, איז יאָ צוגעקומען אַהער, נאָר אַזוי זיך — ניט ווי אַ טאַטע, — געשטאַנען דאָ אַ ווײַלע, געוואָרפן פּאַמעלעך קוקלעך פון דער זשמוגיע און פאַרטראַכטן מויל אָדען, אַרײַנגעקוקט מיט אַ שטאַר אויג אין וואַגאָן אַריין. ער האָט דערזען אַ הענגנדיקע צוויי-רערנדיקע ביקס אויף דער וואַנט, זיך מעיאַשעוו געווען מיט אַ ניט-צעקנאַקט קערל אין מויל, אַ פרעג געגעבן:

— וועמעס ביקס?

אַ מיידל האָט אָנגעוויזן אויף אַרקע באַסקער:

— זײַנע.

בעני האָט אויסגעדרייט זײַן קאָפּ צום מיידל, זי אַ ווײַלע באַטראַכט מיטן שטאַרן אויג, — האָבט זיך פרויעס משעינאָבעלערס, גערעדט אין פּאַטער: אַ שוואַרץ-געקרײַזלטע, גיזערויק-פּעסמע, שטאַרק אין די אַקסלען, די באַקן רויטלען זיך נאָך, ווי פּאַ אַ פּלאַטפּלעצל, און די שוואַרצע אויגן שמייכלען שוין אַזש אַגמער פון וואַרעמען פרען, און שאַרף-אַרויסשטעקנדיקן געזל—גישקאָשע פון אַ „פּאָרציע-שיינעץ".

בעני — קאַלט צום מיידל:

— ווי רופט מען דיך?

דאָס מיידל — וואַרעס, ערעוו-לאָבנדיק צו בענין:

—פּעסל — זיך לעבעדיק אַ ווינק געטאָן, — וואָס אין-דען?

מיטן זעלבן אויג האָט בעני שטאַר אַ קוק געטאָן אויף אַרקע באַסקער, געוואָלט ווי־סן, צי ער שטויסט זיך דיבטיק אָן:

— אַ קאָמסאָמאָלעץ?

פון דער זײַט האָט אויסגעקנאַקט וועלוול:

— אָ-אָ! — שוין געווען אין קראַסנע אַרמיע, פּערוו! אַוויאַכים!..

נאָר בעני האָט זיך צו אים ניט אומגעקוקט, אַלץ באַטראַכט דעם שלאַנק-אויסגעבראָוועטן אַרקען:

— וועמען וועסטו דאָרט שיסן — אַ מערק?

וועלוול — פּגורעהײַט:

— ער וועט שיסן בערן.

אַרקעס בליק האָט געהייסן וועלוולען שווײַגן:

— לאָז אויסרעדן אַ וואָרט.

ער האָט באַקומען אָנגעצן און ערנסט פּאָנים, געזאָגט בענין, אַז דאָרט, אין בי־ראָבידזשאַן, איז פּאַראַן, וואָס צו שיסן, אויסגערעכנט אַ ביסל סאָרטן:

— ווילדע קאַטשקעס, ווילדע גענדז, קיליקעס, ווילדע ציגן, ווילדע כאַזירים, אַזעלבע גרויסע, קימאַט קי, וואָס מע רופט זיי „סוכאַטאַ"...

פאַר בענין איז עס אַפּאָנים, געווען געניג, ווײַל ער האָט איבערגעשלאָגן:

— פּגוואַנעז ווייסטו? ביסט דען דאָרט געווען?

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן: אַרקע האָט אַ באַוער, אַן אינזשעניער אין יענע מעקוימעס — אין כאַבאַראָווסק — האָט אים יענער געשריבן: „אין אַ רו-טאָג, אַז מע גלוסט זיך, נעמען מיר די ביקסן — און נאָך אַ פּאָר כאַוויירים — מע לאָזט זיך אַרויס צו דער טײַגע, האָט מען גאַטרעס פלייש אַף צוויי-דריי וואָכן".

בעני האָט געפרעגט:

— וואָס נאָך שרײַבט ער פון דאָרט?

ארקע:

— נאַטירליש, אזוי... א לאַנד, ווי אלע לענדער... וועלדער, טאָלן און בערג...

— בערג?

בענים שפּאַר אויג האָט מער צו קיינעם ניט געקוקט; ער האָט, אַפּאַנים, א טראַכט געטאָן, צו וואָס קאָנען אים, דעם געוועזענעם בעדער, טויגן בערג.

ער האָט קאַלטלעך געזאָגט:

— אז איר ווייסט יאָ עפּעס, וואָס דאַרף טון זיך, איז וואָס־זשע שווייגט איר?

ער האָט צוגעגעבן:

— וואָרן אויב מע וועט אויך דאַרפן וואַרטן מיט הייצן די באָד ביז א רייכע נעפּמאַנקע וועט דאַרפן גיין אין מיקווע אריין, טאָ זאָל עס גיין צו אלדי רוכעס. דאַרף איך עס אף קאַפּאָרעס...

און ער איז אוועק גאַנץ פּאַמעלעך צוריק צו זיין וואַגאָן, אהין ווו נאָך אנדערע האַלטן פּונקט, ווי ער:

— אויב די אייגענע מוטשעניע, וואָס אנדערהיים, דאַרף מען עס אף קאַפּאָרעס.

יונגוואַרג האָט אים נאָכגעקוקט און געהערט מיקוויעד דעם, וואָס פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס מע פאָרט האָט מען געמאַכט סאַכאַקל עפּעס איינע אָדער צוויי פאַרזאַמלונגען.

מע האָט באַשלאָסן:

— א נייע אלגעמיינע פאַרזאַמלונג.

— וואָס ניכער.

— פון זייוולס וואַגאָן, וועט מען ווידעראַמאָל ניט וועלן הערן?

— מע וועט הערן, מע וועט הערן.

5.

יונגוואַרג ווייס דאָך מער, ווי די עלטערע, וואָס אַרום־ און אַרום און וועג טוט זיך. מע האָט מיט זיך עטלעכע אויסגעלייענטע צייטונגען, ווו ס׳רעדט זיך וועגן דעם אָרט, וווהין מע פאָרט, וועגן די דאָרטיקע פּערספּעקטיוון פאַר יידישע דעקלאַסירטע און אַלערליי אַרבעטנדיקע. מע האָט מיט זיך א געאָגראַפישע קאַרטע, אין וועלכער מע קאָן זען, וווּאזוי מע פאָרט און דורך וואַנען מע פאָרט. אף צו ווייזן עפּעס אין דער קאַרטע איז אַרקע פאַסטער דער גרעסטער בעריע. ווי נאָר מע פאָרט אָפּ פון א סטאַנציע, לייגט ער זיך אוועק מיט דער פאַנאַנדערגענומענער קאַרטע אף דער „נאַרע" און זוכט אין איר אויס די פּינע ערטער ווו מע וועט דורכפאָרן. אזוי איז געווען צוריק מיט א טאָג צוויי, ווען מע איז פאַרביגעפאָרן נאָוואָסיבירסק. די שטאָט האָט אַרקע געפונען אין זיין געאָגראַפישער קאַרטע:

— אָ! האָרט באַם טייך אָב.

ס׳איז געווען ווייניק — אף אזוי פיל, אז די קאַרטע האָט שיר ניט גענומען פאַרלירן איר כיין, וואָרן ס׳איז דאָך עפּעס נאָוואָסיבירסק — וואָס איז עס? — מע זאָל האָבן א טאָעס?..

דער איבערוואַנדערער־צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט ווייטלעך פון וואָקזאַל אף רעזערוו־רעלסן. אַרקע איז אַראָפּגעשפּרונגען, זיך א שאַר געטאָן צווישן די פיל צוגן אף רעכטס און אף לינקס — אלץ רעזערוו־שווערע, שמוציקע און בלינדע. שטיל. בלויז איין לעבעדיקער מענטש שאָקלט זיך לעבן א צוג, האַלט א האַמער מיט זייער א לאַנג הילצערן הענטל, קלאַפּט אָן אין יעדער ראָד — נישקאָשעדיק אויסגעשמירט. קומט א קוימענקערער. אַרקע האָט זיך מיט אים צערעדט, געקוקט די גאַנצע צייט, ניט אזוי אף יענעמס שוואַרץ־געשמירט פּאָנים, ווי אף זיינע ווייסע געזונטע ציין, זיך גלייך דערוווּסט:

— שוין האָפקע ניט קיין טאָעס.

די ווייסע שטאַרקע ציין — אַפּאַנים סיביריער, אַרטיקע — האָבן פּאַמעלעכקע א לויב געטאָן די שטאָט און טאָג אריין:

— שוין איינמאָל א שטאָט!

— ערשט־אָ, נאָכן בירגער־קריג, געהאַט 67 טויזנט איינוווינער, איצט — שוין אריבער צוויי מאָל אזויפיל.

— נאָך מיט א סמיטשיק.

— בויט זיך און בויט זיך.

— פאַבריקן דורכויס אַרום.

— שפּאַן צום וואָקזאַל.

— פון דאָרט זעט מען.

אַרקע האָט זיך פאַלד אומגעקערט, אזוי פון אָנגעדרוגלט אַרום זיך די יונגע כעווירע אין וואַגאָן, אז אלע האָבן זיך דערפילט „פּערווע מעכוטאָגים" און דעם, וואָס די כאָוועמנאַכט מיט דאָ אות, זיך אַרומגעבערשט, אַרומגעוואַשן, איינגעגעסן מיט אַקען אוועק צום וואָקזאַל קוקן. פון איבער

דעם שטייערנעם פאַרקן, וואָס טיילט אָפּ דעם הויכן וואָקזאַל פונעם נאָענטן גרוהעריקן שטאָל, האָט מען געזען:

— סע בויט זיך און בויט זיך.

— אומעטום... זע...

— און בײַדע זײַטן באַן.

— באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ....

— אָן דאָרט, גאַנץ ווײַט—אויך: סאַראַ הויכע רעשטאַוואַציעס!

— וואָס איז דאָס? — פאַבריקן?

אָף דער וואָקזאַל-פּלאַטפאָרמע, ווי מע האָט זיך אַרומגעדרייט, האָט מען נאָכאַמאָל באַגעגנט דעם אויסגעשמירטן מיט די ווײַסע שטאַרקע סיבירער ציין. איצט האָבן די ציין געלאַכט, געפרעגט:

— נו?

ווי איינער רעדט:

— עפּשער געזאָגט א ליגן?

דערציילט, אז דאָס אַלץ, וואָס מע זעט פונדאַנען, איז נאָך אַקליינינקייט — מע וואָלט געמעגט א קוק טאָן, וואָס אהין ווײַט און געגנט טוט זיך.

זיך צעבעריעט מיט בײַדע פּאַכנזקע הענט:

— טייהון-אָ איז קוזבאַס.

— נאָך ווײַטער, מ'אהין —טורקסיב.

— אהא!... טורקסיב...

וועגן טורקסיב האָבן געוווּסט אַלע. אז מע האָט זיך אומגעקערט צוריק און וואַגאָן האָט מען באַניים גענומען און דער אַרבעט די געאָגראַפישע קאַרטע, מיט ברייט-צעגומענע אויגן נאָכגעקוקט אַרקעס פינגער, וואָס טײַטלט אָף איר, אונייגעם מיט אַרקען אָפּגעגאַנגענע אַביסל אָגאַזייט פון צוג, געשטאַנען, זיך אײַנגעקוקט און דער ווײַטער-ווײַט. פון די וואַגאָנעס האָבן עס באַמערקט עלטערע. זמויל בראָדסקי איז אהער צוגעגאַנגען, זיך דערפרעגט:

— וואָס איז?

מע האָט אים געענטפערט.

— אהין-אָ איז קוזבאַס.

— און אהין — טורקסיב.

זמויל האָט געהאַלטן איין האַנט פאַרזוקט און אַרבל פון דער צווייטער, געקוקט ניט אזוי אהין, וואוהין מע ווײַזט אים, ווי אָף יענע, וואָס ווײַזן אים. ער איז געווען גרייט גלײַך זיך אומקערן צוריק. ער האָט געזאָגט:

— מעשוגאָים!

ער האָט צוגעגעבן:

— כ'האָב געמיינט, מע זעט דאָרט א פּאָזשאַר.

.6

אומעטום שטעקט ער אַרײַן זײַן נאָז — זמויל בראָדסקי.

אזא איז ער געווען בײַ זיך אינדערהיים, אזא איז ער אויך איצט און וועג.

ער האָט זיך שוין דערוווּסט, אז וואָס עס איז שווער צו איבערפאָרן פון איין אָרט אפן אַנדערן, זייגען יידן איצטערט-אָ ניט די אייגציקע —אָף גרעסערע וואָקזאַלן טרעפט מען דאָ צוגן נאָך מיט אַנדערע, ניט-יידישע איבערוואַנדערער. דאָס האָט ער דערציילט, ווען דער צוג אָף איינער א סטאַנציע האָט זיך פאַרהאַלטן און איבעריקע האַלבע-שאָ און אַלע פון זײַן וואַגאָן זײַנען געשטאַנען אינדרויסן. אַרקע פאַסקער איז דאָרט אויך געשטאַנען, געהערט, ווי זמויל זאָגט צום אוילאָם:

— מע לויפט...

אַרקע האָט בלאָוולער-גרויע בוילעטע אויגן. אז ער ווערט איבערגעראַשט, ווערן אים די אויגן נאָך בוילעטער, דערמאָנען אָן די אויגן פון א שטראָוס. אזוינע זייגען זיי בײַ אים געווען, ווען ער האָט בײַ זמוילען געפרעגט:

— וואָס הייסט עס „מע לויפט"?... פונוואַנען?

זמויל האָט דערויף געענטפערט:

— וואָס פרעגסטו מיך? — זעסט ניט גלײַך מיט מיר?

אַרקעס אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן, געוואָרן רויט:

— עפּשער איז עס דערפאַר, וואָס די מאָדערנמאַכט לאָזט אויסקלויבן ווינען, ווו מע וויל? עפּשער גאָר דערײַבער פאָרט מען?

זמויל האָט דערויף א מאַך געטאָן:

—ווער עס האָרף, יענער פאָרט.

אַרקע:

— און וואָס פאָרט איר?

זמויל:

— וואָס-ושע? איך דאַרף זיך פאַר דיר מיסוואַדע זײַן? בײַסט א גאַלער?

וועגן זייוולען האָט ארקע נאָכדעם געזאָגט צווישן יונגוואַרג:

— וואָס דאַרף מע „אחין" דעם זײַדענעם יידן? וואָס וועט ער דאָרט טאָן?

וועגן ארקען האָט זייוול נאָכדעם געזאָגט צו יענע, וואָס פאָרן מיט אים אין איין וואַגאָן:

— ער מיינט: א „האַבאַטש!", ער קאָן פאָרן מיט א טראַקטער, האָב איך זיך פאַר אים דערשראָקן.

ער האָט אפילע ניט געטראַכט אָפּהערן צו שפּיפּן אומעטום זײַן נאָז — טאַקע זייוול. און אנינסק—א גרעסערע סטאַנציע — האָט ער דער ערשטער זיך דערוווּסט:

— צום צוג האָט מען צוגעטשעפּעט א וואַגאָן מיט ניט-יידישע איבערוואַנדערער.

ער איז אוועק צו יענעם וואַגאָן, זיך דאָרט הייפּש געזאַמט און זיך אומגעקערט גאַנץ קאָנטענט —גרייט צו ענטפערן אף אַלץ, וואָס מע וועט אים פרעגן:

— מע פאָרט ערגעץ-וווּהין נאָך ווײַטער פון בוראָבידזשאַן.

— מע איז געפאָרן ביז יורגא מיט וואַסער — סיבּיריאַקעס.

—מע ענטפערט פויל — א וואָרט איבער צען.

דערהערט פון יענעם וואַגאָן עפּעס העבערע קוילעס, ווידער אהין אוועקגעשפּאַנט און זיך אומגעקערט מיט נײַעס:

— ס'איז א פישער-פאַמיליע טאַקע דאָרט אין וואַגאָן. מע פירט מיט זיך אַסאַך פישער-געצײַג, אַלערליי נעצן. סאַמאַקל הדרע אַנדרע — א מאַן, א ווײַב און א יונג מיידל — עפּעס יאָ א טאָכטער, צי ניט קיין טאָכטער — דאָס האָט מען זי געשלאָגן. איר האָט ניט געהערט אַהער די גוואַלדן?

נאָר אויב א מיידל, וואָס מע שלאָגט זי און זי וויינט, האָט עס מער אַשײַכעס צום וואַגאָן, ווי עס פאָרט יונגוואַרג. יאָטן האָבן שוין באַוויזן הייפּש אָפּצושטיין לעבן דעם נײַ-צוגעטשעפּעטן וואַגאָן און באַטראַכטן די פישער-פאַמיליע: דער פאָטער — אַן עלטערע אין פערציקיאָריקער מיט א פּנימדיק-רויטער קליינער באָרד, מיט קליינע ווילדע אויגן און בײַדע זײַטן פון דער שאַרפער, קרום-צעבראָכענער נאָז, די שוואַרץ-צעקנייטשטע מוטער — זייער אן אָפּגעפּאָרענע, א דרעמלדיק-מידע — זעט אויס עלטער פונעם מאַן אף א יאָר צוועלף-פופצן, דאָס יונגע מיידל — א טונקל-בלאָנדע מיט פײַכטלעכע גלאַט-אויסגעקעמטע האָר, מיט א לענגלעכן, זונ-אָפּגעברענטן פּנים, ניט געראָטן ניט אין פאָטער, ניט אין דער מוטער. דער מיידלס פאַרווײנטע אויגן — בלאָווע, שמאָל-פאַרזאָרגט, ווי בײַ א גרויסן אקשן, וואָס ווײַל מע זאָל אים ניט טרייסטן, האַלט ער אַלץ אין איין טראַכטן: „וואָס איז מיר די וועלט" וואָס האָב איך פון איר"? אַנגעטאָן איז זי אויך ניט וואַשנע: א שמאָל-געוואָרן ראָזיציצן קאָפּטל, וואָס פאַרדעקט קוים אירע יונגע ברוסטלעך, א קורץ אָפּגעפּליאַקעוועט-געל קליידל — זייער א דינס מיט א גרויסן פאַרצערעוועטן רים, די פיס — באָרוועס. און אליין האָפּקע א שלאַנקע — אף אירע פיס וואָלטן געפּאַסט די דינסטע זאָקן. יונגוואַרג האָט באַטערלעכט — טאַקע בײַ יענע, וואָס פאָרן אינעם נײַ-צוגעטשעפּעטן וואַגאָן — שוין אויסגעטאַפּט די גאַנצע געשיכטע, פאַרוואָס די פישער-פאַמיליע לעבט ניט בעשאָלעם צווישן זיך: דאָס מיידל ווײַזט זיך אַרויס, איז נאָך ניט זייער טאָכטער — זי איז נאָך דער שוואַרץ-צעקנייטשטערס א פּלימעניצע. דער רויטער וויל מיט איר לעבן. זײַן „אַלטע" איז אויך דערפאַר, ווײַל ס'איז סײַ ווי אירע א פּלימעניצע, און אויב דער רויטער וועט זיך צוזוכן א פרעמדע, וועט ער זי, די „אַלטע" אויסנאַנצן און אַרויסוואַרפן. דאָס מיידל האָבן זיי געשלאָגן דעם גאַנצן וועג -- איצט טרײַבט מען זי פון וואַגאָן. יונגוואַרג האָט אפילע ניט באַוויזן זיך צונויפרייערן צווישן זיך, זיך גלײַך פאָרן מיידל אײַנגעשטעלט, געבראַכט פונעם וואָקזאַל איינעם פון ג.פ.או. אינייעם מיט אים געטשאַטעוועט, מע זאָל דאָס מיידל ניט לאָזן איינע אליין דאָ אפן פרעמדן וואָקזאַל, מע זאָל זי מער ניט אַרויסוואַרפן פון וואַגאָן. פאַנאַכט, ווען דער צוג איז אוועקגעגאַנגען, האָט יונגוואַרג אויסגעטיילט בײַ זיך אין וואַגאָן א וואַך, קעדיי צו זען, וואָס וועט זיך טאָן אף די ראַזיעזדן. פאַרטאָג, אף איינעם א ראַזיעזד, האָט מען דאָס מיידל פונעם צוגעטשעפּעטן וואַגאָן אַרויסגעוואָרפן און פאַלד צוריק צוגערוקט די וואַגאָן - טיר. זייער שטיל, ווי אף

די שפּיץ פינגער, האָט די וואַך אַרײַנגעפירט דאָס מיידל צו יוגנוואַרג און וואַגאָן — אַזוי איז געווען אָפּגערעדט:

— אויב אַזאַ פאַל וועט זײַן, זאָל מען זי אַרײַננעמען צו זיך בעסער, אָן יעדן מינסטן ראַש.

דאָך, פון יוגנוואַרג איז שוין קיינער מער ניט געשלאָפן, געהאַט אַרבעט—אַלעמאָל, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט דאָס מיידל געוואָלט אַנטלויפן, מוירע געהאַט: דער דוימער וועט זיך דערוווּסן — ער וועט זי האַרגענען. פעסל — פרויעס משעורגאָפּעלערס—האָט דערוווּסט, „אַז אויב מע דאַרף עמעצן צוריידן מאַקע אַף אַן עמעס, מיט האַרץ, איז לאָזט מיך“. זי איז געוויר געוואָרן פאַס מיידל, ווי מע רופט זי:

פלאַשקאַ, אָדער פלאַשאַ.

זי האָט די גאַנצע צײַט געהאַלטן איר האַנט אַף פלאַשעס אַקסלען, זי גאָבריעס פאַנלײַט אין געהיט אין יענע פאַלן, ווען פינגעס שטיין-געפּלוּבענעס וואַגאָן האָט מען געמאַזט אַף אַ רעגע אַרויבגיין. דער דוימער פינגעס ווײַטן וואַגאָן האָט דאָך עפּעס דערזען, דערשמעקט. פּאַמאַג אַף אַ קליינער סטאַנציע איז ער אַהער געקומען, געפאָרערט מע זאָל אים פלאַשען אָפּגעבן, זיך געוואָלט שלאָגן. יוגנוואַרג האָט אים אין וואַגאָן ניט אַרײַנגעלאָזט. אַזוי איז געווען אַ גאַנצן טאָג אומלעבס מאָל, וואָס דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, ביז מע איז שפּעט אין אָוונט אָנגעקומען קיין קראַסנאָיאַרסק. דאָרט איז יוגנוואַרג פאַנײַס אַוועק אַפן וואָקזאַל צו ג. פּ. או., געבראַכט פון דאָרט אַזש דרײַ מיליצאַנטן. דעם דוימען מיט זײַן שוואַרץצעקנייטשטער אַלטער, האָט מען אַרויסגעזעצט פינעם צוגעמשעפּעטן וואַגאָן, אים געלאָזט אין קראַסנאָיאַרסק. אַלע איבערוואַגדערהער אין דייערע וואַגאָנעס זײַנען שוין געשלאָפן. גאַנץ פרי, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ נײַער סטאַנציע, האָט מען זיך אויפגעכאַפּט און זיך דערוווּסט:

— פלאַשע פאָרט מיט יוגנוואַרג אין וואַגאָן.

בײַ זשמולען אין וואַגאָן האָט מע געזאָגט:

— בעסערער — אַ חאַמאַן.

מיט זשמולען אין וואַגאָן זײַנען מיט זייערע ווײַבער און קליינער קינדער געפאָרן הירשקע און יאָסל פעקער — צוויי ברידער מגליאַרעס. הירשקעס עלטער מיידל ביילע — אַ לאַנגע מיט שוואַרצע גלאַנציקפײַכטע אויגן, מיט די געשלאָסענע ליפּן— איז אַהער געקומען פון יוגנטוואַרג-וואַגאָן, געזוכט בײַ די עלטערן אין די פעק אירע אַ פּאָר זאָקן, ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, בלויז געשאָקלט דער ביישע אַ סך. אַזוי פון אײַן אים אַף אויגן; נאָר איר שמאָלער פנים אַזוי הויך, אַז אַלע אין וואַגאָן זײַנען געבליבן שטיל און זיך איינגעהערט. ביילעס מוטער האָט ניט געפילט, ווי איר לענגלעכע פיגור גליטשט זיך אַרויס פון מויל באַס זויגנדיקן קינד, וואָס זי האַלט אין שויס. זי האָט געפרעגט:

— וואָס איז? פון דער שיקסעס וועגן?

ביילע האָט שוין איין טאָג געהאַט געפּוּנען. זי האָט געפרעגט:

—און אַז יאָ, איז וואָס?

זשמול האָט אויפגעהויבן די הענט צו דער ברוסט און זיי פרום פאַרוקט אייגע אונטער אַרבל פון דער אַנדערער:

— קערבי צו וויסן—האָט ער געפרעגט,

— איר וועט זי מיטנעמען מיט זיך קיין בירָאָבידזשאַן?

ביילע האָט געפונען דעם אַנדערן זאָק און איז אַוועק אָן אַ ענטפער.

זשמול האָט געזאָגט:

— אַ קאָמעדיע, אַף מײַן וואָרט... ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן.

און ער האָט גענומען קוקן אַרום זיך בײַז, אַלעמען קיינעם אַרט עס ניט. אַ גאַנצן טאָג, אומלעבס מאָל, וואָס מע האָט זיך אַף אַ סטאַנציע אָפּגעשטעלט, איז ער מיט פאַרלייגטע הענט אין די אַרבל געגאַנגען שפּאַצירן לענגאויס דעם צוג — אומזיסטן, קעריי צו כאַפּן אַ קוק, וואָס בײַ יוגנוואַרג אין וואַגאָן טוט זיך — זיך אַלעמאָל אומגעקערט מיט אַ גנײַס:

— יאָ... מע פירט זי קיין בירָאָבידזשאַן.

— זי וועט שוין זײַן עמעצנס אַ קאַלע.

— וואָס רעדט איר? אַקליינקייט? — אינטערנאַציאָנאַל!..

ער האָט גערופן צו זיך זײַן זאָזין און זײַן עלטער מיידל, אַרומגעשפּאַצירט מיט זיי לעבן צוג, ווי אַף צו דערווײַזן, אַז מיט דעם, וואָס בײַ יוגנוואַרג אין וואַגאָן קומט פאָר, קערן זיי זיך ניט אָן.

ס'איז געווען פאַרנאַכט, נאָענט צו זען זיך. זשמול האָט זיך דערמאָנט, אַז

ס'איז פרײַטיק, אָט־אָט פאַרגייט שאַבעס — פאַרוואָס זאָל מען בײַ אים אין וואַגאָן ניט דאַווענען, ווי פאַראַכטאָגן? — ווײַבאַלד אַ מנין איז פאַראַן אַ גרייטער, ער מיינט עס ניט אַזוי צוליב פרומקייט, נאָר פּאַשעט — סע פאַרקירצט אַביסל דעם וועג. צו די איבערוואַנדערער און די וואַגאָנעס האָט אַרײַנגעקוקט בעסל — פרויעס טשערנאָבילער, אָנגעזאָגט וועגן דער פאַרזאַמלונג, וואָס וועט זיך באַלד אָנהייבן בײַ יאַנקעוואַרט אין וואַגאָן. פון שימקעס וואַגאָן זײַנען אַלע אַהין אַוועק. די וואַגאָן־רעדער האָבן געדרימט. זעוולס וואַגאָן האָט געדאַוונט. בײַ יאַנקעוואַרט אין וואַגאָן, ווען די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט אַריקע באַסקער גערעדט אויף ייִדיש, דערנאָך גלײַך אויף רוסיש, קעדיי דאָס פרעמדע מיידל זאָל וויסן, וווּהין גייט מען זי מיט, פאַרוואָס פאָרט מען אַהין און וואָס וועט מען דאָרט טאָן. דער צוג איז שטייִק געלאָפן צו זעלטענע בערגיקע לאַנדשאַפטן, וואָס אַרום ניזשני־אודינסק, צו ניט באַהערשטע אומגעהויער־גרויסע שטרעקעס, וואָס אַרום דער בוריאַט־מאָנגאָלישער רעפּובליק, צו די קאָלאָסאַלע קוילן־רעזערוון, וואָס אין טשערעמכאָווער און טולונער בעקנס, צום קופּער, וואָס אַרום די אויבערשטע קוועלן פון טײַך ליענאַ און אַרום רוקן פון באַרג סאַיאַן, צו די אונטערבײַקאַלישע צינק־רײַכקײַטן, וואָס אין נערטשינסקי ראַיאָן, צום ניט אויסשעפּלעכן גאָלד, אַלומין, בלײַ, וואָלפראַם, מאָליבדען, וואָס בײַם בײַקאַל—די נאַכט פון פרײַטיק אויף שאַבעס האָט זיך צוגערוקט נעענטער דער צוג איז געלאָפן צום ניט־ווייניקער רײַכן לאַנד, וואָס הייסט בירעבידזשאַן, אַ צוג מיט איבערוואַנדערער — און אין איינעם פון זײַנע וואַגאָנעס האָט מען געדאַוונט, און אין אַנדערן האָט מען היים געפירט אַ פאַרזאַמלונג.

.7

די איבערוואַנדערער מיט זייערע ווײַבער אין די וואַגאָנעס — מערסטנס האָרעוואַניע־מענטשן, אָן פאַנטאַזיעס — ניט גלאַט אויף רופן זיך — פאָרט מען דעם לאַנגען וועג. און פּלוצים: וועמען קריכט אין קאָפּ פּלאַשאַ — דאָס ניט־ייִדישע פאַרעלנטע מיידל, וואָס יאַנקעוואַרט האָט אַרײַנגענומען צו זיך אין וואַגאָן? האָר, עס קומט אויס, ווי אַ טייל איבערוואַנדערער אין צוג הויבן אָן זיך אָנ־קערן מיט ניט־ייִדישן מיידל שטיקלעך קרויווים, כאָטש מע רעדט דערפון ניט. צו פרעמדע מענטשן קומען געפילן פּאַמעלעך, אָן אַ גלאָק בײַם טירל, שטיל, נאָר ערגעץ אויף דער אונטער־טיר.

שוין באַלד נאָך קראַסנאָיאַרסק, אויפן אַנדערן טאָג פאָרן, האָט זעוול בראָדסקי געקריגט פּלאַשען מיטן נאָמען:

— די „שנגר".

אַליין האָט ער עס טאַקע ניט געמיינט אַזוי צו גוטן, פונדעסטוועגן האָט דער נײַער נאָמען צום מיידל זיך גאַנץ פײַן צוגעקלעפּט. זעוול האָט געפּרוּווט צוגעבן פון בויזעק וועגן:

— אונזער „שנגר".

שפּעטער האָט ער עס געמאַכט נאָך אַביסל שטאַרקער:

— אונדזער „שנגר" איז אַ צנועה...

— איר האָט ניט געזען, ווי פרום זי גייט דורך?

— זי קוקט דאָך ניט אויף קיין מאַנסבילען... זי לאָזט אַראָפּ די אויגן...

נאָר געהאָלפן האָט עס ווייניק — ערגעץ אַרום האַרץ פון יעדן ייִדישן איבערוואַנדערער־צוג, בײַ טאַטעס און בײַ מאַמעס, האָט זיך שוין געהאַט באַוויזן עפּעס וואַרעמס. וואָס וואָלט געווען, אַ שטייגער, ווען אַ פייגל אונטערוועגס מאַכט זיך אַ נעסט אין עק איבערוואַנדערער־צוג אויף איינעם פון די וואַגאָנעס און פאָרט אויך מיט אַהין, אין נײַעם וויסטן „אָרט"? — עלטערע אין צוג וואָלטן היימלעך צוגעקוקט, ווי קינדער שיצן עס אויפן וואַגאָן־דאַך און מאַכן עס זייער פאַרדינטלעך, קעדיי דער פייגל זאָל זיך ניט דערשרעקן און פון דאָרט ניט אַנטלויפן. אָנגעשריגן אויף די קינדער וואָלטן דעמאָלט סײַדן זעוול בראָדסקי, זײַן באַיאָרט מיידל כּניע, וואָס פאַרן גיין שלאָפן האָט זי אַ פּגלן רויטן קאָפּ מיט קאָמישער־פּאַזירלעך אַפילע דאָ אין פּאַשעט־אײַנגעאָרדנטן וואַגאָן, אָנגעשריגן וואָלט עפּשער אויך דער קוים־קוים הינקענדיקער איבערוואַנדערער יודל ליפשיץ, מיט וועמען זעוול האָט בײַ זיך אין וואַגאָן די לעצטע טעג פאַרפירט אַ כאַווערשאַפט. בײדע, זעוול און יודל, רופן דאָ איינער דעם אַנדערן ניט פּאַשעט בײַ די נעמען, נאָר בײַ די פאַמיליעס — ווי אַלע אַרומיקע אין וואַגאָן. בײדע, אַז זיי שאַרן זיך דורך פאַרבײַ דעם שטיין־צעבלינבענעם

צוג, איז עס אומזיסטן קעריי צו זען, וואָס טוט זיך בא יונגוואַרג מיט פּאַלאַשען. ביי־דע שטעלן זיך גאָכדעם אָפּ און טוען א קוק אייגער אפן אגדערן. זמוול זאָגט צו יאָדלען:

— נו, ליפשיץ, וואָס וועט איר דערויף זאָגן?

יאָדל זאָגט צו זמוולען:

— וואָס זאָל איך דערויף זאָגן, בראָדסקי?

— מע זעט דאָך, אז ס׳איז פון נאָט...

זמוול האָט אזוי אויסגעזען, ווי ער און יאָדל וואָלטן נאָר וואָס האָבן אָפּגעזאָגט א שלאָל מיט קלוגע מאָכמעס — ער רופט צו זיך מייקל און ווינקט צו איר אף יאָדלען:

— כוניע, קום נאָר אַהער... הערסט, וואָס ער זאָגט?

.8

דער איבערוואַנדערער יאָדל ליפשיץ איז א קליינוווקסיק־ברייטלעכער מיט א פעטטער טאָמיר־רויטלעכער נאָז, מיט אַ סאַך פּיצע־לער־לעכעלער אונטער די באַקן, מיט זייער א נעדיכטער ניזדעריק־געציפּטער באָרד, וואָס איז פאַסגוויים שוואַרץ, פאַסגוויים גראָ, קיילכיקט צום האַלדז־צו און סטייעט דאָרט ניט. פאַר דער רעוואָליוציע, איך נאָכדעם בא „נעפּ“ איז ער געווען אן איינגייער: בא קאָנאָטאָפּער גווירים, זיי שמענדיק פאַר־זאָרגט מיט האָלץ אף ווינטער, מיט באַלמע־לאָכעס אף איבערוואַרפן א וואַגט, מיט אָנשמעקן, ווי־וואָס פאַרקויפט זיך ביליק. ער זאָגט אף זיך:

— כ׳בין גווען א פאַדריאַטשיק.

דאָס, וואָס ער הינקט נאָך איצט אונטער א קאַפּעלע, איז אים מאָקע דערפון געקומען —א שווערער קלאָץ איז אים געפאַלן אין רעכטן פוס, ביים א קאָנאָטאָפּער גווירהאָט זיך א מאָל געבויט זיין אנטוזשנע הויז. די לעצטע צייט איז ער געווען אן אן אַרטעל, וואָס ציט אויף קראַליקעס. וועגן אים זינגען עס נעגאַנגען די רייד בא יונגוואַרג אין וואַ־גאָן, ווען מע האָט האַרט איבערגעקלייבן די ביינדעלעך פון אַלע יענע איבערוואַנדערער, וואָס זמוול ענטפערט פאַר זיי גאַנץ ברייט־לעך:

— נא משאָרטשאַ האָרף מען די פּאַרזאַמ־לוננען אין וועג.

דער קליינוווקסיקער, פרי־און בלאָנד־באַוואַקסעני״ מאָטל שקלאָווער—גאָר־גאָר א שטילער—האָט אין יונגוואַרג־וואַגאָן — גאַנץ באַלייריקט א זאָג געטאָן צו שמע־קען:

— אפי מיר האָבן גערעכנט: איר זייט אונגאַנגען אין אַנדערע קער—אף אייך קאָן מען זיך מער פאַרלאָזן.

מיט „מיר“ און „צו אַנדרע“ האָט ער גע־מיינט: קאָמיונומטן, מאָמש אפילע דאָ, און יונגוואַרג־וואַגאָן, זיינען זיי אויך ניט גשוועז, ווער־וויים ווופל. שיטקע איז אזש אופגע־שפּרונגען, זיך רויט־אָנגעגאָסן, שיר ניט געוואָרן גאָר־שטאַרק און קאָעכ, אזוש אויס־געשריען:

— ווער?!... איך בין באַשטאַנען מע זאָל ארײַנעמען יאָדל ליפשיץ אין דער גרופּע?—

— יאָדל האָט זיך צוגעטשעפעט צו דער גרופּע ווי א קליעשטש.

אָרקע באָסקער האָט נאָכדעם געזאָגט בא זמוולען און וואַגאָן:

— אין דער גרופּע פאָרן פאַרשיידענע. יעדערער האָט זיך זיין באַזונדער „רומקע“ און פאַרזאַמלונגען גלייכן אַלע אויס—הער־צו דאַרף מען זיי.

יאָדל ליפשיץ האָט דערויף א מאָך געטאָן:

— שאַ־נאָר, דו ביסט א הויכער און איך — א קליינער, ווי אזוי וועלן מיר זיך אויס־גלייכן?

ער האָט זיך דערביי ארומגעקוקט, צו אַלע אין וואַגאָן לאָכן.

אָיקע האָט אים דערויף געענטפערט:

— איר מיינט איר זייט א קלוגער? — איר זייט א בעהיימע.

דערויף איז עס געבליבן.

יאָדל האָט א מעווע: ער פאַרטראַכט זיך אָפּט, האַלט, ווי זמוול, די הענט פאַרוקט אין די אַרבל, שטייט אף איין אָרט, שווייגט און שווייגט. פּלוצלונג פאַרגלאָצט ער די אויגן צו די גערייכטע פּרעמען, טוט א קוק אף הויך מיט עפּעס זייער א ווייטן פאַר־טשאַדעטן בליק, שאַרט ארײַן מיט דער אונ־טערשטער ליפּ א וואָנץ אין מויל און לאָזט ארויס א שטיל־געצויקלט זיפצעלע, זייער א לאַנגס—מע הייבט זיך אָן מיט א קווי־טשיקל אזש אפן בייקאָל און לאָזט זיך אויס מיט טיף־באַרכלענדיקע ניזדעריקע טאָ־נער. צוגעהויגט צו דעם האָט ער זיך נאָך א מאָל, און די טווירישע „בערערניעס“, ווו ער פלעגט גאַנץ הויפשלעך וואַרטן ביז עמע־

צער וועט צו אים אַרויסקומען. נאָר פאַרבליבן איז אים דאָס „זיפּצעלע", מאַשמאָעס אַף אייביק. איצט וועט ער דאָס זיפּצעלע ברענגען אַהין — א מאַטאָנע בזראָבנדושאַן... יונגע יאַטן אין באַזונדערן וואַגאָן האָבן עס שוין אויסגעטערעבאַפּט. דער פּלאַפּלענדיק־פריילעכער וועלוול — קאַפּל גרינעוועריס—לערנט זיך דאָרט דאָס „זיפּצעלע" נאָכמאַכן, לערנט זיך אַזוי לאַנג, ביז אַרקע באַסקער בייזערט זיך אַף אים אָן:

— לערן זיך אונדרויסן, גיי אַרויס פון וואַגאָן.

9.

פּאַלאַשא — ווען דער צוג איז איינמאָל באַטאָג געשטאַנען — איז איניינעם מיט יונגוואַרג געווען אינדרויסן. ווייבער פון די איבערוואַנדערער־וואַגאָנעס האָבן געקוקט, גערעדט צווישן זיך:

— גאָרנישט קיין מיעס שיקסל.

— נו, וואָס־זשע איז? זי פילט זיך שוין אַבנכל היימישער.

— זע נאָר... א כיינעוודיקס.

פּאַלאַשע האָט זיך געלערנט גיין אָן אָנהאַלט אַף איין רעלס, און איר ביידע זייטן זענען געגאַנגען מאָטל שקלאָווער און ליפּע — סימכע קאָראַלנוואָקערס — זי ווי געהיט פון אומפאַלן. לעבן שימקעס וואַגאָן איז געשטאַנען זעוול בראָדסקי, גערעדט מיט סימכע קאָראַלנוואָקערס לאַנגער און דאַרער ווייב, וואָס זיצט נאָענט בא דער ברייט אָפענגעקערטער וואַגאָן־טיר, קעדיי די זון זאָל זי וואַרעמען — זי ניצעוועט איבער פאַר איר דריי־יאָריק מיידעלע א וואַטאָווע קאַפּטעלע. זעוול האָט א מאַך געטאָן א מאַך געטאָן מיט א ווונק צו פּאַלאַשען צו:

— ווי וועט מען זיך מיט איר איינטיילן?

געמיינט די יאַטן, וואָס אַרום פּאַלאַשען. ער האָט אויסגעלאָזט:

— נו גוט... מיר איז גלאַט ניט קלאָר: ווער וועלכן ביילעק וועט נעמען.

פון שימקעס וואַגאָן האָט מען אים דערנאָך ניט אַזוי גיך געענטפערט. מאַנספּלען האָבן האַלב־געדרימלט. פון די ווייבער האָט איינע מיט א מעסער געשניטן פון זייער א טרוקן שטיקל האָלץ לאַנגע, דינע שפּענדעלער צום אונטערצינדן איוועלע. בא פרויעם משערנאָביליער האָט זיך ווייב אַלע מאָל געפרעגט קימאַט מיט א וויינענדיק קאָל:

— פרויעם, וועסט עפּעס עסן.

פרויעם האָט ניט געענטפערט. סימכע קאָראַלנוואָקערס ווייב האָט מיט לאַנגע שאַרפע ציין איבערגעביסן, דאָס אויסגעווייענדיקע ביוועלע בא איר נאָדל, פאַרגלאָצט אירע גרויסע געלבלעך־שוואַרצע אויגן צו דער צעפיילטער הויט אַף איר קורצן שטערן און פאַרגלאָצטערהייט מיט זיי א קוק געטאָן אַף זעוולען. אירע ליפּן — אַרויסשטעקנדיקע פולע, ווי בא איר באָבעשל ליפּען, און אַליין — א ווייסבלאַכע, זייער א בלוט־אָרעמע, ווי פון האָבן אָן א שיר קינדער, כמעט געהאַט זי אַף איר לעבן סאַמאָל צוויי: ליפּען און האָב דריי־יאָריקע מיידעלע. זי האָט געזאָגט:

— זעוול, ווי שעמט איר זיך ניט?... אַן אַלטער ייִד...

זעוול:

— וואָס האָב איך דען אַזוינס געזאָגט?

ער האָט א ווונק געטאָן צו דעם, וואָס אַרום פּאַלאַשען מיט זיך:

— נאַט, ט'האָט איר: שוין אייער ליפּע אויך — ער שטייט ניט אָפּ... איר זעט?...

סימכע קאָראַלנוואָקערס ווייב האָט א קוק געגעבן, מאַמעש ווי דערזען: יונגער געלעכטער איז באַגאָסן מיט זון — מעגלעכער, איר ליפּע איז איר נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געפעלן, ווי איצט, צווישן די יאַטן לעבן פּאַלאַשען. זי האָט געזאָגט:

— גייט שוין, גייט — אַן עלנטע... די קינדער האָבן אַף איר ראַכמאָנעס.

זעוול:

— שוין ניט נעפּגנען, אַף וועמען ראַכמאָנעס האָבן? נאָר אַף א שיקסע?

דאָ האָט פרויעם וואַגאָן זיך דערהערט א מאַנספּליש קאָל:

— וואָס־זשע? סע קאָסט אייך אַן אייגנס?

ס'איז געווען דעם שלעפעריקנס שימקעס קאָל. גאָרניט, ווי קיין שלאָפנדיקער האָט ער זיך געגעבן א זעצ־אַף אַף דער הויכער „נאַרע", אַראָפּגעשפּרונגען, אַרויס פון וואַגאָן, ווי אַף פאַרביי צו גיין, נאָר דאָך שטיין געבליבן א קוק געטאָן אַף זעוולען מיט שטעכיקע האָר און די וויִעס און די ברעמען:

— ס'איז אַף אייערע הויצאָעס?

זעוול איז שטאַרק רויט געוואָרן:

— אַף מיינע, פּונקט ווי אַף דיינע.

און אין א רעגע אַרום — שוין אינגאַנצן א פּלאָסער:

— שאַ... וואָס האָסטו זיך אַזוי אָנגעצונדן?

פון שכייגעסדיקע וואַגאָנעס האָט מען א יאָג-געטאָן הערן, ווען וואָס הערט מען. זמוּל האָט גלייך אויסגערונגען. אַרקע האָסקער האָט געפרעגט בײַ שימקען:

— וואָס איז?

שימקע האָט צו אַרקען ניט געקוקט, ביקוערהייט ווענ זמוּלען א בערטשע געטאָן:

— גייט אַרום פון וואַגאָן צו וואַגאָן און פּרייעט...

קיינעם איז ניט געווען אינגאַנצן קלאָר, פאַרוואָס האָט זיך שימקע אַזוי אָנגעצונדן, יגנגוואַרג האָט דערפילט אין שימקען עפּעס אייגנס — שוין דערפאַר אַליין, וואָס ער קאָן מיט אַלע טיילן פון זיין קערפּער אַזוי פיין ווערן אין קאַעס, און נאָך אויף זמוּלען הערצג. אַלע האָבן געשוויגן. בענו פּרינץ האָט פּאַמעלעך געעפנט זיין מויל — בלויז דערפאַר, וואָס ער האַלט זיך פאַר א שטיקל מיוון אויף מענטשן און אויף זייערע פּאַסטעמקעס:

— ער בולט — האָט ער ווענ זמוּלען א בערטשע געטאָן, — ער וויל אָנדרייען א קאַטערינקע און ווייסט ניט פון וואָסער זייט.

.10

זמוּל ווייסט, אַפּאָנים, מער צו שימקעס וואַגאָן ניט צוגיין. ער האָט איינמאָל — ווען דער צוג איז געשטאַנען — אָפּגעשטעלט לעבן זיך קאָפּל יאַראָשעווער:

— נו? קאָפּל... ווען וועלן מיר שוין אַמאָל אָנקומען?

קאָפּל האָט אַראָפּגעקוקט צו זיינע שטיוול, א וואָרף געטאָן מיט אן אַקסל:

— פונוואַנען זאָל איך וויסן?

זמוּל האָט געזאָגט:

— הערסט א מײַסע! דו ווייסט ניט און איך ווייס ניט. וואָס-זשע ס'איז א סאָרזאַך?

דאָס איינענע האָט ער געזאָגט צו אַנדערע איבערוואַנדערער. דאָס איינענע האָט ער בײַ זיך אין וואַגאָן איבערגעטיינעט מיט די צוויי ברידער-מאַליערעס הירשל און יאָסל פּעקער און מיט זייערע ווייבער. ער האָט ווי-ניט-איז אָנגעזאַמלט אַרום זיך אַ ביסל מענטשן און געהרגעט, אז מע איז בעהיימעס — וואָס איז עס פאַר א מײַסע, וואָס?... מע גלאָט, וואָס ער, זמוּל, האָט זיך איפּגעוועצט איגנמיטן וועג, און סטאָלעגסק. וואָרן ער זאָל געווען זיין, בײַם די גרופּע האָט זיך צונויפגעגומען, וואָלט ער געווען געהערט האָרט נאָך אַנדערע ווערטער

— טאַקע מיט „אָזעט"... אַוצט האָט דאָסקע זמוּלס וואַגאָן געפאָרערט מע זאָל מאַכן א פאַרזאַמלונג און — טאַקע באַלד. פאַרוואָס ניט? — דער צוג קאָן דאָ שטיין נאָך א גאַנצע פאַר שאָ, אַלע וועלן גיין... די ברידער-מאַליערעס האָבן ניט נאָר קלאָר געוווסט, און וואָס גייט עס. נאָך פון דער אַנדערער זייט — שוין קנאַפּע צוויי וואָכן, אז מע איז אין וועג. פונדערהיים איז מען שוין נישקאָשע-ווייט אָפּגעפאָרן. די לעצטע פאַר טעג זעט מען אַרום זיך דאָס בריימע פעלדער, בערג, ווייטע טייגע, ווייניק מענטשן. וואָס מוט זיך דאָ?... בײַ די ברידער-מאַליערעס וואָלט מען געפרעגט, אז טאַקע דאָ זאָל זיך געפינען דאָס „אָרט", וווּהין מע פאָרט

— זיי וואָלטן ניט געשטאַרבן, מע זאָל שוין האָבן געקומען...

זמוּל האָט לעבן יגנגוואַרג-וואַגאָן געפרעגט בײַם אויסאָם, וואָס הייבט זיך דאָרט אָן זאַמלען:

— מע איז שוין, דאַכט זיך, באַיאָרטע מענטשן, צו גיין?

— מיט וועמעס סייכל לעבט מען?

— מיטן סייכל פון א פּאָר יינגלעך?

— מיט אַרקעס קאָפּ?

בענו פּרינץ האָט דערויף געענטפערט:

— איך קאָן שימקען.

זמוּל — צו בענין:

— ביסט א שוטה... שימקען קענסטו? בימער-שמייכלענדיק א קוק געגעבן צו יגרל ליפשיץ:

— נו? ליפשיץ... דערציייל אים שוין.. זאָג אים אויס, ווענ וואָס ריידן מיר צווישן זיך...

יגרל האָט א קוק געטאָן אויף בענין מיט א ווייטן פאַרטשאַדעטן בליק, מיט דער אונטערשטער ליפּ אַרייַנגעשפּאַרט די וואַנגעץ און מויל אַריין און אַרויסגעלאָזט פון האָרט זיין באַקאַנט קינציק זיפצעלע:

— שימקע — האָט ער געזאָגט, — זיצט אויף א טרינגער פור, א רײַע: זיין ווייב האָט ער געלאָזט אינדערהיים...

זמוּל — צו בענין:

— איז דיר שוין גוט?

יודל — צו אַלע אַרומיקע:

— איך פרעג נאָר עפּעס אַנדערש: מע פאָרט און מע פאָרט... פונוואַנען ווייסט מען? עפּשער איז מען שוין גאָר אַריבערגעפאָרן? עפּשער איז מען שוין גאָר געקומען?..

דאָס איז געווען אינדערוויסן, פאַר דער פאַרזאַמלונג. און וואַגאָן אַף דער פאַרזאַמלונג האָט מען אויסגעמישט אַלץ, וועגן וואָס מע האָט שוין ניט איינמאָל גערעדט אַף די פריִערדיקע פאַרזאַמלונגען — אַרקע האָט אָנגעהויבן, גערעדט וועגן די פראַגן: צו וואָס פאָרט מען „אַהין", וויאַזוי וועט מען דאָרט לעבן — באַזונדער, אָדער קאָלעקטיוו. יודל האָט אַ גוואַלדעווע געטאָן פון מיטן אוילאָם:

— וואָס דערציילט ער מיר, ווי פונעם בלאַט!

— דעם בלאַט קאָן איך לייענען אָן אים.

דער קליין-פעסטער מאָטל שקלאָווער האָט געקוקט צו אוילעם מיט יונגע טאַמעטע-גראָע אויגן, דערציילט, וויאַזוי פּלאַנעווען „אָזעט". זיוול האָט אים איבערגעשלאָגן:

— וואָס פאַר אַ מאָשל „אָזעט"?

— אָזעט וויל, וואָס וואָלט וויל.

— „אָזעט" האָט אירע כעזשבוינעס, מיר האָבן אונדזער כעזשבן.

שימקע האָט זיך רויט אָנגעגאָסן אַ טויף באַליידיקטער, אַקוראַט ווי מע וואָלט אים אויסגעוואָרפן, אַז ער איז אַן אונטערגעקויפטער. ער איז אויש אונטערגעשפּרונגען, בײַם ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— סאַ ליגן! — איין כעזשבן!

דערנאָך איז בײַ אים געבליבן אַ געפיל, ווי נאָך אַ-דעם געשריי וועט ער זײַן שטאַרק הייזעריק — ער וועט ניט ריידן עטלעכע מעסלעס נאָכאַנאַנד.

11.

איצט פאָרט מען גראָד שוין דעם צווייטן טאָג מיט די שיינקייטן, וואָס צווישן באַוואַקסענע וואַלד-בערג, לענגאויס דעם לינקן ברעג פון טײַך אַנגאַראַ. דער צוג אײַלט-אונטער.

הינטער קלאַפּן די רעדער פרייִלעכער, ווי מאָמיר.

די טירן אין אַלע וואַגאָנען — פּרייט-אויפגעריסן. סימכע קאָראָליווקערס ווײַב זיצט די גאַנצע צײַט אַף איר קעסטל לעבן דער אָפענער טיר, זעט אויס, ווי אַ טראָגנדיקע, כאָטש זי טראָגט ניט. אַף אירע קניִען ליגן צוגעשטריקעוועטע טיילן פון איר קינדס לײַבעלע, נאָר זי פאַרגעסט אָן זיי, קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן פון באַטײַם אַרויסצוזאָגן אַלע מאָל איר מעווינגעס:

— זייער זשיוואָפּיסנע...

אפילע דער פּלימן-טרײַבער פּרויעס משערנאָבילער זיצט הײַנט אויך מער, ווי מאָמיר אַרויסגערוקט פון אונטער דער „גאַרע", טאַפּט אַלע מאָל בײַ זיך און בוזים דאָס טאָרבעלע מאַכאָרקע, נאָר פאַרגעסט עס אַרויסצונעמען, קוקט צו די געשלענגלקײַטן אונטער נײַ-פּלאָטע הימלען-קרישטאָל און פּלוסיק-לויפנדיקן טײַך, געשלענגלקײַט אין מוף-אויסגעבעטע מאָלן צווישן בערג, וואָס זײַנען אָט גרין-באַוואַקסן, אָט אָפּגעטיילט איינער פון אַנדערן, ווי גלײַכע שטיינערנע ווענט. פּרויעס שאַרפע אויגן — פאַרוואַקסן מיט לאַנגהאָריקע וויעס און ברעמען, ווי מיט ווילדן מאָך — פאַרגעסן הײַנט צו געדענקען, אַז זיי זײַנען בייז.

נעענטער צו דער בריט-אויפגעריסענער טיר האָבן אַף אַ לאַנגער ברעט זיך אײַנגעמאָסטעט שימקע, קאַפּל יאַראָשעווער, סימכע קאָראָליווקער — מע האָט ניט קיין איין איינציק וואָרט, וואָס זאָל ווערט זײַן די פאַרבײַ-יאָגנדיקע שיינקייטן. מע האָט נאָך קיינמאָל אַזוינס ניט געזען — מע שווײַגט און מע קוקט.

הוילע-גרויסע, גליקלעך, וואָס דאָס אַלץ קער צום ראַטנפאַרבאַנד — צו זיי, הייסט עס — יאָגן אַרום די יאַמען פון יונגוואַרג-וואַגאָן אַף אַלע קליינע ראַזיעזדן — שטראַלדיקע אויגן, פרייִלעך-קלאַפּנדיקע הערצער, און גליקלעך מיטגעפיל בײַ עלטערן און די פּענימער, האָבן קוים צײַט שאַרלאַטאַנישקלוג אַ ווינק צו טאָן:

— געזען?...

בייזער, ווי אַלע, זעט הײַנט אויס דאַפּקע שימקע, פילט זיך דעם גאַנצן טאָג, ווי איינער, וואָס האָט אַ פלעק אַף זיך — קימאַט אַלע איבערוואַנדערער מאַרמלען אַף אים אונטער, ווי אַף אַ גרינגן פאַרשוין, אַ רייזע: ער אַליין האָט זײַן ווײַב ניט מיטגענומען, זי געלאָזט אין קאָלעקטיוו אונטער מינסק, ווו ער און סימכע קאָראָליווקער האָבן געאַרבעט. סימכעס מיט זײַן ווײַב קאָנען זײַן

אײַרעס: געלאָזט האָט ער זי נאָך דערפֿאַר, וואָס דער קאָלעקטיוו האָט באַשלאָסן זי דערווײַל ניט אָפּצולאָזן.

ראַפּקע ווײַל זײַן ווײַבל איז איצט בײַ אַלע אין מויל, פֿילט איצט שימקע מיט אַלע טײלן אין זײַן האַריקן קערפּער, אַז ער איז בײַ איר אַ „שמיקל מעיזכעס", גערעכנט, און זי איז יינגער פֿון אים, העכער און וווּקס, שטאַלטנער, לייענט ביכלעך, באַווײַזט אי צײַטיק — רײַן אָפּצוטאָן אַליץ אינדערהיים, אי ניט אָפּצושטיין פֿון אַלע אַרבעטן אין קאָלעקטיוו און נאָך דערצו זײַן די ערשטע „אין דער פֿרויען-גרופּע". שימקע בענקט. אים מאָלט זיך אויס: ווען ער האָט זי דאָ לעבן זיך, וואָלט ער זיך געפֿילט שטאַרקער. דערהויפּט איצט, ווען מע פֿאָרט פֿאַרבײַ אַזוי שײנקײט. סע וואָלט געווען בעסער... וואָס וואָלט מען שוין דעמאָלט געקאָנט אויף אים מאַרמלען?... ער האָט עמיצן אָפּגענאַרט?...

נאָך אָט פֿאָרט מען פֿאַנגעם פֿאַרבײַ זײער אַ שײן אָרט. דער צוג גליטשט זיך באַרגאַראָפּ פּאַמעלעך, פֿון מאָל צו מאָל שטילער — אויף אָט-אָט אָפּצושטעלן זיך. סימכע קאָראַלעווקערס ווײַב מיט אַנקוועלנדיק אַ טרוקענעם שנײַץ און זאָגט אַ „כאָכמע":

— אַ-פּעט אײַך, וואָס דאַרף מען נאָך פֿאָרן ווײַטער?

— מיר אַרט ניט „סע" זאָל זײַן דאָ...

— „סע" געפֿעלט מיר...

„סע", מיינט מען האָט „אָרט", ווײַזן מע הערט נאָך אַליץ ניט אויף צו פֿאָרן און צו פֿאָרן. קאָפּל גרינעוויטשער הייבט אויך אָן עפּעס אָנמערצופֿרעטשען. באַלד וועט מען אָנהייבן פֿאַנגעם זוכן, אויף וועמען אַרויפֿצולייגן אַ קלאָג. שימקע דערפֿילט, אַז „סע הייבט זיך אָן" און קרימט אויף זײַן „גאַרע" — בעסער וועט ער שלאָפֿן אָדער זיך מאַכן, אַז ער שלאָפֿט.

שימקע איז פֿון דער „גאַרע" ניט אַראָפּגעקראָכן דעם גאַנצן אָונט, די גאַנצע נאַכט. מיטן טאָג-ליכט האָבן פֿון נאָענטע וואַגאָנעס זיך דערהערט אויפֿגעהײַטערטע שטימען. פֿרייליכע אויסגעשרייען. געלויפֿערײַען הין-און-הער, ווי בײַ אויסלאָדן-זיך, האָבן אויפֿגעוועקט שימקען.

דער צוג איז געשטאַנען צווישן בין-גאָרתוכע, פּרעמדוועלטיקע שײנקייטן. דורך דער אויפֿגעריקטער טיר האָט מען דערזען די פּליעסקענדיק־שטילע, פּלאָווּלעך־פֿאַרטראַכטע בײַקאַל-וואַסערן. אונטער דער אויפֿגייענדיקער זון האָבן זיי אָפּגעגיך גענומען שײַנען, שטראַלן, זיך ווינגען, געוואָרן אַליין אַ זון, צעפֿונקנס-שײַנענדיקע שטראַלונג און טיפֿן קײַלעכיקן שוים פֿון הויכע בערג. פֿאַרטשאַדעט איז מען געלאָפֿן פֿון די וואַגאָנעס און צוריק, געטרונקען מיט די אויגן דעם אומיקן שטאַרקן געטראַנק. דער צוג איז, ווײַזט אויס, געשטאַנען היבש־לאַנג, נאָך פֿון באַנאַכט אָן. מע איז קוים געווען זיכער: שוין געקומען... וואָרן אָט... וואָרעם איז מען אַזוי לאַנג געפֿאָרן?... נאָך ניין, דער צוג האָט גענומען דרייען, גיין ווײַטער זײַן וועג. קיינער האָט אין „ווײַטער־פֿאָרן", ווי ניט געגלויבט. אין די וואַגאָנעס איז מען געזעסן יעדערער אויף זײַן פּלאַץ, קיינער האָט ניט געפֿעלט. דאָך... פֿאַרוואָס האָט זיך געדאַכט, אַז פֿונעם איבערוואַנדערער־צוג איז בײַ יענע שײנקייטן עמעצער אָדער עפּעס פֿאַרבליבן?

.12

פֿון נאָכן בײַקאַל אָן איז בײַ איבערוואַנדערער אין צוג פֿאַרבליבן אַזאַ געפֿיל, ווי גלײַך דאָס ווײַטערדיקע פֿאָרן איז שוין גלאַט אַזוי — אַרויסגעוואָרפֿן... דערצו האָט נאָך דער סטאַנציע טשיטאַ זיך טונקל אָנגעכמאַרעט, אָנגעהויבן גיין אַ רעגן, און וואָס ווײַטער מע איז געפֿאָרן, אַליץ שטאַרקער האָט ער געגאָסן. די וואַגאָן־טירן — קעסיידער צוגעריקט. קיינעם איז מער ניט אָנגעגאַנגען אַ קוק צו טאָן, אויף וועלכע סטאַנציעס שטייט מען. אַ טאָג אַזוי, צוויי טעג אַזוי. אָפּגעבלאָזענע מענטשן האָבן פֿוילגענעסן, פֿויל געגענעצט, ניט געהאַט מער קיין כיישעק צו דערפֿרעגן זיך, צו קריגן זיך. מע האָט שוין בײַ זיך געפֿילט: סע וועט קיין עק ניט האָבן. טאַקע דעמאָלט, ווען מען האָט עס בײַ זיך געפֿילט, איז דער צוג איינמאָל באַנאַכט שטיין געבליבן — אַזוי זיך, ווי אָפּט אַ צוג אינמיטן וועג אין דער פֿינצטער, ווען עס גיסט אַ רעגן — אָט־אָט וועט זיך דערהערן אַ פֿײַף פֿון לאָקאָמאָטיוו, מע וועט פֿאָרן ווײַטער. דאָך, דער פֿײַף זאַמט זיך. אין די וואַגאָנעס, וואָס זײַנען פֿול מיט איבערוואַנדערער, איז אין וואַרטענדיש זעלטן־ווער אויסער שימקע, געשלאָפֿן. דער צוג האָט ווירקלעך זיך אָנגע-

הויבן רורן. און דרעמל האָט שוּמקע פאַרהערט, אַז דאָס רוקט זיך דער צוג נאָך אַף צוריק, אַז עפּעס אַ פּאָר פּויפּעלעך מיט אַ צעשאָקלטן האַנט-לאַמטערן אונטערויסן קייטלען אָפּ וואַגאָנעס, פירן זיי איבער אַף זײַטיקע רעזערוו-רעלסן. שוּמקע האָט דערפילט אַרום זיך אַ פרישע באַגאַטיקע קילקייט, זיך אויפגעכאַפּט, באָרועסערהייט אַראָפּ פון דער „נאַרע". און טונקל-באַלזיכטיקע וואַגאָן — אַ געדערעדיי פון אַלע מײַלער, נעראָטן און אַ קרוגערײַ. אונטערויסן גיסט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער דער רעגן, קלאַפּט אָן וואַגאָן-דאַך, פאַרטומלט און פאַרפּויקט אַלץ, וואָס אַרומיקע מײַלער גראַגערן — זאָל מען עס פאַרשטיין אַפילע אַ וואָרט. די וואַגאָן-טיר — ברייט אויפגערוקט, פרײַ, קיינער גייט צו איר ניט צו. שוּמקע איז צוגעלאָפן צו דער טיר, זיך אָנגענומען פאַרן בײַשטידל, אַרויסגערוקט דעם קאָפּ מיט דעם איבערשטן טייל קערפּער און דער פינצטער אַרויס. דער גאָס-רעגן האָט אים גלײַך געגעבן אַ שווענק-אָפּ, אַרויסגעצוואָגן די גערוכטע האָר אַפן קאָפּ, די וואָנצעס, אַראָפּגערונען פון האָרט מיט שמאָלע שטראָמעלעך אים און ברייט-צעבראָכטענעם העמד אַרײַן, נאַס געמאַכט זײַן האָריקע ברוסט, זיך צערונען פון דאָרט צו די לענדן צו. שוּמקע האָט ניט געפילט, זיך נאָכמער אַרויסגעבויגן, געקוקט אַקעגן — פינצטער, געקוקט לינקס — טונקעלע שײַן פון ברייט-צעעפנטע וואַגאָנעס, צעשניטן מיט אָן אַ שיר געדיכטע און שווערע רעגנפעדימער. אַ קוק געטאָן רעכטס — פון זײַטלס אָפענעם וואַגאָן דערהערט זיך אַ קאָל:

— כאַ מאָשל!..

— דאָ-אָ?... סע רען אַ סטאַנציע?..

עמעצער פרוווט פון דאָרט אַראָפּשטעלן אַ פוס און אַ וואַרעמער ווײַבערישער נאַטקע אין טאַפּט אים באַלד צוריק מיט אַ געשריי:

— אוי!...

— סאַ בלאָטע!..

פון ווײַטן עק-צוג דערנענטערט מען זיך אַהין מיט אַ לאַמטערן—אַ מענטשן 3 ווערן דאָרט געשוואָלן—אָנגענעצט אונטערן רעגן. באַ דער שײַן פון לאַמטערן שטשערעט דאָרט איינער פרײַלעך-ווײַסע ציין, שוקט

דורך זיי אָפּ און ענטפער אין זײַטלס וואַגאָן אַרײַן:

— גו יאָ — אַ בלאָטע...

—ווער האָט דען געקאָנט אײַך צוגרייטן דאָ טראָטואַרן?

אַ באַקאַנט קאָל — ניט פּריסקער?...

שוּמקע איז אַראָפּגעשפּרונגען און רעגן אַרײַן, ווי ער איז געשטאַנען — באָרוועס, און איין צעבראָכטעט העמד מיט הויזן אָן אַ גאַרטל—העריזן באַם לאַמטערן פּריסקערן, אַרקען, נאָך איינעם און אומבאַקאַנטן—אַ פּאָנעם, פונעם אָרטיקן אונטערוואַנדערער-פּינקט, צוגעיאָגט צו זיי אַ נאַס-אָפּגעטריוולטער, אַ פרעג געגעבן וועגן דעם, וואָס אָט — מע איז שוין געקומען:

— האַ-אַ?

פּונקט אַזוי „האַ-אַ" וואָלט זיך באַ אים אַרויסגעריסן, ווען ער זאָל זיך דערפרעגן, צי זײַן ווײַב האָט געבוירן. ער איז אַוועק מיט די דרײַ אין יונגוואַרג-וואַגאָן. דאָרט האָט ער אָ הער געגעבן, אַ רייד געטאָן, זיך אומגעקערט צוריק צו זיך אין וואַגאָן, אַפילע קיין קוק ניט געגעבן צו די גראָנערנדיקע אַרומיקע, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס פּוטשיגאָסע העמד, זיך אײַנגעמאַסטעט אַף דער נאַרע מיטן צוריק איבערן קאָפּ, אַפּסנײַ, ווי אַ פרישאָפּגעפּאַרענער, גיך און פעסט אײַנשלאָפן געוואָרן. דערנאָך—נאַנצפרי! — באַלד נאָכן אויפכאַפּן זיך איז ער אַרויסגעשפּרונגען פונעם וואַגאָן, ווילדע און צעבראָכטע אָפּגעלאָפן עטלעכע קלאַפּטער. דער רעגן האָט מער ניט געגאָכן. שוּמקע איז שטיין געבליבן אָ פאַרגליווערטער, זײַן מויל — אָפן, זײַנע צעעפנטע אויגן — אַזוינע, וואָס באַשטיין חורבות פון שוואַרצאַפּל — זיי אַליין פרעגן, זיי אַליין ענטפערן:

— האָס איז עס?!..

— בּיראָבּידזשאַן!...

פּאַמעלעך-פּאַמעלעך, ווי אַף קיין אַנדערע ניט צו געבן, האָבן זײַנע שלעפנדיקע אויגן זיך געדרייט אַנײַנעם מיטן קאָפּ, געזען:

אַרום ציען זיך קייטן הויכע, נעקרײַזלטע-קײַלכיקע בערג, הילן זייערע שפּיצן און רוּנדיקע בלאָע וואָלקנדלעך — אַפּאָנים, טאָג-אײַן-טאָג אויס, שוין טויזנטער יאָרן אַזוי. אַלע דרײַ ווײַטע האָריזאָנטן — פול מיט אָ-די בערג. דער פרימאָרגן זייער—לויטער-לײַכטנדיקער קרישטאָל, פילפאַרבּין

נאָר. זון פֿון הויכער וואַרעם, פֿון גרויסער שײַן. אומגעהויער־הויכער בלאָער הימל אָן שום וואָלקן־שפּורן. יאַמען ליכט רעדגרייכן צו די בלאָע רויכלעך און ווײַטן האָריזאָנט, מאַכן זיי שימערן. פֿון צווישן בלאָ־צעגאַנגענע רויכלעך בליקן אַרויס בלאָע קרײַזלען פֿון די בערג, קוקן אַרויס די פֿיל ווײַטע און נאָענטע זוניק־שטראַלדיקע טײַכן, שמאָלע און ברייטע טאָלן, טײַגישע און האַלב־טײַגישע געגנטן, און אַלץ אינאיינעם איז עס דאָס לאַנד, וואָס ראַטנמאַכט האָט אויסגעטיילט פֿאַר אַרבעטנדיקע ייִדן, אַלץ אינאיינעם הייסט עס מיטן נאָמען:

— ביראָבידזשאַן!...

פּאַמעלעך־פּאַמעלעך האָט שימקע פֿון דעם אַלץ אויפֿגעכאַפּט זײַן בליק אַף זיך אַליין, דערזען, אַז ער איז נאַקעט, אָן אַ העמד, בלויז אין די הויזן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין וואַגאָן, זיך אָנגעטאָן, זיך אַ קער געגעבן צו די אַרומיקע:

— נו? — האָט ער ניט פֿאַרשטאַנען,— איז וואָס איז פֿאַר אַ שטייענדיש? אָנגעטאָן?

— איז קומט!

איצט האָט אים מער ניט געאַרט, מאָמער וועט עמיצער זאָגן: „שימקע האָט געהייסן טאָן", „שימקע האָט געהייסן גיין". אינדרויסן, אַפֿן וועג צום איבערוואַנדערער־פּונקט, באַם אַריבערשפּאַנען איבער די רעלסן, האָט ער דערזען דעם יונגן מאָטל שקלאָווער, ווי ער שטייט איינער אַליין אַ פֿאַרטומלטער און עפּעס אַ פּאַפּיר — אַפּאַגין אין דער רעשימע פֿון די איבערוואַנדערער. שימקע איז צו אים צוגעגאַנגען, פֿאַר אַגאַווענע — צום ערשטן מאָל זינט מע קען זיך — אים פֿריילעך אויסגעשטרעקט די האַנט:

— נו, כאַווער מאָטל שקלאָווער... ווי, האָט איר געזאָגט, וועט עס הייסן?... וואָס מיר דאָ בויען?...

מאָטל האָט קימאַט באַקומען אַ שפּילעוודיק גויהעריל באַם פֿאַרבויגן זײַן קאָפּ צום אַקסל:

— פּאַשעט — האָט ער פֿריילעך אַ מאַך געטאָן, — ס'איז דען שווער צו געדענקען? — בויען סאָציאַליזם!

— אָט־אָט־אָט — האָט אים גלײַך אין די אויגן געקוקט שימקע, — כ'האָב געוואָלט איר זאָלט עס זאָגן נאָכאַמאָל...

זײַנע אויגן האָבן עטלעכע מאָל אַ פֿינטל געטאָן אײַדער ער האָט באַוויזן זיי צו פֿאַרשמעלן מיט אַ טייל האַנט, וואָס העבער דעם עלנבויגן. פֿון דער זײַט האָט זיך דערהערט דאָס שטיפֿעריש־פֿריילעכע קאָל פֿון דעם צוקומענדיקן אָרעסטער בויאַרבעטער פּריסקערן:

— צעקוקשט זיך! צעקוקשט זיך!..

ס'איז געווען כאָטש־זומער נײַנצן הונדערט אַכט־און־צוואַנציק, ווען קיין ביראָבידזשאַן זײַנען געפֿאָרן די ערשטע פּיאָנערן־איבערוואַנדערער.

ניט צו פֿאַרגעסן:

אייניקע פּאַשעט־האַרעווענדיקע ייִדן האָבן נאָך אַלץ ליב, אַז מע געפֿינט נײַע לענדער — אַן אַלטע שוואַכקייט, אומקלאָרע געפֿילן. — עפּעס אַזוינס קען מען געפֿינען בלויז אין שוים פֿון געבויט ווערנדיקן סאָציאַליזם, בלויז צוליב און מיט סאָציאַליזם.

מ. טייף

# ראָמאַנטישע נאַכט

(אויסצוגן)

...אַללאָ! אַכטונג, אַכטונג!
אַללאָ, מיר הויבן אָן:
איצט וועט זינגען באָרשאָווער
זיין ליד „רעוואָליוציאָן".

גייט מיר דורך אַ גרויל, אַ ציטער,
שטיי אויף, אָרקעסטער, אָפשייַ!!!
אַפן ברעטל פון פיופיטער
קלינגט אַ שטיקל שיין...

כאַפט זיך אויפעט מיין אָרקעסטער
הודיען סטרונעס, פינקלען,
באָרשאָווער, איר זייט 'מאַעסטראָ,
שטייט ניט אין אַ ווינקל.

ביטע, שטעלט זיך באַם פיופיטער,
קאָנטראַבאַסן, טעמבר!
נעמט די נאָטע „רעוואָליוציאָן"
פון מאָסקווע ביז טעמזע...

שטיי איך הינטער דיינע פלייצעס
אָ, מיין לייבלעכער מאַעסטראָ,
און ווי זילבער כוואַליעס פלייצן
קלאַנגען פון אָרקעסטער.

לויפן, לויפן דורך פאַרביי
טעג, כאַדאָשים, יאָרן,
אַכצן, ניינצן, צוואַנציקסטער,
איר האָט אונדז געבאָרן.

*) פון בוך „לידער און פאָעמעס", וואָס דערשיינט אינגיכן.

אָ, שטורעם-ווינט, דו וועסט באַשײַנען
ביז טויט מײַן האַרציקע סימפֿאָניע,
איך פֿיל מיט דיר די סטרונעס מײַנע,
די מײַן דימענטענער קאַניפֿאָל...

אָט, עס טראָגט זיך פֿאַר די אויגן
האַיאַ-הײַ, בודיאָני
און עס טרעטן אָפּ צוריק
האַלערס לעגיאָנען.

און עס פֿײַפֿן הייסע קוילן —
פֿאַלט אַ שוואַרצע קראָ...
אַף דײַנע הויכע טורעמס פּוילן
קלינגט דײַן לעצטע שאָ.

פּויקט זשע, פּויקן, שאַלט טרומייטן,
זינג פֿאַגאָט, מײַן טרײַער,
וואָס זשע שווײַגט איר מײַנע פֿלייטן
קאָנטראַבאַסן, פֿײַער!!!
סקריפּען סמיקן, דריקן שטײַף,
סטרונעס דין-דין-דינע,
קאָנטראַבאַסן ברענען ברוין
פֿון אופֿרעגונג און סינע.

היי טרומייטערס, לעבעדיק,
לעבעדיק, גערדיכטער,
שפּילט לויט מײַנע נאָטן,
וואָס איך האָב אויסגעדיכטעט.

שווימט אוועק דער הויכריידער
ווערט דער וואָלקן שיטער,
אַ בלאַנקע נאָדל פֿון „מאָרזע“
קלאַפּט אַף מײַן פּיופּיטער.

און פֿון „דאָ“ ביז הויכן „סי“
ציט זיך אַ דעפּעשע;
פֿרישע רעלסן פֿון טורקסיב
זאַמד און ווינטן דרעשן.

אָ, ווינט פֿון ווײַטן טורקעסטאַן
פֿײַף אין מײַנע פֿלייטן,
מײַן אָרקעסטער צו דײַן יאָנטעוו
גייט דיר איצט באַגלייטן.

הײסער װינט פֿון קאַראַקום
יאָמערט הינטער פֿעלדזן,
שרײַט אַף רעכער פֿון באַקו
דורך װײַטע קעמלען העלדזער.

פֿון װײַסן מורמאַנסק ביז די יאַלטער
הײסע ברעגן גרינע,
הער איך װי עס דרײען זיך
רעדער פֿון טורבינעס.

הער װי עס פֿאַלן בױמער
װי עס קלינגען זעגן,
שטרױענע ראַסײאַ
לאָמיר זיך צעזעגענען.

בײַ דײַנע אַלטע מױערן
װאַקסן דעמבן־אָנצוגן,
פֿליִען דורך פֿאַרבײַ מײַן פֿענצטער
גלאַנציקע עלעקטראָ־צוגן.

הױדעט זיך מײַן צימער, הױדעט,
קלינגט דער זײגער צװײ,
אַף די דראָט פֿון דנעפּראָבױ
גײט אום פֿאַראַדײ...

טאַפּט ער יעדן דרעטל אָן,
גלעט מיט זײַנע פֿינגער,
לעמפּעלעך באַגריסן אים
שײַנען אױף און זינגען.

---

װיגט זיך הין און הער מײַן צימער
אָט די סטעליע פֿאַלט צום דיל
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
און אין הױכן הימל שטערן
לאַנגזאַם לעשן זיך און שטיל.

װערן העלער מײַנע װײַזערס
קלינגט דער זײגער פֿיר
זע איך װי עס דראַפּעט זיך
אַ שטראַל הינטער מײַן טיר.

אפֿן הויכן הימל שווימען
וואָלקנס—ראָזע שיפֿלעך,
שפּיל פֿאַגאָט א סאָלאָ-הימן
פֿון גינגען-שטראַל געשליפֿן.

היי, באַגינען פֿון מײַן לאַנד,
וויוואַט צו דיר, וויוואַט,
עס גייט אצינד צו שווערער אַרבעט
דײַן פֿילמיליאָניקער פּראָלעטאַריאַט.

פֿון ווײַסן מורמאַנסק ביז די יאַלטער
הייסע ברעגן גרינע,
הער איך ווי עס דרייען זיך
רעדער פֿון טורבינעס.

און ווײַטן מינסק שטייט אויף מײַן מאַפּע,
— א גרוס דיר היים פֿון דײַן מעזיניק! —
היי, ווײַסרוסלאַנד מײַנע בלאָנד-קודלאַטע,
דו וועסט שוין מער אף דורעלעך ניט זינגען...

איך זע ווי ס'ברענען דײַנע מעזשעס
ווי עס שטאַרבן דײַנע לעצטע בערן
אף דײַנע יונגע בליענדע בערעזעס
נייט אויף אצינד א נײַער שטערן.

עס איז שוין אויפֿגעשטאַנען כאַריק
און שלײַפֿט פֿאַר דיר א וואַרעמע פּאָעמע
און כ'הער ווי ס'רוישט הינטער מײַן טיר
א לעבעדיקע ריי פֿון וווּנדערלעכע טעמעס.

יאָ, עס וואַרטן הויכע שטאַפּלען
אף אונדזער טראָט אף פֿעסטן,
יאָ, עס ברענען אונדזערע שוואַרצאַפּלען
שײַן פֿון טעמעס בעסטע.

מײַנע פֿידלען שפּילן, פֿײַפֿן מײַנע פֿלייטן,
אף מײַן לאַנד מײַן גרויסער שײַנען שטראַלן ריזן,
פּויקט זשע מײַנע פּויקן, העכער שאַלט טרומייטן
לעבן זאָל די קונסט די גרויסע פֿונעם סאָציאַליזם!...

.1931—1930

## א. יודלסאָן

# נאָרד־אָסט

(אויסצוגן)

### די ליד פון נאָרד-אָסט

נאָרד-אָסט — דער צאָפן-ווינט, נאָרד-אָסט — דער ווינט פון מיזרעך
ער האָט געלאָזן זיך צענעזיקן די ערד.
וויפל פעלקער האָבן שוין געמיט זיך
נאָרד-אָסט דער שטורעם-ווינט — ער טראָגט זיך אומגעשטערט.

נאָרד-אָסט דער שטורעם-ווינט — ער גייט אין א געראנגל
אין שטענדיקן געפעכט מיט זיך אליין.
אָ, וויפל דוירעס זיינען שוין פארגאנגען —
נאָרד-אָסט דער שטורעם-ווינט וועט קיינמאָל ניט פארגיין.

נאָרד-אָסט דער שטורעם-ווינט — ער בוישעוועט אף יאמען,
נאָרד-אָסט—דער שטורעם-ווינט וועט איינברעכן א פעלדז.
און גאָרניט, גאָרניט וועט דעם ווינט פארצאמען
נאָרד-אָסט דער שטורעם-ווינט—ער הוליעט אף דער וועלט!

נאָרד-אָסט דער שטאָלן-ווינט, נאָרד-אָסט דער ווינט פון צאָפן,
נאָרד-אָסט—דער ווינט פון דוירעסדיקער שלאכט,
סע האָבן ווינטן—קעגנער זיך געטראָפן
דער ווינט פון זון-אונפגאנג
און פון פאָליארער נאכט.

### דער יאַם האָט געקאָכט

דער יאם איז געווען איין גרויסע פארגליווערטע ראָסט
און האָט זיך שווערלייביק און בלייענע רונדן געפאלבט,
פון יעטווידער פאלב האָט געווייעט געטראָגן מיט פראָסט —
עס האָבן זיך כוואליעס געקייקלט גרויזאם און קאלט.

דער יאם און דער הימל — זיי האָבן פאָרויסגעזאָגט בייז,
און האָבן און גרויען באהעפט זיך צעגאָסן — איין בלייענע גרויס.

עס דאַרף נאָר דער יאַם איצט באַקומען פֿון ערגעץ א שטויס
און ער וועט פֿון די פֿעלדזן אַרויס.

דער יאַם האָט געקאָכט און האָט זיך צעשפּליטערט אָן ברעג,
דער יאַם האָט זיך רײַסן די שטיינערנע פֿעלדזן געלאָזט.
דער יאַם און דער הימל — זיי האָבן צעוואָרפֿן אַ שרעק:
— עס קומט דער נאָרד-אָסט!

## אופֿגערעגט? ניין.

סערגא אבראַמאָוו—דער פּאַרט-סעקרעטאַר
קען אויסגעצייכנט די געגנט,
ווען ס'רוקט זיך פֿון ערגעץ נאָר אָן אַ געפֿאַר
גייט ער אַרויס זי אַנטקעגן.

עס ווייס אבראַמאָוו זיכער און פֿעסט:
ווען דורכרײַסן וועט די סטיכיע —
וועט מיט די מענטשן אַוועק און פֿאַרמעסט
ווינט, און געוויי, און זאַווייע.

עס מאָביליזירט סערגא דעם אָרום.
זײַן פּאָנעם איז קאַלט און פֿאַרשטיינערט
עס שפּרינגט נאָר די הויט בא די קינבאַקן אום
פֿון צופֿיל פֿאַרפּרעסן די ציינער.

און פּאַזע ברעם, פּאַם פֿאַרוואָקסענעם ווינד
האָבן אָדערלעך בלוט זיך פֿאַרצויגן,
און ס'דאַכט: ס'איז נאָך גרעסער געוואָרן דער רונד
אונטער ברוינע פֿאַרנעפּלטע אויגן.

האָט ער פֿאַרשלאָסן דעם טיש און אַפֿניך
און הרויסן אַרויס צו די צעכן — — —
דער הימל—ער הענגט ווי אַ פֿעלדזיקער שיכט
באַלד גיט ער אַ פֿאַל
און צעברעכט זיך.

## דער יאַם איז געוואָרן אַנטשטומט

און דער יאַם האָט געפּײַפֿט,
ס'האָט דער יאַם היינט ווי שטענדיק און שטורמישע ווינטן
געראַשט.
ס'האָבן שוימיקע כוואַליעס געוואַשן די גרונטן,
געקאָכט.
יעדע כוואַליע—אַ שניט.

נאָר ס׳שפּרינגען קרישטאָלענע טראָפּן
ווי שפּליטערלעך שויבן
ס׳טרייבן כוואַליעס אַ שפּאַס —
די שטיינערנע פעלדזן
זיי שטייען נאָך שטייף
אַ פּלאַסק אַף אַ פּלאַסק.
גראַניט!

ס׳האָט דער יאַם היינט געפייפט,
ס׳האָט דער יאַם היינט געברוישט,
און געברוישט און געפייפט אין דער הויך האָבן אייזערנע טרויבן.
און שווער
האָט געשפּאַרט זיך די לופט אין דער שוואַרצער גראָבליכיקער רער.

ס׳האָבן כוואַליעס אין רער זיך געוואָרפן, געקלאַפּט און געקראַכט,
די רער האָט געסאָפּעט, געכריפּעט, געריטשעט, געבראָמט.
און ס׳האָט זיך געדראַכט
אַף אַ קליינינקער ווייל
איז דער יאַם היינט געוואָרן אַנטשטומט...
ס׳האָבן כוואַליעס געוואַשן דעם גראַנט...

און צעשטעלט און אַ ריי
האָבן דאָמניקעס זיבן געשלעפּט און געריסן דעם שפּיגל.
און ס׳האָט זיך געדאַכט
און דער בייכיקער רער
האָט די לופט זיך צעשריען, צעבראָמט:
— עס גייט דער משוגען,
ער קומט!

און סימאַמאַל
האָבן יאַטן געגעבן אַ שפּרונג,
מיט אַ ריזיקן שווונג
האָט אַ שפּאַר זיך געטאָן דער משוגען.
זיך געגעבן אַ שנייד
און צעגראָבענער ערד
זיך אין ריגווע פאַרקערט,
זיך פאַרדרייט אָן אַ זייט
ס׳האָט די דאָמנע מיט פייער געשפּייט...

ס׳איז די ערד — אַ צעשמאָלצענע זון,
ס׳איז דער הימל — צעפּאַליעט און רויט,

און סע סמאַליעט די הויט
יעדע ברעקעלע לעבט—ווי א שנייט!

אף א בריקל אין מיט
שטייט דער מײַסטער און כריפּעט און שרײַט —
אזוי ווילד און פֿארשײַט
האָט דער ערשטער טשוגון זיך צעלאָזט...

אָפֿן יאם האָט געפּײַפט דער נאָרד-אָסט.

ע. גאָרדאָן

# ברויט און אײַזן

(ראָמאַן)

## קאַפּיטל איינס

פון אינגול-באיארן כוטער, וואָס ליגט דאָרט לעבן דער אייביק בלאָטיקער משע-רעטבאַלקע לעבן אוים דעם דאָרף, האָט מיכקע סיביריאַק זיך געלאָזט ערגעץ גיין.

ס'איז שוין געווען סאַמע זומער, נאָר קיין האַרבסט איז נאָך ניט געווען. אַ סווער שטיק פאַלין-סטעפּ האָט זיך געצויגן פון כוטער אַזש ביז די גרויסע פּעטערקאָווער מאָהילעס און דאָרט זיך אויסגעמישט און צעגויפנגעגאָסן מיט מעש-קאָלירטע ווייצענע און האָבערנע סטערניע, מיט גרויע פון רעגנס פאַרפוילטע קימאַט אַף שוואַרץ פאַרמעקטע קאָרענע האָנעם, מיט שוואַרץ-צעשויבערטן קאָרן און מיט געלער סוריפּע. מיכקע סיביריאַק האָט פאַרקערעוועט פון דער גרויער שטיק מאָלאָקע אַף דעם גרויס-בגרלאַצקן וועג.

באַזע דעם וועג האָבן זיך געצויגן גאַנצע האָנעם בשענעטשקעס. פון איבערגעצייטיקטע זאַנגען זייערע בלעטער געווען ווייס, די גרויע-געל-צעפּוקטע פולע קאָלבעס האָבן אַליין געגומען אַרויסקריכן פון ווייכן שאָלעכץ, די דאַרע פול-באַהאָנגענע שטענגלעך האָבן זיך געבויגן, און מיט זייער זאַנגלאַרטיקער בליאַנג זיך געניינט איינע צו די אַנדערע.

אַביסל ווייטער איבער אַ געל-פּאַרוויאַנעטער איבערגעצייטיקטער פּירער-ראָנע האָט זיך אָנגעהויבן ציען פּאַרסאָלנעק.

צוריק מיט עטלעכע וואָכן איז מיכקע סיביריאַק געפאָרן אַף דעם וועג. ער האָט דאַן געדינט באַ הירשע אַראַון אַפן טויק.

די אָנגעלאָרענע אַרבע ביז איבער די לייטער האָט זיך געטרונקען צווישן דעם געדיכט-באַוואַקסענעם פּאַרסאָלנאָבעוואַלד.

דער וואַלד האָט געבליט. אַף יעדער גרינער שטענגל איז געזעסן אַ צעבליטע זון און אונטער איר געלד אָנגעגאָסן מיליאָנען ווייסע זיסע יאָדערלעך. איצט די דעסעטינעס אָראָפּגעבויגענע, די צעבליטע זונען זיי פאַרלאָשענע שוואַרצע, פולע אָנגעגאָסענע, איבערגעבליטע...

און דער געדיכטעניש פון דער פּאַרסאָלנעבע הויבט אָן פון צייט צו צייט עפּעס שאַרכען... אַ בלעטל הויבט אָן שאַרכען, רירן זיך די איבעריקע בלעטער און רופן זיך אָבער אַף דער גאַנצער לענג פון דער האָנע... אַ פּאַרסאָלנעק הויבט אָן רירן זיך און כוואַליען אַ גאַנצע האָנע קעפּ, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך אָפּרייסן פון דער ערד און ערגעץ אַוועקגיין.

באַ אַ ברעג האָנע לעבן אַ שוואַרצן פרישאויפגעאַקערטן דעסיאַטין איז געזעסן אַ גרוי העזל און אַרויסגעקוקט ערגעץ אין סטעפּ אַריין. ער האָט פלינק געוואָרפן די אויגלעך אין אַלע זייטן און געזוכט אַ דעסיאַטין בגריאַן—אַ זיכערן שוץ פאַר זיך.

דער העזל האָט אַלע ווײַלע אויפגעשטעלט די לאַנגע אויערן. געזעסן אַ ווײַלע, זיך אַרומגעקוקט און מיט דער לינקער פּאָדערשטער פיסל זיך געקראַצט אונטער לינקן אויער. אין זיינע אייקבערטענע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט צוויי שטיקלעך קוילעכדיקע זון.

מיכקע סיביריאַק איז פאַרטייעט געגאַנגען, זיך געגאַנוועט פון די בשענעטשקעס

צו דער מעזשע. די אויגן זײַנע האָבן געבּרענט ווי בײַ אַ קאַץ, ווען זי צילעוועט זיך נאָך אַ פֿייגעלע. די הענט אויסגעצויגענע, די דלאָניעס אָפֿענע, די פֿינגער פֿאַרבויגענע, און פּלוצים האָט דער העזל ווי אַ שפּיק קורץ און אַ צעיאָגטן סטעפּ־ווינט זיך געגעבן אַ טראָג איבערן שוואַרצן אויסגעאַקערטן רעסיאַטין.

— מ־ו... מ־ו... מ־ו... אַ בוראַבע... אַף דיר... מ־ו — האָט מיבקע גענומען שרײַען יאָגנדיק דעם העזל, מ־ו... כאַפּט אים... אָט דער רוער זאָל אים נעמען... ער האָט געכאַפּט פֿיס. ווײַט, ווײַט איבערן אויפֿגעאַקערטן שוואַרצן רעסיאַטין האָט זיך געטראָגן דער העזל אומטערשפּרינגענדיק איבער די הרודעס און באַמבלענדיק מיט די לאַנגע אויערן.

מיבקע האָט אַרײַנגעדריקט צוויי פֿינגער אין מויל און אַ הילכיקער פֿײַף פֿון דער טאָמצער בריסט האָט זיך צעשאָטן איבערן סטעפּ — דעם טאַבונטשיקס כאָרט ווען כ'האָב דאָ — האָט ער אויש פֿאַרטשירעדיק די ציין גענומען רײדן...

אים האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, ווי ער וואָלט עס אים געשלעפּט פֿאַר די הינטערשטע פֿיסלעך מיטן גרויען בײַכל אַרויס און דאָס האַרץ בײַם העזל וואָלט געקלאַפּט, זיך געוואָרפֿן ווי אַ פֿייגל אין אַ שטײַג, ער וואָלט געהרגעט מיט די פֿאָדערשטע פֿיסלעך... אַלע יאַמן פֿון דאָרף וואָלטן אים נאָכגעיאָגט און ער וואָלט אָוועק צו אַפּרישקע דעם שאַבטשיאָר אָדער צום טאַבאַנטשיק, זיי וואָלטן אים אָפּגעשונדן און זײַנע בײנדעלעך וואָלטן געטרעשטשעט אונטער זייערע ציין און פֿון דער פֿעלכל וואָלט ער נאָך געהאַט אַ גוטע היטל אויף ווינטער...

דער געדאַנק איז אים פֿלינק ווי דער העזל איבערן שוואַרצן רעסיאַטין דורכגעלאָפֿן און ער איז געבליבן שטיין. די פֿאַרסאַלגיקעס האָבן זיך פּאַמעלעך און שווער געוויגט, בויגנדיק די שווערע קעפּ צו דער ערד.

די פּלעמלער פֿון די פּשענעטשקעס האָבן אַלץ געקאַרשעט און דער סטעפּ האָט גערוישט און צווישן דעם ברייט־צעוואָרפֿענעם געדיכט־באַוואַקסענעם סטעפּ האָבן זײַנע אויגן לאַנג געמאָנט אַ גרויסן פּינטעלע, אַ העזעלע, וואָס טראָגט זיך ווי אַ בליץ איבער דער ערד...

מיט דער שוואַרץ־אויפֿגעאַקערטער האַנט איז מיבקע אַרויף אַף דעם גרויס־באַרלאַצקן וועג. זײַנע פֿיס, שוואַרצע, מיט ערד־דורכגעזאַפּטע, ווי אַלטע וואָרצלען, וואָס מ'רײַסט זיי אַרויס פֿון אַ נאַסער שטיק ערד, האָבן געטאַפּט אַ גלאַט־אויסגעפֿאָרענעם שטעגעלע „ס'זאָל אים אַזוי ניט שטערן".

ער האָט מיטאַמאָל דערפֿילט אַ מידקייט, מיבקע. זײַן שוואַרצער פֿון זון פֿאַרברוינטער פּנים, וואָס דערמאָנט אַ פֿאַרסמאַליעט קאָרן־ברויטל, איז מיטאַמאָל באַגאָסן געוואָרן מיט שווייס. דער צעגאָסענער קאָרנאָכער נאָז מיט די גרויסלעכע נעזלעכער, האָט ווי אַ גומענער זיך אויסגעצויגן פֿון שווערן אָטעם — אַזוי אָטעמט נאָר אַ מיד־שלאָפֿנדיקער מענטש... אַף דעם צעשויבערשטן שוואַרצן קאָפּ האָר, האָט ער געפֿילט, ליגט זיך אַ שווערער וואַרעמער שווייס, וואָס רינט אַראָפּ איבערן שטערן ביז די אויגן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם גרויען פּעלצל און געבליבן אין אַ קורצינקער מיט שטריק און שווייס דורכגעזאַפּטער העמד.

— ס'איז נאָך הייס, פֿו — האָט ער צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן און אויפֿגעהויבן די פּולע שוואַרץ־בלויליכע אויגן צום הימל — צי די זון בּאַרעט, צי ס'איז מיר הייס פֿון וועג... אָפּגעשפּאַרעט אַ פּאָר ווייאָרסט...

און אינגל־פּאַיאַרע האָבן שוין אָפּגערוישט די מויקן — ס'האָט אָפּגעפּאַרעט דער זומער און פֿון דעם זומער האָט זיך מיבקע דערפֿילט מיד, ווי די ערד ערעוו האַרבסט...

אַף די מויקן ליגן נאָך גרויסע צעשויבערטע סטערטעס שטרוי, קײַלעכדיקע וואַרעכס *) פּאָלאָווע, קופּקעלעך פּאַסלין — דאָס ברויט רוט שוין אונטער די דעכער, די באַלקנס בויגן זיך... זײַנע אַקסלען, ווי די שווערע מידע באַלקנס פֿון די בײדימער, וואָס האַלטן אויף דאַך ברויט האָבן עס איבערגעשלעפּט, איבערגעטראָגן דעם סטעפּ אַף זיך, און איצט טראָגן זיך זײַנע אַקסלען אַף די שוואַרצע געזונטע פֿיס, וואָס דערמאָנען מיט זייער קאָליר פּעדרישע קאַ־

*) וואַרעך — הייסט די פּאָלאָווע מיט די קערנער אָפּן מויק צונויפֿגענומען און אַ קופּע.

בײמער און וואָס האָבן דעם לענג און ברייט פון סטעפּ אויסגעטראָטן...

יעדער צײַט זיך ערגעץ אין אַ דערבײַיִקן כוטער פאַרדינגען זיך אויף ווינטער... מיכקע האָט מיטאַמאָל דערזען, ווי פון בגרלאַצקער בערגל האָט זיך גענומען אַראָפּלאָזן אַ קופּקע מענטשן. די מענטשן האָבן זיך געצויגן אין אַ שנירעלע איינער הינטער דעם אַנדערן, פּונקט ווי געטריבן, וואָס גייען אַרויס פון אַ טײַך. אַראָפּלאָזנדיק זיך אַראָפּ באַלקע, האָבן זיי זיך עפּעס ווי צונויפגענאָמען און אויסגעזען ווי איין גרויסער קאָלירטער פלעק, ווי אַ שטיק האַרבסטיקע ערד... מיכקע האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָס קענען זײַן די שאַכטיאָרן פון דעם דערבײַיִקן אַרץ-גרוב, וואָס ליגט הינטער הינטער בגרלאַצקער באַרג... דאָס גייען זיי אין אינגגל-סאַיאַרע צו הײַרישע אַראָון ווײַן טרינקען.

לעם באַרג, ווו ס'שטייט די אַרץ-גרוב, טראָגן זיי זיך אָט די קאָלירטע מענטשן פון אַלע בערגן סטעפּ. זיי טראָגן זיך מיט לעמפּעלער אין די הענט, מיט מאַרנע הײַ-לען אויף די קעפּ און פאַרשווינדן אונטער דער ערד, פאַרשווינדן, ווערן ניט און קומען ווידער און טראָגן זיך ווידער רייעטווײַז, ווי געטריבן איבערן סטעפּ. די אַרץ-גרוב שטייט אינמיטן סטעפּ און ווען ניט ווען, ווי אַן איינציקער פאַרבליבענער פערד אין סטעפּ, וואָס בענקט און הויבט אָן לויפן צו זיך, הויבט עס אָן הירזשען מיט זײַן שטאָלענער האַלדז.

די מענטשן פון די ווײַטע דערפער, צע-שפּרייטע איבערן סטעפּ פון דעם קאַנט, ציען זיך דאַן אָן אַפּהער אַהער צו דעם אַרץ-גרוב. אַרום דער אַרץ-גרוב האָט פון פאַרטאָג ווי אַ מעסטיקע פײַערדיקע ראָד זיך געקײַקלט די זון.

אַ קאַלטע סאַף-זומערדיקע, אַ רויטע, האָט זי זיך פאַרקײַקלט אונטער גרויע און בלוי-שוואַרצע וואָלקנס. באַ אַ ראַנד הימל, האָט אַן איינציקער וואָלקן אַ פּאַשטעטער פון פּאַסן זון, אַ פאַנעלטער מיט אַ בערן-בײַכל, מיט אַ גאָלדענעם פײַערדיקן עק, מיט בלוי-גרויע פליגלען, ווי אַ פּאַווע זיך געטראָגן איבערן הימל און ערגעץ ווײַט, ווײַט געשווומען צווישן דער כמאַרע גרויע וואָלקנס...

מיכקע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— ס'וועט זײַן רעגן... כאַרא כמאַרעס ס'טראָגט אָן.

די שאַכטיאָרן האָבן זיך פאַרקערעוועט אין מיט דעם סטעפּ-וועג דורך די קאַר-טאָפל-גערטנער פאַרבײַ די קלעניעס זיך גע-לאָזט גלײַך צו הײַרישען אין הויף.

— ערשט פון אונטער דער ערד אַרויס און שוין ווײַן טרינקען אַוועק—אָט דער רױער יאָל זיי נעמען—האָט מיכקע גע-טראַכט. די סיווע פּאַלן, דער שוואַרצער בגריאַן און דער געלער קאַטראַן האָבן גע-שוועבט פאַר מיכקעס אויגן פאַרשיידנ-קאָלירטע, ווי דער הימל מיט די וואָלקנס, און זיך צונויפגענאָסן אין איין גרויסן סטעפּ, וואָס ציט זיך ווײַט, ווײַט, ווי קאַ-לירן פון איין לײַב, פון איין גרויסער שוואַרצער ערד.

אים האָט זיך דערמאָנט, וואָס דער אַל-טער דאַנע פון כוטער האָט דערציילט—אַז דורך די ערד מיט אײַזן, ווי אַ בין מיט האָניק... אויבן בלוט קאָרן, אויבן שײַנט די זון און ס'טרינקט די ערד און ס'דוכט דער סטעפּ און אונטן, ווו מיכקע סיביריאַק גייט, ווו ס'שטייט אינגגל-סאַיאַרע איבערן גאַנצן סטעפּ, דאָרט און דער טיף אונטער דער ערד, קריכן זיי אַרום אָט די מענטשן, ליגן דאָרט ווי קראָטן מיט אויגן-קלייניקע לעמפּעלער, צוען—אײַזערנע קיר-קעס און רײַסן דעם אײַזן.

אַמאָל, צוריק מיט אַכט יאָרן—האָט זיי דערציילט דער אַלטע דאַנע העט שפּעטער, ווען די יודישע קאָלאָניסטן האָט מען פאַר-טריבן פון הײַנטיקע לאַמטיישע שטעט, פון דאָרפישע שטעטלעך, פון רוסישע מעריק אהער אויף די סטעפּעס, לאַנג וואַלגערנדיק זיך דאָ אין קוימיקע באַראַקעס, איז פון ניט ווײַט ערגעץ געקומען צו זיי אַ מענטש מיט אַ סאַך רויטע שטײַנדלעך.

דער אַלטער דאַנע האָט אַוועקגעלייגט די האַנט אויפן האַרצן און זיך אָנגעהויבן שווערן, אַז ער געדענקט עס אַליין. ער האָט עס אַליין געזען מיט זײַנע אויגן... פון יאָר-ווײַז פאַרן מיט דער אַקס איבער פרעמדע טראַקטן, פאַרמישטע פון וועג-קרענק, פון כאָליערעס און טשאַמאַען האָבן מאַמעס גע-וויינט נאָך זייערע קינדער, וואָס זײַנען גע-בליבן אויסגעזייטע איבערן סטעפּ פון די וועג-קרענק... האָבן מאַמעס געוויינט איבער ווייטער

גורל, וואָס מ'האָט זיי פאַרפירט אַף ווילדע סטעפּעס, איבערגעלאָזן אונטער כמאַרנע הימלען, צווישן ווײַטע סטעפּישע דאַווייען און געהייסן זיי ווי סאַיעס אײַנגראָבן זיך אין דער ערד אין אייבּיק, אייביק לעבן דאָ אין עלנט צווישן ווינטן און שניי. דער מענטש, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבערן סטעפּ מיט שטיינדלעך אין האַנט, איז אָפּט געקומען צו זיי, געפרעגט זיי, צי האָבן זיי דאָ ניט געפינען אַזעלכע און אַזעלכע שטיינדלעך—די קאַלאָניסטן, ווי אַלע מענטשן פון דעם קאַנט, האָבן געלאַכט פון אים. דער מענטש איז אַוועק צופוס און אַ שטאָט איבערגעגעבן וועגן דעם די געלערנטע מענטשן.

— אונטער דער גרינער ווילדער סטעפּ-הויט קלאַפּט אַן אײַזערנע האַרץ,—האָט דער מענטש אַלעמען געזאָגט,—מיליאָנען פודן אײַזן ליגן אין די געדערים פון דער ערד.

— פּונקט אַזוי ווייסט ער עס, ער האָט דעם אויער צוגעלייגט... ער איז דאָרטן געווען... ער האָט עס מיט דער האַנט אָנגעטאַפּט—האָט מען געשמייכלט און אָפּגעמאַכט מיט דער האַנט.

— אַן אײַנרעדעניש. קאָרג מעשוגאָים זײַנען דאָ.

און דער קייזערלעכער הויפּט-שטאָט איז דער מענטש אַוועק—האָט מען אים דאָרט אויך אויסגעלאַכט...

דער מענטש איז לאַנג אַרומגעגאַנגען איבערן קאַנט מיט די רויטע שטיינדלעך אין האַנט—דער פּאָרעץ זײַנער האָט אים דעריפאַר ביז טויט געשלאָגן און אַרויסגעטריבן...

באָרוועסע בלאָנדע קינדערלעך זײַנען אים נאָכגעלאָפן אַף די וועגן און געשריען:

— מעשוגענער, מעשוגענער...

די קינדער האָבן אַף אים די הינט גערייצט, שטיינער געוואָרפן און די נאָסן, אים נאָכגעלאָפן.

און אַ געוויסער צייט אַרום, איז דער מענטש, וואָס האָט געפינען אײַזן-אַרץ אינטער דער גרינער ערד, געשטאָרבן... ער איז געבליבן ליגן אינמיטן וועג מיט אַן אײַזערנעם שטיין.

העט שפּעטער איז געקומען פון ווײַטע קאַנטן אַ פראַנצויז, באַטראַכט די געגנט, באַטראַכט די רויטע שטיינדלעך—געשריבן לאַנגע בריוו, ווידער געצייכנט און גערעכנט, געזוכט דעם מענטשן, וואָס האָט זיך אַמאָל אַרומגעדרייט אין סטעפּ און שטיל און זיך געטראַכט וועגן דעם אײַזן, וואָס ליגט דאָ אונטער דער ערד.. דער פראַנצויז איז אַוועקגעפאָרן צום פּאָרעץ, אָפּגעהגליעט מיט אים אַ נאַכט און אין קאָרטן געווונען בײַ אים די ערד מיט די אײַזן.

— אָט אַ נאַר געווען אָט דער פּאָרעץ.. אָט אַ בגרילע—האָבן די כוטעראַנסקע קינדער איבערגערעדן דעם אַלטן דאָנען—אַט אַ פערד—פאַרוואָס האָט ער ניט געוווסט.

— ס'קומט אים—האָט אַ צווייטער איבערגעשלאָגן—האָט ער ניט גערארפט שלאָגן יענעם מענטשן—ס'קומט אים, וואָס רען!

און אַזוי קינדער,—האָט דער אַלטער דאָנע אַ ווײַז געטאָן מיטן פינגער צו די שאַכטעס—אַזוי זײַנען דאָ געוואָרן די שאַכטעס—כ'געדענק עס ווי הײַנט. כ'בין נאָך אַ ייִנגל געווען—דער פראַנצויז האָט בײַם פּאָרעץ פאַר הינט מענטשן אויסגעביטן. דער פראַנצויז האָט בײַם פּאָרעץ אין קאָרטן מענטשן געוווגען און געוואָרפן זיי אונטער דער ערד און זיי זײַנען געווען די ערשטע מענטשן, וואָס זײַנען אונטער דער ערד געקראָכן און זיי זײַנען די ערשטע שאַכטיאָרן געווען. בײַ די מענטשן זײַנען געבוירן געוואָרן קינדער, די קינדער זײַנען אויסגעוואַקסן און נײַע קינדער געבוירן און זיי האָט מען, אײַזערנע קינדער-שאַכטיאָרן אָנגערופן.

די כוטעראַנסקע קינדער איז די מײַסע פון דעם אַלטן דאָנען געפעלן—זיי האָבן אים אַלע ווײַלע געשלעפּט בײַ די פּאָלעס, געקראָכן אַף די פּלייצעס, געצויגן בײַ דער באָרד און אַלץ געבעטן:

— דערציייל אַ מײַסע... דערצייל עפּעס.

דער אַלטער דאָנע איז אין שאַכטע קיינמאָל ניט געווען... דער אַלטער דאָנע איז אויפגעשטאַנען אַלע כאַנצפרי, די הינער און די קורגיקעס האָבן געקרייעט און געוועקט די פויערים צו די שטאַלן, צו די כטעפּעס, פויערטעס צו די בעהיימעס, פרויט באַקן און קאַרטאָפל קאָכן, אַ ווילדער אויסגעצויגענער געשריי האָט פאַרהילכט די הענער.

— טו-טו-טו-טו-טו-טו... דאָס שרײַט די ערד, דאָס שרײַט די שאַכטע.

די וועקט אין פּעטערקאָווקע, בוראַלאַצק,

משאַרנע-קוט און די אַרומיקע שאַכטע-ייִשובים.

און שנעלער ווי געגרייט, מיט לעמפּעלעך—פייערדיקע רויטע אייגעלעך—האָבן מענטשן זיך געצויגן צו דער שאַכטע, נאָר אינגגיל-פּאַיאַרע האָט געהערט דעם פייף, דעם געשריי פון דער אונטערערד און קיינמאָל אהין ניט געקומען... אינגגיל-בּאַיאַרע האָט געזען די מענטשן פון די דערפער, וואָס ציען זיך צו איר. מענטשן, ווי זיי, ווי די כוטאָראַנצעס, ווי ער, מיכקע סיבּיריאַק, וואָס זיינען געבליבן אָן אַ ברעקל ערד, וואָס מע האָט עם בּאַ זיי אָפּגעקויפט, פאַרדונגען, אָדער אויסגענאַרט...

אינגגיל-בּאַיאַרע האָט צו דער שאַכטע ניט געטאָרט קומען. אינגגיל-פּאַיאַרער כוטאָראַנצעס האָבן ווי הינטער אַלע זומער אונטערגעקליבן אַף די מעזשעס פון זייער ערד זאַנגען, געשאַרט קאָרן אַף הייצונג און געווינטערט מיט די קינדער אונטער שטרוי.

— פאַרוואָס גייט ניט אינגגיל-פּאַיאַרע ווי אַלע אין שאַכטע?—האָבן די כוטאָראַנצעס קינדער געפרעגט דעם אַלטן דאָגען.

— ווייל,—האָט דער אַלטער דאָן אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט... געהוסט און זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט און געזונטן בּרייטן פּאַטעם—ווייל מ'לאָזט ניט קינדער... ייִדן לאָזט מען ניט אהין... דער קייסער... ייִדן לאָזט מען ניט, קינדער.

— פאַרוואָס לאָזט מען ניט?—האָבן די קינדער געפרעגט.

מיכקע סיבּיריאַק האָט פון דאַן אָן געטראַכט וועגן אָנקומען אַרבּעטן אַף דער שאַכטע... ער וויל זיך באַגעגענען מיט די שאַכטיאָרן, רייִדן מיט זיי, זאָלן זיי אים מיטנעמען אהין.

— מיינע הענט געפעלן זיי ניט וואָס? זיי זיינען פון אַן אַנדער פלייש געמאַכט... ווי טראָכים און ווי עלקע אָפּגעאַרבּעט אַפן פּויק בּאַ הירשן, בעסער פון זיי אַף דער אַרבּע געלייגט... אַ קופּקע ווייץ מיט דער ווילע אויפגעהויבן ווי איין בּוך.

מיכקע האָט אויפהויבנדיק זיך מיטן בּאַר-לאַצקן בּערגל דערזען אינדערהויך אַ געדיכטן גרויען רויך, וואָס ציט זיך פון דער שאַכטע... ווי אַ גרויער זומערדיקער וואָלקן הענגט ער, דער רויך, און סטעפּ און ווערט אַט שיטערער, אַט געדיכטער. רינגלעכווייז, שנירעלעכווייז הייבט זיך דער רויך איבער סטעפּ און וועבט זיך ערגעץ אַיין אין הימל, אין די וואָלקנס.

און כוטער קוקן די קינדער אַף דער שאַכטע און ווייזן מיט די קליינע פינגערלעך:

— אָן דאָרט, ווייט, ווייט הויבּט זיך אָן די שאַכטע...

און דאָרט ווייט, ווייט אַפן באַרג, זעט זיך אַ מענטש. דאָס קער גיין מיכקע סיבּיריאַק.

פון אונטערן באַרג האָט מיכקע דערזען דעם קליינעם דייטשישן כוטער—דעם שטיזדם כוטער.

## קאַפּיטל צוויי

הירשע אַראַוו איז גאַנצפרי אַרויס פון שטוב אינדרויסן. די הענער האָבן נאָך ניט געקרייט. אַפן סטעפּ בּאַ אַ זייט הימל פון אונטער פּעטעריקאָווקער באַרג איז אַ שמאָל בּלאַסניק-רויטע זון געווען צעגאַנגען... הירשע אַראַוו האָט אַפגיך אַרויפגעוואָרפן אַף זיך די הויזן, אַרויפגעצויגן די צעקריטשטע פאַרפּרוקנטע שטיוול מיט די צעקנייטשטע כאַליאַוועס, אַ צעכראַסטעטער אָן אַ זשאַקעט מיט אַ קוימיקער העמד און די הויזן זיך געלאָזט גלייך אין הויף אַריין... פאַרטאָג האָט זיך אים ניט געשלאָפן... אים האָט זיך אויסגעטראַכט, אַז די הינער ראַיען די סטערטעס שטרוי. און ווי זיי וואָלטן אים מיט די שנאַפּלען פּיקען אין די אויגן, האָט ער זיך אַ צעקאַטעמטער האַסטיק אויפגעכאַפּט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך אים ניט געשלאָפן. דאָס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז אינמיטן הויף איז געבליבן ליגן אַ הראַבּליע מיט די ציינדלעך אַרויף און אַ בּעהיימע קען זיך די פוס פאַמערן און די הראַבּליע צעבּרעכן. דאָך האָט זיך אים אויסגעטראַכט, אַז אַ בּעהיימע איז צו הירש צוגעבונדן און וועט זיך אַ גאַנצע נאַכט ניט קענען לייגן, אָדער זי קען זיך דערשטיקן. דאָס האָבן די הינט צו שטאַרק געהאַווקעט און אַ פּור איז געפאָרן אינמיטן נאַכט...

איז ער אַלע ווײַלע אַרויס אינדרויסן...

די לינקע בלוי-גרוי אויג איז פון ניט דערשלאָפן געווען רויט ווי דער פאַרטאָגיקער הימל. אַ פוילע מיט פײַער האָט זי געברענט, ווי עמיצער וואָלט זי אײַנגעצונדן. אַרויסשטעקנדיק פון טיר דעם קאָפּ האָט הירשע עטוואָס אײַנגעבויגן זײַן הויכן געזונט-געזעצטן קערפּער, אַ קוק געגעבן פריער אויפן הימל, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום גאָרטן, באַבליקט אַ ווײַלע דעם הויף, האָבן זײַנע אויגן זיך אַ טראַג געגעבן איבערן סטעפּ.

זילבערנע טראָפּנדלעך זײַנען געפאַלן פון פאַרטאָגיקן נעפּל אויף די דעכער פון אינגול-באַיאַרע... פון דער רויטקײַט פון דער פאַרטאָגיקער זון האָבן די פאַסן פון אַלץ שימער-ווערנדיקן פאַרטאָגיקן נעפּל אָפּגעשלאָגן פון זיך אַ רעגנבויגן-קאָליר און זיך געשפּילט מיט די ערשטע פאַרטאָגיקע ליכט.

— ס'פרעסטלט שוין, — האָט הירשע אַ בייזלעכער אָנגעהויבן וואָרטשען, — פאַר יאָנטויווים און כאָטש שטעל די בהמות אין שטאַל און קאָרמע זיי... גיב נאָר אַ קוק — האָט ער ווידער אָנגעהויבן, אַרומטראָגנדיק זיך איבערן הויף — ס'קען אויספרירן די קאַרטאָפליעס... וואָס טויגן זיי דאָרט, ס'איז שוין אַ שטיק אויפן טאָג, די נאַכט איז זיי קליין געווען אויסצושלאָפן זיך...

אינגול-באַיאַרע האָט אָנגעהויבן אויפוואַכן זיך. ערגעץ האָט אַ ברוגעם גענומען סקריפּען, ערגעץ אין סטעפּ ניט ווײַט פון דאָרף איז עמיצער מיט אַ ווײַליקער טראַסקערײַ געפאָרן. אָפּגעהילכט, אָפּגעטראַסקעט, איז די פור ערגעץ ניט געוואָרן. אים האָט זיך דאַפקע געוואָלט וויסן, וועמען טראָגט עס אום דער רוגעך אַזוי פרי.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. בלויז די ברינומער האָבן אײַנטאָניק געקווימשעט און נאָכדעם האָט זיך פון צווייטן ברעג דאָרף דערהערט עפּעס קוילעם-קודי, אַ מיסטמעשוגע זאָלט איר אײַנגעמען... קודי — האָט זיך דערהערט פון שטאַל עפּעס אַ קאָל... און אַ ווײַלע אַרום ווידער.

— מײַ... מײַ... מײַ מײַעגיו... מײַ... מײַ... מײַ... מײַ — די בהמות האָט זיך פאַרטאָג אָפּגעריסן פון שטריקל און איז ניט גע-

וואָרן — האָט זיך דינעלער געהערט אַ קאָל פון נאָענט.

— פיל... פיל... פיל... פיליעגיו... ביל... פיל — האָט עמיצער איבערגעריסן און ווידער האָט אַ האַרציקער פויערישער קאָל ליב גערופן זײַן בהמה:

— מײַ... מײַ, מײַ... מײַעגיו... מײַ... — האָט זיך געטראָגן איבער דער לופט פון יעדן הויף אַ באַזונדערער קאָל. אַרום דער הרעבליע האָט ווידער אַ פור געטראַסקעט אָן די הרודעס און געקלונגען זעט אויס פון נײַע ערשט-אײַנגעקאָוועטע אַקסן...

— ווּהין טראָגט עס זיי דער רוגעך פאַרטאָג... לײַט פאָרן שוין אין סטעפּ — האָט ער מיט נאָך מער פאַרדרוס געוואָרטשעט.

— קיש... קיש... אויספּײַניקן זאָלט איר מיט אײַער באַלעבאָס צוזאַמען... געהאָרכנעט זאָלט איר ווערן, פאַרטאָג זײַנען זיי שוין אויף דער קופּיצע — האָט הירשע גענומען טרייבן אַ הון, וואָס איז ווי אַ פויגל באַטשנדיק מיט די פליגלען אַרויפגעלאָפן — קיש... דערוואָרגן זאָלט איר ווערן, פרעסט בײַ אײַערע באַלעבאָטים..

ער האָט אַראָפּגעטריבן די הון, איר נאָכגעיאָגט ביזן שאָטנס הויף און נאָכדעם ווידער געבליבן שטיין און באַטראַכט די צעשויבערטע סטערטע שטרוי, וואָס שטייט האַרט נעבן דער קלוניע.

אַ רויטער פויערל אַ נידעריקס, אַ באָרוועסער מיט פאַרקאַלייעטע רויטע פיס, ווי בײַ אַ קאַטשקע, מיט אַ צעטראַסקעטער בורקע, פון וועלכער ס'האָט זיך אַרויסגעזען אַ קוויטיקע העמד איז ערגעץ פון גאָרטן, צוגעגאַנגען צו הירשען, ווי ער האָט פון נאַנצפרי געהאַלטן אין איין מאָגען פון סטעפּ זײַן בהמה. באַם פויער האָט פון די צעריסענע הויזן זיך אַרויסגעזען שמיקער לײַב, וואָס האָבן געציטערט פון פאַרטאָגיקן שוידער. אַ צוטראָגענער מיט איין פאַרקאַטשעטער קאָלאָשע, איז ער געשטאַנען אַ ווײַלע און דערהערנדיק פון ווײַטן עפּעס אַ בהמישן קאָל, האָט ער זיך ווידער געלאָזן לויפן איבערן גאָרטן.

— ווּהין טראָגט דיך דער רוגעך אינבערן גאָרטן... די פיס זאָלן אײַך אָפּליימען, זעסט ניט, אַז דו צעטרעטסט די הרודעס.

— די הרודעס זײַנען שוין פאַרטאָגטע, — האָט דער פויער לויפנדיק געענט-

פערט, וואס וועט זיי שאטן.—עפשער האט איר באמערקט מײַן בעהיימע—האט דער פויער אפלויפנדיק א פאר טריט אנגעהויבן פרעגן. עפשער... צי זי האט זיך אפגעריסן פון שטריקל... צי מ'האט זי באם-וועבאלילע צוגענאגוועט... אייגע, מער האב איך ניט,—האט מיט צאר אין די אויגן גענומען ריידן דער פויער... מער האב איך ניט. א שטיב מיט קליינע קינדער און א קאפ מילך.

— לייטענע הענט, אז זיי קענען דען אויסלייגן א קאפיצע, א רעכטער ווינט און ס'קערט איר איבער—א יאם מיט שטרוי. א קליינקייט, ווי ס'האט גענאסן דעם זו-מער—האט הירשע פריער צו זיך גערעדט, געקוקט אף דער קאפיצע און נאכדעם זיך אפגעקערט—וועלכע בעהיימע?

— אייגע, מער האב איך ניט, א רויטע מיט א ווײַסן פינטל אונטער דער לינקער פוס, א פינפטע האלבע רויקע אפן אייטער האט זי גאר.

— זוך... זוך זי איצט די בעהיימע דײַנע. איר זײַט עס ווערט, א טווארעבע זאל קומען אף אײַך. מ'דארף זײַן באלעבאטים איבער אן אייגענער שטיקל קו, אז איר קענט ניט זײַן קיין באלעבאטים, ווערט געהארגעט — דערפאר האט איר ניט.

דער פויער איז א ווײַלע געשטאנען, געפאכעט מיטן אקאציע-רוטעלע, וואס ער האט געהאלטן אין האנט און זיך ווידער געלאזט לויפן.

— מײַ... מײַ... מײַעגיו... מײַ... מײַ—האט ער אן אופהער געשריען און געמאנט פון סטעפ, די מויל איז בא אים געווען אפן און א שוים האט געשלאגן פון דארט און גערונען אף דער רויטער בערדל...

— מײַ... מײַ... מײַעגיו... מײַ...

הירשע איז אלץ געשטאנען און מיט דער הראפליע פאריכט די ווינקלען פון דער סטערטע שטרוי. דער פויער איז אין א ווײַלע ארום ווידער פארבײַגעלאפן פון גארטן און זיך געלאזט איבער די הויפן.

— זעסט,—האט אים הירשע אנגעכאפט,—זעסט די גאנצע קאפיצע האבן זיי מיר צעפאטערט. אײַערע בעהיימעס... איך וועל באקן, וועל איך זיי גלייך די פיס אונטערפריבן, אדער מיט א ווילע אין זײַט דערלאנגען.

— זי האט זיך פון שטריקל אפגעריסן, אף מײַן געמאנעס—איך זאל זי אזוי א לעבעדיקע דערזען—האט דער פויער האלטנדיק זיך באם האלדז א פארסאפעטער גערעדט.

ווייך און אונטערטעניק האט ער גערעדט דער פויער צו הירשען, ווי די אלע ארומיקע פויערים, וואס האבן געפילט, אז זיי וועלן ווען עס איז דארפן אנקומען צו הירשען נאך א טויווע און א שווערער צײַט.

פרילינג קומט צו אים א האלבער דארף זריע לײַען. בא וועמען ס'טײַעט ניט קיין ברויט ביז נײַע, קומט צו אים... אז ס'צעבראכט זיך א וואגן, קומט מען אמאל א ראד אנטלײַען, אדער העלפן פאראקערן א שטיקל דעסיאטין—און ער קען מענטשן טאן א טויווע, אדער ניט טאן, אלץ איז געווענדעט אין זײַן גוטן ווילן, ער קען צאלן פאר א דעסיאטין עיר וויפל ער וויל. דערפאר כאנפען אים אזוי אייניקע פויערים, דערפאר האט ער געשריען, אז אלע זאלן הערן, דאס גאנצע דארף זאל הערן.

— מיט א ווײַלע אין דער זײַט וועל איך דערלאנגען, ווי איך בין א ייד, באלעבאטים זײַט איר, א מאליערע זאל אײַך אויסקאטשען.

דער פארטאגיקער זילבער האט אונטער דער צעגאסענער הויטער זון טראפנדלעך ערגעץ זיך אופגעהויבן און זיך געטראגן הויך, הויך צו די וואלקנס.

די ערד איז געלעגן א פײַכטע, א שווארצע, א הארבסטיקע-מידע.

אייניקעווײַס האבן אנגעהויבן אופשטיין הירשעס זין. אלע אין אים געראטענע: הויכע, שלאנקע מיט לאנגע פיס און מיט טונקעלע האר, מיט שווארצע פולע אויגן. די עלטערע מיט אונטערגעהאקטע קליינע בלאנד-טונקעלע וואנציקלעך און קוימיקע העמדער פון וועלכע ס'האט געשמעקט מיט טויק, מיט באלאטע, מיט פרישן ערשט-אויסגעטעלדריצעטן שטרוי.

— די זון איז שוין הויך, בא לײַטן איז מען שוין לאנג אין סטעפ,—האט הירשע זיך אפגערופן צו זיי.

און אין א ווײַלע ארום:

— בא דער הניאדער איז די כאלקע אנגעריבן, איר, וועט אביסל וואליק אונטערבעטן אונטער דער שלייע, אז איר וועט

שפּאַנען—האָט הירשע זיי פּעסט אָנגעזאָגט, עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט און פּלוצים זיך דערמאָנט, אַז ס'איז שוין אַ שטיק אָפּן טאָג און די הינער זײַנען נאָך אין קאַרניק פאַרשפּאַרט. איז ער צוגעגאַנגען, אַ שפּאַר אויף געגעבן די קליינע טירעלע און איבער זײַן פּנים, צווישן די פּיס, איבערן קאָפּ, איבערלופטן, און אויף דר'ערד, האָבן גענומען לויפן הינער—שוואַרצע, הויכע מיט לאַנגע רויטע עשוואָס פאַרבויגענע קעמלען, געל-געפּינטלטע, ווײַסע מיט שוואַרצע פליגלען, ווײַסע מיט פלעקן אויף די וואָליעס—ווײַסע מיט געלע בײַכער, געלע מיט ווײַסע בײַכער, קאָסמאַטע מיט גידעריקע פּיסלעך, מיט הויכע און גרויגאַקעטע פּיס—גאַלענאַנסקע—די הינער האָבן זיך מיטאַמאָל אויסגעמישט און איין קאָפּע מיט צעשפּרייטע פליגלען און מיט פאַרזיסענע העלדזער און זיך צעשריען:

— קראַ-קאַ-קרר-ר-קאַ-קר-ר...

און אַ מעשוגענעריקן קרײַז האָבן זיי זיך גענומען מישן אַרום הירשען.

— די הינער זײַנען הונגעריק—האָט ער צו זיך גענומען ריידן—ס'איז שוין אַ שטיק אָפּן טאָג. מיט די אויגן האָט ער גענומען וואַרפן, וועלכע פון זיי איז אויף הײַנט מיט אַן איי און גיך, גיך גענומען ציילן מיט די פינגער.

די הינער האָבן געפּאַטשט מיט די פליגלען אין דר'ערד, זיך געשלאָגן, גיך, גיך געפּיקט מיט די שנאָבלען אומעטום-קלײַבנדיק די קערנער פון דר'ערד.

— האַלעמיינעס, וואָס האָרעוועט איר זיך האַב, נאַט אייך נאָך—האָט זיי הירשע אָנגעטערגעשאָטן קלייניוויצל און וואָס מער ער האָט געשאָטן ווייצלעך, אַלץ מער האָט זיך די הינער אויסגערוכט, אַז ס'איז זיי ווייניק, אַלץ מער האָבן זיי זיך געשלאָגן. פון שטאַל מיט צוויי גרויסע צעבערס פולע מיט שוימיק—ווײַסע וואַרעמע מילך, איז אַרויסגעגאַנגען הירשעס ווײַב, מאַלקע, אַ גראָבלעכע, ניט קיין הויכע, מיט אַ פולן ברויגעם פּנים, עפּעס אַ צעקנייטשטער פון אַלטקייט, מיט אַ גרויסן קאַרנאָכן נאָז. מיט די רויטע פון מילך-אויסגעוואַשענע און אויסגעוואַרעמטע פינגער האָט זי פעסט געהאַלטן די צוויי צעבערס און האַנט און קאָם זיך געריכט מיט זיי.

— באַ לײַטן אַ באַלעבאָסטע,—האָט הירשע זיך בײַזלעך צו איר אָפּגערופן,—אַזוי שפּעט, און די הינער זײַנען נאָך ניט אָנגעקאָרמעט.

— צערייס זיך, אַדראַבע, אַלץ דאַרף מען אָנקאָרמענען. די ווירטשאַפט איז גרויס, קיין דינסטן דינגסטו ניט אויף ווינטער,—האָט זי מער געשריען, ווי גערעדט.

נאָכדעם איז זי שטיין געבליבן, געשעפּטשעט מיט די ליפּן עפּעס, פליניק באַוועגט דעם גרויסן ווײַס-פינגער איבער דעם קרײַז הינער און געציילט, וועלכע איז פון זיי מיט אַן איי. איר פּנים איז געוואָרן אָנגעצויגן, די אויגן, די הענט, דער קאָפּ—אַלץ האָט איצט בײַ איר געהאָרעוועט צו באַרעכענען די אייער.—פינף און צוואַנציק—האָט זי זיך און אַ ווײַלע אַרום אָפּגערופן.

— דאַכט זיך, צווייאונצוואַנציק,—האָט איר הירשע געענטפערט, וואָס האָט אויך געהאָרעוועט און געוואָלט איצט זיך דערמאָנען, צו די געלע, די קאָסמאַטע האָט זיך נעכטן געלייגט, צי ניט. ער האָט פליניק נעשאַטעוועט מיט די אויגן דער געל-קאָשמאַטער הון, אַ כאַפּ געטאָן איר פאַר אַ פיסל קיין פעדערן זאָלן זיך ניט אויסרײַסן און אונטערגעטראָגן מאַלקען זי זאָל אָנטאַפּן—מ'דאַרף היטן די אייער, אַלע טאָג ווערן פאַרפאַלן אייער. די שבייגים די נעטרײַע שלעפּן פון די נעסטן.

הירשע האָט אַראָפּגעלאָזט די הון, אָפּגערעקט די צעבערס מילך, אַרײַנגעקוקט אין עמער אַרײַן, אַראָפּגעבלאָזן די שוים ווי מ'בלאָזט אָפּ אַ שטרוי פון אַ פרישן אויסגעצויגענעם עמער.

— זיי האָבן אָפּגעריסן מילך די בהמות—אָדער מ'פּאַשעט זיי שלעכט... אָדער זיי זײַנען אין קאַלב... אַלע האָבן אָפּגעריסן?—האָט הירשע אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט:

— נאָר די בורע מיט דער געלער.

— זיי זײַנען, אַפּאָנעם, אין קאַלב, זיי זײַנען זיך פרי געלאָפן... ווײַז, כ'וועל דיר העלפן דעם עמער מיט די מילך צום סעפּאַראַטער צוטראָגן,—האָט ער אָנעמענדיק פעסט מיט דער האַריקער גרויסער האַנט די עמער, אַ זאָג געטאָן:

— וואָס וואַלגערט זיך עס אין הויף?— האָט מאַלקע דערזעעגדיק אַ ווײַסן העלצל אין הויף אַ ווײַז געטאָן.

— אַ צאָן פֿון דער גרויסער הראַבליע... באַלעבאַטים... דער גאַנצער הויף איז מיט היי אויסגעשפּרייט... מ׳פּאַטערט די ווירטשאַפֿט... מע צעפּאַטערט. כ׳קאָכט יעדער זאַך בלוט, און זיי... זע נאָר סאַראַ היי— זײַד—האָט הירשע געוואָרטשעט.

מאַלקע איז פּונקט ווי הירשע וואָכנווײַס געקראָכן איבער פֿרעמדע קאַרגניקעס זיכן אַז אָנגעוואָרענע איי, איבער אַלע סטויגן אויסגעוועזן און געקאָרעם האָט זי אים פֿאַגאַכט אָנגעזאָגט די בסורע, וואָס זי האָט פֿאַרן טאָג געפֿונען.

— ווער האָט אָנגעוואָרן אַ צאָן פֿון דער גרויסער הראַבליע?—האָט הירשע זיך אַ וועגר געטאָן צו די זין, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום קאָרעטע נעבן ברונעם, אײנער דעם צווייטן אָנגעגאָסן וואַסער פֿונעם גרויכן צעבער און פֿולע הויפֿנס וואַסער געשפּריצט אַף די פֿרישע רויטע בענעמער.

— אַ-אַ-אַ—האָבן זיי געשריִען פֿאַר כיעם נאָך יעדן הויפֿן וואַסער.

הירשע האָט איצט באַטראַכט זײַנע זין, וואָס זײַנען אויפֿגעוואַקסן ווי זאַנגען אין אַ געראָטענעם יאָר. פֿולע, אָנגעגאָסענע, רײַפֿע אײנער אומעטום אַנדערן. אײנער דעריאָנגדיק דעם אַנדערן, מיט צוועלף פֿאָר אויגן ווי הירשעס אויגן, מיט צוועלף נעזער ווי אײן נאָז און דעריקער מיט צוועלף פּאָר הענט ווי זײַנע הענט, געזונטע, פֿלינקע, לאַנג ווי אָנגעמאָסטענע פֿאַר דער זשאַטקע, ווי פֿון אײן זוים אויפֿגעוואַנגענע, ווי אַף אײן שטיק ערד געוואָקסענע, אונטער אײן הימל געצײַטיקע, מיט אײן בלוט אָנגעגאָסענע.

פֿון דעם זייִרן, זײַנעם דעם קאַנטאָניסט, וואָס האָט אין אַ הימישן עלטער זיך אומגעקערט אַהיים, כאַסענע געהאַט און אָנגעשאָטן די וועלט מיט קינדער, ציט זיך עס אָט דער דאָר, דער דאָר פֿון די אַראַווס, וואָס זײַנען ווי אַלע פּויערים פֿון אינגל-באַיאַרע געפֿאָרן אַהער צוריק מיט העכער הונדערט יאָר פֿון הונגעריקע ליטווישע שטעטלעך מיט פֿולע וועגענער קינדער, ווי הונער, און וואָס מ׳פֿירט זינטיק אַף אַ מאַרק פֿאַרקויפֿן... אַהער אַף די ווילדע סטעפּעס האָט מען זיי געפֿירט.

זײַן מאַמע האָט אויך ווי דער זיידע געהאַט צוועלף זין, וואָס זײַנען קימאַט אַלע אין אײן טאָג אויסגעשטאָרבן און אים בעריעריִשע איבערגעלאָזט אַ גאַנצן גומער לאַנד—דרײַסיק דעסיאַטין...

די איבעריקע צוויי ברידער געראַטעוועט פֿון כאָלערע זײַנען זיך צעקראָכן איבער שטעט. באַלמעלאָכעס ערגעץ געוואָרן...

געדענקט, אַז ער איז צעפֿרירן געווען פֿון דער כאָלערע... אַניט, וואָלט ער זיך אייביק געדאַרפֿט שלאָגן מיט זיי ווי אַסאַך פּויערים אין אינגל-באַיאַרע פֿאַר אַ שטיקעלע ערד.

אַמאָל פֿאַלט אים אַרײַן אַ געדאַנק, אַז זײַנע זין וועלן עפּשער, ווען ער וועט שטאַרבן אָט ווי די הינער, מיט צוועלף שנאָבלען שטיין אײנער אַנטקעגן דעם אַנדערן און זיך רײַסן פֿאַר אַ שטיקעלע ערד, ווי די הינער פֿאַר אַ קערענדל און אײנער דעם צווייטן לעבעדיקע אויפֿרעסן.

דערהווײַל איז אים גוט, דערהווײַל איז זײַן הויף אַזוי ווי אַ בינשטאָק און די ערד ווי אַ שטיקל וואַקס, אַף וועלכן ס׳רוישט זײַן בינשטאָק, ווו ס׳ווערפֿט זיך האָניק—גאָלדענע קופּעס ווייץ און אונטער דעם גאָלד-פֿאַרמײַעטע קופּעס ווײַכע מעל ווי שנייִקע הערערעם נאָך אַ ווינגע. זון-קאָלירטע טײַבלעך אײל אונטער ווײַסע יאָרערלעך. שנייִקע ווײַסע שמאַלץ אונטער ווײַסע און גרויע, פֿליושענע געטרונקענע לײַבער. גרויע קופּעס הערט אונטער אויסגעצויגענע לאַנגע קופּעס קערנדלעך האָבער... לאַנגע ווײַסע און מעש-קאָלירטע קופּעס שטרוי, פּעכיק-שוואַרצע, בורע, בולאַנע און רויט-ווײַסע ראַבע פֿערד און געפֿינטלטע בעהײמעס, וואָס ציִען זיך איבערן צעלײַגטן גרינג-צעבלימטן סטעפּ פֿאַרמערן זיך און טראָגן יעדן ווינטער אין שטאַל אַרײַן אַ קאַלב— אַ פֿרישע קומענדיקע בעהײמע.

ס׳רוישט דער בינשטאָק זומער איבערן צעבלימטן אויסגעזאָגלטן סטעפּ, רוישיקע זשאַטקעס אײנע אונטער די אַנדערע ווי שיפֿן אַף גאָלדענע יאַמען, טראָגן זיך איבערן סטעפּ און כוואַליען גאָלדענע כוואַליעס ברויט. דער סטעפּ רוישט און זיי אַלע אין ווײַסע שטרויענע שליאַפּעס גייען נאָך מיט ווילעכ ווי מיט ווײַסלעס אַף אַ

יאם און שאַרן די גאָלדענע כוואַליעס און זינגען רעדעבײַ. זיי זינגען אָפּט פון אומגאַנטע פייקעף, וואָס ער, הירשע, זינגט מיט זיי באַם אָמער און שיל.

שיינע, הילכיקע שטימען האָבן זיי זײַנע זין. אַלע יאָנטויווים פאַרדינען זיי מיט זייערע שטימען אַ פײַנע פאַר הונדערטער באַ דעם דאָרף. פאַרוואָס זיי שרײַען צו גאָט און בעטן פאַר זיך געראָטענע ברויטיקע יאָרן, צאָלט זיי נאָך דער דאָרף.

און הירשע און אַ ווײַסן קיטל ווי אַ שטיק שנייִיקע ערד, שאָקלט זיך, הייבט אויף די הענט אונדערהייך, ווי ער וואָלט זאָגן:

— שיט גאָט ווייץ מיר וואָס מער — גיב וואָס מער רעגן אַף דער ערד. די בעהיימעס זאָלסטו פרוכפּערן, נאָר מיט קעלבעלעך.

און דער גאַנצער דאָרף זאָגט אים נאָך — די ליכט ברענען דאָן ליכטיקע, העלע ווי די סטעפּישע זון.

די זין זײַנע זינגען; ער גייט זיי נאָך דער הראַפּליע מיט דער העמד איבער די הויזן, אַ באָרוועסער, און פאַרציט אויך ווען עס איז אין דער סטעפּ ווערט באַשאָטן מיט קופּעס גאָלדענע ברויט ווי שטערן אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכטיקן הימל.

נאָכדעם, רוישן די חדש-מאַשינעס, ס'בקרופּען פויל־גאָלדענע פּאַטלאַטע האָר־בעס אַף די וועגן—ס'טרייסלען די ווייעל־קעס קופּעס פּאָלאָווע און דער וואָרער וואַקסט און אומעטער הער זיפּ שיט זיך אַ גאָלדענער האָגל פון ווייץ.

אזוי גייט אַוועק אַ יאָר. די זין זײַנע, די יונגע אַראַווס, וואָס רוישן איבערן סטעפּ, קומען מידע אַהיים, לייגן זיך צו צוויי — דרײַ אין אַ בעט (אזוי איז באַ אים אײַנגעפירט פון לאַנג) און חלומען דאָפּקע באַזונדער, יעדעריער פאַר זיך וועגן אַ ווײַב, וועגן אַ פּאָר בעהיימעס, וועגן אַן אייגענע שטיב און וועגן ערד. ער ווייס, הירשע, זייער חלומען—ער ווייס, אַז זיי ווילן צעשטערן די נעסט יעדערער פאַר זיך, אָדער אַרײַנפּרעגנען אים און שטיב אַ ווײַב, אָדער בויען זיך אַפן הויף...

— אַ הויף אַ באַלעבאַטישער, טראַכט ער זיך, דאַרף זײַן געראַם, אַ פור זאָל זיך קענען אויסקערעווען... אַ טויק זאָל מען קענען רעקן און אַ סקאָטינע און פּרילינג זאָל זיך קענען אויסטאַנצן, אַ הון זאָל זיך קענען קאָסקען, יעדער זאַך דאַרף איר שטיקל ערד. אָן ערד איז נאַרגיש, ווי ער גייט כאַלעמט זיך אים ערד, ווי אַ קאַטשקע וואַסער. און ווי ווילן זיי טאַקע נעמען ערד זײַנע זין—טראַכט ער און פּאַלד קומט אים אַפן געדאַנק—ערד וואַלגערט זיך געניג אין סטעפּ, מ'דאַרף נאָר סייכל האָבן, אָן סייכל קאָן מען קיין באַלעבאָס ניט ווערן.

פאַר אַהרײַער דינגט ער אָפּ אַף יאָרן רעסיאַטינעס און די באַלעבאַטים פאַרגינען גאָר, אַז ס'איז זייערע. אָט, ווי די כוטאָראַנצעס קומען אַמאָל מאַנען, גיט ער זיי אָפּיסל ווייץ, אָדער ער צאָלט פּאָראַט פאַר זיי אין האַלט די ערד.

— נישקאָשע, האָט ער דאָן געטראַכט,-- זיי וועלן זיך אײַנוואָרצלען אין די'ערד די אַראַווס, ווי אַ יונגער וואַלד, און זיי וועלן פאַרהלגשען דעם דאָרף.. זיי וועלן אַרײַנלאָזן זייערע וואָרצלען און די'ערד— זיי וועלן פאַרזייען זייערע זוימען און אַז זייערע וואָרצלען וועלן שטעקן אין די'ערד, וועט די ערד אַף אַלעמאָל בלײַבן זייערע— אזוי ווי ער, הירשע, האָט דאָס געטאָן מיט די כוטאָראַנצעס. הענט האָט ער דערווייל— דער דאָרף איז אים מעקאַנע. צוזיצן מי־ערים אַפן טויק, צוועלף פאַר הענט, די ערד קען מען מיט זיי איבערקערן.

— ס'גייט אים ווי אַ גוי, אָנצינדן יאָל ער זיך. די בעהיימעס האָבן גאָלע קעלבלעך און די ווײַב האָט גאָלע יונגלעך.

— אַ מיידל אין דאָרף—פּלעגט אַלעמאָל יעבוחע צוגיין זײַן קעגנאיבערנאַסיקער שאָכן בוראָוויק—איז אַן אָנשיקעניש... בעסער זאָל איך אײַך דערלעבן אָגואָגן, אַז איר ווײַט רײַסער געוואָרן מיט אַ קעלבל— אַ מיידל און אונזער באַלעבאַטישקײַט איז אַנשיקעניש, צו אַ פערד טויג עס ניט, פון זשאַטקע קען עס ניט אַראָפּוואַרפן, נאָר נאַרן גרייט עס—האַרעווע פאַר יענעם... אזוי האָט בוראָוויק אַלע אינדערטן אײַנגעטײַנעט צו הירשען, דערווײַל געכאַפּט אַ פוק און אַלע ווינקעלעך פון זײַן באַלעבאַטישקײַט, געוואָגטשן אים מאַזלדיקע יאָרן און וואָס מער ער האָט אים געוויגטשן, אַלץ מער האָט ער אים געשאָלטן אין זיך:

— ער האָט שוין ווײַטער נײַע צוויי לאָשיצעס, אַט ווי ס'גייט אים, אויספּײַניקן זאָלן זיי... ער האָט שוין ווײַטער צוויי זין, אומזיסטיקע ראַבאָטניקעס, אַט אַ באַליאָטשקע זאָל קומען אויף זיי... די רעדער פֿרעבן זיך גאָר בּאַ אים ניט—שוין נאָך אַ וואָגן געקויפֿט—פֿלעגט ער פּלוצלינג דערזען — פֿאַרט געזונטערהייט... מ'זאָל דערלעבן פֿירן גוטע האָרבעס. און א ו ן ז י ך—איבערקוליען זאָלסטו זיך מיט אים און דער ערשטער פּאַלקע מיט די רעדער אַרויף און דעם קאָפּ צעבראָכן און זיי.

אַזוי פֿלעגט בּראָוויק אַרומגיין איבערן הויף באַטראַכטן יעדער זאַך, אים טיף מעקאַנע זײַן, פֿאַרגלײַכן עס מיט זײַן האָב און גוטס און אַלעמאָל פֿילן, אַז ער יאָגט אים אַריבער און אַלעמאָל מוירע האָבן, ער זאָל ווען עס איז צו אים ניט קומען, ווי ער קומט צו אַסאַך פּויערים און זאָגן:

— פֿאַרדינג מיר דײַן ערד... פֿאַרקויף מיר דײַן לאָשיצע—ניט דערלעבן זאָל ער עס, און מיט פֿאַרדראָס אויסלאָזן—אַז ס'גייט אים. אַ קליינינקייט, ווי ער וואַקסט, באַטש ווער פֿאַרהלושעט. הירשע ווייסט, אַז ווען ער קען פֿאַרשטעלן דעם הימל, ער זאָל זומער ניט רעגענען אויף הירשעס ברויט, וואָלט ער עס געטאָן.

נאָך דעם ערשטן זומערדיקן רעגן פֿלעגט בּראָוויק אַרויסשטעקן דעם קאָפּ פֿון טיר, אַרויבכראַפּן אײַנגעדרייטן זײַן ווײַס-שימער בערדל, וואָס זיצט אונטער דער אונטערשטער ליפּ עטוואָס אָפּגערוקט פֿון מויל אויפֿן נאַקעטן, ניט באַוואַקסענעם פּנים און באַמבלט זיך ווי אַ ציגײַנער ווײדל. ער פֿלעגט גלײַך אַ קוק טאָן, צי ס'האָט גערעגנט אויפֿן באַרג אויף הירשעס ערד און מורמלען:

— ער וועט אָפּגעשאָטן ווערן מיט ברויט נאָך אַזאַ רעגן. אַ קליינינקייט, ווי ס'האָט גענאָסן אויפֿן באַרג, אָפּגעשאָטן זאָל ער ווערן מיט ווערים.

און צו הירשען:

— אַ, וואָס זאָגט איר אַ רעגן, גאָלד.

— אויף אײַערע קאַנטן צו באַרלאַצק צו, האָט מער גענאָסן,—האָט הירש געמיינעט.

— מיר דוכט, אַז בּאַ אײַך אויפֿן באַרג האָט גענאָסן. ס'דוכט זיך אײַך אויס...

ס'זײַנען גאָר וואָלקנס געהאַנגען און גענאָסן האָט אין יענעם קאַנט.

— מיר איז קיין נאַפּקעמינע ניט,—האָט בּראָוויק געטײַנעט,—מיר דוכט, אַז בּאַ אײַך.

אַזוי פֿלעגט יעדערער קוקן אין דער צווייטער זײַט און ניט פֿאַרגינען, אַזוי פֿלעגן זיי זיך אַרײַנקוקן אײנער דעם צווייטן אין די הויפֿן, וואָס זײַנען פּונקט געזעסן אַנטקעגן אײנער דעם צווייטן.

בּראָוויק האָט נאָכצופֿרי הײַנט דערזען, אַז הירשע איז שוין געווען לאַנג אויף די פֿיס, האָט ער זיך ניט טויט ניט לעבעדיק אויפֿגעכאַפּט אַ צעקאַסעטער זיך געשאָלטן און גלײַך גענומען פֿליִען איבערן הויף און דעם באַטראַק מיט דער באַטראַטשקע, וואָס ער האָט געדונגען פֿאַר אַרינקעס *) און וואָס האָבן זיך גלײַך די ערשטע נאַכט שוין אָוועקגעלייגט אין דער קאָפּיצע שלאָפֿן.

— כ'איז שוין אַ שטיק אויפֿן טאָג,—האָט ער גענומען שרײַען,—רירט זיך גיכער, גיי, וועלט געוואָרנט, געלט נעמען ווייסט איר נאָר, בּאַ לײַטן אַרבעט מען שוין לאַנג.

ער האָט גלײַך אַ קוק געגעבן צו הירשען אויפֿן הויף און גענומען טרײַבן דעם פֿאַרשלאָפֿענעם באַטראַק שפּאַנען.

הירשע איז צוגעגאַנגען צו זײַנע זין, וואָס האָבן זיך שוין אַרומגעוואַשן, געשטאַנען אין הויף און באַטראַכט דעם הימל, וואָס פֿאַר אַ וועטער ס'וועט הײַנט זײַן.

— רירט זיך גיכער. רירט זיך, ס'קען נאָך זײַן אַ רעגן, האָט הירשע געשריִען.

— ווער וועט פֿאָרן אויפֿן סטעפּ?—האָט עמיצער פֿון די זין געשריִען.

— זאָל מוישקע מיט אַבען פֿאָרן,—האָט ער אַ ווינק געטאָן מיטן פֿינגער—שפּאַנט גיכער און מיר וועלן גיין אויפֿן גאָרטן.

די צוויי באַלעבאַטים האָבן איצטער זיך ווי געיאָגט און מוירע געהאַט, טאָמער וועט עמיצער פֿריִער מיט אַ מינוט אַרויספֿאָרן און מער מיט עטלעכע ווערשקעס באַווײַזן אויפֿאַקערן.

הירשע האָט אַלע ווײַלע אָט געכאַפּט אַ קוק צו בּראָוויקן אין הויף און אָט געקוקט אויפֿן הימל, אויף די וואָלקנס, וואָס האָבן זיך אָנגעטראָגן פֿון סטעפּ און אַלץ געדיכטער

*) אַרינקע הייסט אַקאָרדניט.

און אַנגעשוואָלענער זיך אַראָפּגעלאָזן געגנ־פּער צו דער ערד.

— געהאָרפּט צופּאָרן אין בורלאַצקע אַ פּאָר שוקבעם דינגען, וואָלטן זיי ביז נאַכט דעם גאָרטן איבערגעקערט.

— כ׳וויל צוליפן און כומער אַ פּאָר יאַט־לער דינגען. מ׳וועט זיי געבן אַ פּוד קאַר־טאָפל און זיי וועלן אים אָפּרייניקן דעם גאָרטן—האָט דער יונגסטער מיט די גראָבע פּלייצעקע ליפּן, כאַנקע, זיך אָפּגערופן:

— און אַליין זעסט איר קראַנק,—האָט הינרשע בייזערנדיק אָנגעהויבן,—וואָלן זיי דערוואָרגן ווערן, זיי קוקן האַד אַרויס, מ׳זאָל זיי עפּעס צוװאַרפן ווי אַ הונט אַ ביין... מיט יתרן הויב זיך אָן, ווילן זיי, מ׳זאָל זיי אָפּגילטן... אַמאָל אַ פּאָר דעסיאַ־טינקעס געראַנגען, מאָנען זיי גאָר הינט.

און אַ ווילע אַרום האָט הינרשע דערזעענ־דיק אַ פּאָר יאַטלער, וואָס זיינען אַרומגע־לאָפן און כומער מיט נאַקעטע בײַלעך, זיי נענומען רופן פּגווייטן מיט דער האַנט.

די יאַטלער זיינען אַ ווילע געשטאַנען, אים אָנגעקוקט, און נאָכדעם, אַזוי ווי אַ צעפּגדעטע סטײַע פייגלען, זיך געלאָזט לויפן מיט נאַקעטע פיסלעך איבערן גאָרטן איבעריאָנגרוק אײנער דעם צווייטן. אויף די נערמנער איז שוין פון נאַנצפרי געלעגן אויסגעצויגן אויף די בײַבער דער דאָרף און געריינוקט מיט די פינגער די ערשט-אויס־געגראָבענע קוסטעם קאַרטאָפל.

(פאָרזעצונג קומט)

א. הובערמאַן

# „פּאָדאָליע, מײַן היים"

(אויסצוג פון א פּאָעמע)

פאַרטאָג אין שטאָט,
סע בײַטן זיך די וואַכטעס.
סירענעס פאַרביקע באַגריסן היים די זון.
שטילע שטעטעלעך,
פאַרקאָוועטע אין נאַכט איצט,
זאָל יעדער מאַמע גיין דערקענען דאָ איר זון.

אין אײַליקן וואַגאָן,
אין ריי צו אַוטאָבוסן,
אין צעטל שלאָגלער אַף א שטורמישן פּלאַקאַט.
אזוינע טונטערע
אין לעבעדיקע גרוסן,
האָבן שטילע שטעטעלעך נאָך קיינמאָל נישט געהאַט.

פון אַלע גאַסן
יאָגן ראַשיקע טראַמוואַיען,
פאַרפולט געפּאַקט ביז איבער אַלע טרעפּלעך.
דורך שויבן „אָפענע
שוואַרצאַפּלען שרײַען:
צו די זונקענדיקע הײַזער אין די שטעטלעך.

שטעטלעך, שטעלט זיך אויף
אַף שפּיצן פון די פינגער!
קוקט דורך אַלע רעלסן, קוקט דורך אַלע יאַמען!
ווערט איר דאָרט דערקענען
אַלע אײַערע קינדער.
פאַרהאָרעוועטע טאַטעס, שטעטלדיקע מאַמעס!

אַף העלדישן דאָנבאַס,
מיט קיילעס אין די הענט.
בײַ הויכע נאַפט-טורעמס אין רויכיקן באַקו.

און קיינער האָט זיך דאָרט
אין די באַראַקעס ניט פֿאַרבענקט.
נאָך אײַער וואַרעם וואָרט, נאָר אײַער ווײַסער שטוב.

שוין גענוג נאָך אַלעמען
צעשפּרייט האָט איר די אָרעמס.
שוין גענוג געזונגען „איי א בריוועלע דער מאַמען“.
זעט, ווי ס׳אַנטלויפֿן
פֿון אײַך קינדער מיט די טאָרבעס,
און לאָזן זיך אַוועק מיט שיפֿן און מיט באַנען.

נאָר ס׳גייט דאָ ניט אין יאַמען,
ס׳גייט דאָ ניט אין שטרעקעס,
אָט שטייען אויף די שטעטעלעך און גייען אין אַרטעלן.
ס׳איז קיינער ניט אַנטלאָפֿן
קיין אַמעריקעס,
נאָר אַלע האָבן צעהאַקט די אומעטיקע שטעלן.

און ווער ס׳איז געבליבן,
און ווער ס׳איז אַוועק.
ווער בײַ זיך אין סטעפּ און ווער אין גאַלערייעס.
נאָר אַלע האָבן
און מ׳ שוין אײַנגענעצט די קעפּ,
און דערפֿילט דעם טאַם, די זיסקייט פֿונעם שווייס.

און איצטער אין פֿאַרטאָג
בײַ טויערן פֿון פֿאַבריקן,
באַגעגענען זיך צווייען, דערקענען זיך און אָפּ.
בײַ איינעם פֿונקען קייַלעך
שפּריצן פֿון די בליקן,
בײַם צווייטן אונטער אויגן—קישעלעך מיט שלאָף.

און ביידע מונטער אויפֿגערעגט,
און ביידע פֿון צוויי שטעטלעך,
שיינדל פֿון פֿעלשטין און שאָלעמקע פֿון באַלטע,
ס׳קען די זון ניט הענגען
אויף די שפּיצן פֿון שטאַכעטן,
קלײַבט מען זי און קעשענעס אויף שפּעטער צו באַהאַלטן.

און טאַטע-מאַמע זעען ניט, —
זיי שליסן איצט די טירן.
און גייען קאָסען ווייץ, און גייען פֿלעכטן טשוגייעס.
ביז אָוונט וועט דער שטויב
זיי אַלע פֿאַרגרינען,
און וועלכע איז דאָן שיינדלס און וועלכע איז דאָן שאָלעמס.

נאָר איצטער איז פאַרטאָג, —
דער הימל איז אין פלאַנען.
הויבט זיך שטעטלעך העכער, ווען איר זיי דערזעען.
עפּשער וועלן אלטע
מאַמעס כאָטש דערקאָנען,
וואָס איז דאָ אַמאָל אין אָט דעם הויף געווען.

ווען איר דאַן שוין ווייסן,
ווען אייך דאַן שוין קלאָר זײַן,
פאַרוואָס באַוויינען מאַמעס קינדער אין דער פרעמד
זאָלט זיי אין די אויגן,
שטיינער זיי אין בוזעם!
וואָס האָבן אונדז די מאַמעס צו טרערן צוגעוווינט.

איצט דאָ שטייען בעוורע
אין די אָפּגעפרישטע צעכן,
און גלעטן מיט די אויגן די פאַרשעגדיקטע דעטאַלן.
און אויף צווייטן שטאָק, —
אַ לערער שטייט און צייכנט
פאַר מאַוול דעם געזעץ פון פיזיקער פאַסקאַל.

און קיינער קען ניט בענקען,
און קיינער וויל ניט וואַרפן,
ניט אָט דאָ אין צעך, ניט דאָרט אין לאַבאָראַטאָריע.
שטעטלדיקע יוגנט
פאַר אַלע אירע כאַרפעס,
האָט דאָס ערשטע מאָל געעפנט מויל און אויערן.

א. אבטשוק

# הערשל שאמײַ

צווייטער טייל

(פאָרזעצונג)

## מיר גייען דורך דעם אָסאָ

אָט דער וואָלקאָוו—איז אזוי איז ער אַ געווײַנלעכער אַרבעטער, ווי אַלע מיר אין צעך, שטייט זיך אָפּ זײַנע זיבן שאָ, היט יעדער רעגע, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, און איז, ווי מיר אַלע, פאַרשמירט און פאַרוואָזנעט בײַ דער אַרבעט, גיט אָבער אַף אים אַ קוק נאָך דער אַרבעט—איז ער שוין גאָר אַן אַנדער מענטש. אַ מיליטער-מענטש איז ער נאָך דער אַרבעט, און שטרענג ווי אַ קאָמאַנדיר ביים מאַנעוורעס.

נאָך דער אַרבעט, אַז מ'וויל ערגעץ געפינען וואָלקאָוון, ווייסט מען איין אָרט. דאָס איז דער אָסאָ-צימער. דער צימער איז אַ גאַנץ גרויסער. אַף אַלע ווענט זײַנען צעהאָנגען ביכער, טײַלן פון פּוליעמיאָטן, קאַרטעס, ווי מ'ווײַזט פאַרשיידענערליי געווער. און דערמיט שטייען קאָזלעס און אַף די קאָזלעס ביקסן אָנגעצילעוועטע צום שיסן. און נאָך אַף אַ וואַנט—גאַז-מאַסקעס. עטעכע און אַף געמעלן,—עס וואַרפט אַן אַ פאַבער, אַז מ'שטעט אַ קוק. אין דעם צימער פאַרעט זיך וואָלקאָוו נאָך דער אַרבעט יעדן טאָג היבשע עטלעכע שאָ. דאָרט קומען אויך פאַר די פאַרנעמונגען מיט די, וואָס לערנען זיך מיליטער-זאַכן. מער פון אַלע ליגן דאָרט איבער די יונגע בעכורע, דער קאָמסאָמאָל.

דער אָסאָ-קרײַזל איז אַף דער פאַבריק דאָס גרעסטע און ס'טוט טאַקע מער, ווי אַלע: מ'רעדט האָפּקע וועגן דעם, ווייניק. מע נעמט נישט אָן קיין רעזאָלוציעס וועגן דעם, די דריי אויסיעס אַליין—„אָסאָ"—דערמאָנען יעדערן, וואָס מע מיינט דערמיט. אַז מ'רעדט וועגן „אָסאָ", דערמאָנט מען זיך אין אַזוינע זאַכן, וואָס וועגן זיי איז גלײַכער צו שווײַגן, און מ'ווייסט שוין, אַז דאָ איז נישט שווער אַסאַך צו ריידן—דאָ דאַרף מען טאָן.

אין די קרײַזלעך פון „אָסאָ" איז שוין אַנגעשריבן מער ווי אַ האַלבע פאַבריק, נאָר וואָלקאָוון איז ווייניק, ער האָט אָפן אויג נאָך אַסאַך קאַמעראַדעס, וואָס זײַנען נאָך בײַ אים נישט איבערגעוועזן: דאָס זײַנען עלטערע אַרבעטער פון אַ יאָר פופציק, אַ פּאָר צענדליק פרויען און דאָס ביסל אינוואַלידן, וואָס וואַרפט זיך דורך אַף דער פאַבריק.

איצט זײַנען בײַ וואָלקאָוון, ווײַזט אויס, אָפּן אָמשערעד די עלטערע אַרבעטער. קיין סאַך, ווייסט ער, וועט ער שוין פון זיי נישט מאַכן, קיין גוטע שיסערס וועט שוין אין די יאָרן און בײַ דעם געזונט אונזערן, ווען די ריע איז אָפּגעשוואַכט און די האַנט קאָן אַ ציטער טאָן, פון זיי נישט אַרויסקומען.

אָבער בײַ וואָלקאָוון גייט קיין זאַך נישט פאַרלוירן. יעדע זאַך האָט זיך בײַ אים אַן אָרט. און פאַר יעדן מענטש האָט ער אַ שטיקל וואַכיגע אַרבעט. אָט האָט ער אַרויסגעהאָנגען אַ צעטל אין די צעכן, אַז די און די דאַרפן היינט, פיר אַזייגער קומען צו אים אין „אָסאָ"-צימער. אונדז, פאַרשטייט, האָט מען פון יאַטשייקע באַזונדערס אָנגעזאָגט, אַז מיר דאַרפן דאָ זײַן די ער-

שטע, וואָרעם, מיר דאַרפן אומעטום ווײַזן אַ בײַשפּיל. זײַנען מיר אַ מאָל פופציק באַלד נאָך דער אַרבעט אַרײַן צו וואָלקאָוון און אים געטראָפן, ווי ער צענעמט אַ גאַז-מאַסקע און פאַרריכט דאָרט עפּעס.

אונדז האָט וואָלקאָוו געהייסן צוּוואַרטן, מיר זײַנען אַלע געשטאַנען אַרום טיש, ווי ער האָט זיך געפּאָרעט בײַ די מאַסקעס, און געקוקט..

אַז ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך גענומען צו אונדז. ער האָט געהייסן אונדז זיך אויסזעצן אַף זיי די בענק אַרום טיש. ער האָט אונדז געהאַלטן אַ לעקציע וועגן די גאַז-אַטאַקעס, וואָס דער סוינע גרייט אַף אונדז צו. ער האָט אונדז דערציילט וועגן די פאַרשיידענע גאַזן, וואָס מ'ווייסט נאָך אַפילע ניט, וואָס זיי זײַנען, און אַז מיר דאַרפן זיך גרייטן און יעדער אַרבעטער דאַרף זיך קענען באַגיין מיט דער גאַז-מאַסקע, וואָרעם בײַם אַ מילכאָמע וועט אויסקומען מער אַרומצוגיין אין דער גאַז-מאַסקע, ווי אָן איר.

אָט אַזוי גייען מיר צו וואָלקאָוון אַף לימודים אַלע דרײַ טעג. אַפן דריטן טאָג האָט ער אונדז געלערנט אָנטאָן די מאַסקע. מ'האָט אונדז אַלעמען אַרויסגעגעבן מאַסקעס, אַף אונדזער אייגענעם כעזשבן (יעדער האָט זיך פריִער פאַרשריבן אַף אַ מאַסקע). וואָלקאָוו האָט אונדז געלערנט, ווי אַזוי צו אָטעמען, וואָס צו טאָן, אויב עס ווערט קאַליע דער אַרײַנאָטעמער און אַזוי ווײַטער.

יצט סאָף פון די צוויי וואָכן, ווען ער האָט געענדיקט מיט די לעקציעס וועגן די גאַזן און מיר האָבן שוין געקענט גוט אָנטאָן און אויסטאָן די מאַסקעס, האָט ער געבראַכט זײַן פאָטאָ-אַפּאַראַט. ער האָט גענומען די קאָמאַנדע און מיר האָבן אַלע אָנגעטאָן די מאַסקעס. ער האָט זיך אונדז געהייסן אַנידערזעצן בײַם טיש, גלײַך ווי מיר הערן די לעקציע, און האָט אונדז אַראָפּגענומען. ער האָט שטאַרק ליב צו פאָטאָגראַפירן, יעדער קרײַזל זײַנעם פאָטאָגראַפירט ער אַראָפּ און הענגט עס נאָכדעם אַרויס אַף דער וואַנט אין „אָבאָ"-צימער.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער געבראַכט די פאָטאָגראַפיעס פאַרטיקע. איך האָב אַ קוק געטאָן און האָב דערזען: אַרום טיש זיצן אַ מאַן צוועלף, און די מאַסקעס זעען זיי אויס, ווי טויטע, אַ שרעק אַ קוק צו טאָן. עס איז שווער געווען צו דערקענען. מיך האָב איך דערקענט אָנעם אודאַרנע זשעטאָן, וואָס איז צוגעטשעפעט צום לאַץ פון מײַן פּידזשאַק. קיין סאַך פאָטאָגראַפיעס האָט ער ניט געהאַט, אַזוי, אַז פאַר אַלעמען האָט ניט געסטײַעט. איך האָב באַקומען איינע—דאָס איז דערפאַר, וואָס וואָלקאָוו שטייט און איין צעך מיט מיר און מיר זײַנען זייער היימיש.

## דער קולאַק לאָזט זיך ווידער פילן

בײַ אונדז האָט מען אין איין מאָבילזירן מענטשן אַפן דאָרף. זיי פאָרן אַהין אַרויסקריגן ברויט, וואָרעם אָן דעם, זיצט די שטאָט אָן שפּײַז. דער קולאַק ווײַזט אַרויס זײַן פאַסקודנע ציין. און מיר דאָ פילן שוין גאַנץ גוט אַף די אייגענע פּלייצעס, וואָס דאָס הייסט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשטערן נאָך ברויט. בײַ די ברויט-קלייטן שטייט מען פון אינדערפרי ביז באַנאַכט. די אַרבעטער בײַ אונדז אַף דער פאַבריק זײַנען אומצופרידן מיט די פאַראָנדקעס. וואָרעם ברויט און שמאַלץ סטײַעט גאָר נעניג, ניטשט מער—פאַרשיידענע ספּעקולאַנטן און הענדלער שטייען מיט די ווײַבער און קינדער און טשערעד און קויפן אויך צו צען ברויטן. מע טראָגט פון סאָראָבקאָאָפּ גאַנצע זעק, און דער אַרבעטער איז אַ גאַנצן טאָג אַף דער פאַבריק און אַז ער קומט פאַרנאַכט פון דער אַרבעט, איז שוין נאָכן ברויט.

די אַרבעטער אַף דער פאַבריק זײַנען צערודערט. מע לויפט פון פאַבקאָם און יאַטשייקע. מ'וויל וויסן אַן ענטפער, מ'וויל עמעצער זאָל דערקלערן, וואָס דאָ קומט פאָר. אין יאַטשייקע איז איצט קיינער ניטאָ. דער קולטפראָפּ אונדזערער, אַ מיידל מיט פענעכנע, זאָגט, אַז מאַלינסקי (מאַקע אונדזערער אַ יאַט, אַ דאַפּעלשטשיק—ער פאַרבײַט איצט פרײַמאַנען), דאַרף באַלד קומען, ער איז אַוועקגעגאַנגען אין פאַרטיי-

קאָמיטעט. מאַלינסקי באַווייזט זיך אינײַנעם מיטן הגדאָק. מיר כאַפּן אים אָפּ אין וועג אין יאַמשייקע און באַלייטן אים אַהיים. מיר באַשיטן אים מיט פראַגעס. מער פון אַלע מאַנדלבוים. אזוי איז ער זייער אַ שטילער מענטש, מאַנדלבוים, אַ רויִקער און בעטעווע קאָעכט ער זיך קאַמאַט קיינמאָל ניט. נאָר איצט האָט עס אים אויך אַרויסגעבראַכט פון די קיילים.

מאַלינסקי שטיט, ווי זײַן מעווע איז, אַ סמאָקע די ריקלעכע ליפּן זײַנע און זאָגט: „קיין פּאַניקע איז ניטאָ וואָס צו מאַכן. בײַ אַזאַ איבערטראַנג מוז אַ קליין שטיקל צײַט זײַן שווערינקײַטן. מ'האָט עס אַפילו פאָרויסגעזען.

און ער דערציילט אונדז, וואָס ער האָט זיך דערוווּסט אין פּאַרטיי-קאָמיטעט, אַז מע גייט איבער צו נאָרמירן דאָס ברויט און אײַנצופירן אַן אָרדענונג. עס וועלן אײַנגעפירט ווערן ברויט-קאַרטן — יעדער וועט באַקומען אַ נאָרמע ברויט, און דערפאַר אָבער וועט מען שוין אָ די נאָרמע באַקומען יעדערער און אַ באַשטימטער קלייט, אָן אַן אָמשערעד.

מאַלינסקי טוט נאָכאַמאָל אַ סמאָקע זײַנע ליפּן און זאָגט: „און קעדיי די קלאַסעווע ליניע זאָל זײַן אויסגעהאַלטן, וועלן ניט אַלע באַקומען גלײַך ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן—אַרבעטער וועלן באַקומען מער, קוסטאַרעס—ווייניקער, אָנגעשטעלטע—נאָך ווייניקער און די, וואָס אַרבעטן ניט, וועלן גאָרנישט באַקומען“.

— אזוי ווי כאַווער לענין האָט געזאָגט, כאַפּט אונטער ציטרין דער פאַרוואַלטער פון אונדזער צעך, ווער עס אַרבעט ניט, דער עסט ניט.

מיר זײַנען איצט ניט קיין סאַך מענטשן אין יאַמשייקע—סאַכאַקל אַ מענטשן זיבן—אַכט. נאָלע פּאַרטייצעכ. פונעם אַקטיוו. ס'איז דאָ אויך דאָ אונדזער לעקטער, דער כאַווער בערג. מיר ווייסן איצט אַלע—און אזוי זאָגט מאַקע אונדז מאַלינסקי אויך—אַז מאָרגן-איבערמאָרגן וועט מען עס דאַרפן דורכפירן צווישן די אַרבעטער, פריער וועט מען מאַכן אַ פּאַרטייִשע פאַרזאַמלונג, קעדיי די פּאַרטייצעס זאָלן די ערשטע דאָס העלפן טאָן און נאָכדעם שוין אָנפירן מיט די בעז-פּאַרטייִשע אַרבעטער. איך בין איצט זייער צעפירן—ערשטנס, פיל איך זיך איצטער ווי אַ גלײַכער מיט גלײַכע און כאָטש איך שטיי נאָך גישט אינעם צענטל פונעם אַקטיוו, דאָך באַהאַלט מען פאַר מיר גאָרנישט אויס, און, צווייטנס, וועט מאַקע אײַנגעפירט ווערן אַן אָרדענונג און עס וועט ווערן גרינגער מיטן ברויט.

אינעם שמועס זאָגט זיך אַרויס אויך דער כאַווער בערג. איך האָב אים ליב צו הערן, וואָרעם ער פאַרגייט שטענדיק אין היסטאָריע.

— די פראַנצויזישער קאָמונע איז אונטערגעגאַנגען, זאָגט ער, ווײַל ס'איז געווען צו אַ ווייכע קלאַסן-ליניע, עס איז פאַר אונדז אַלעמען זייער אַ גוטע לערע. מיר מוזן עס געדענקען אין אַלע שווערע צײַטן פאַר דער רעוואָלוציע.

אָט אזוי שמועסן מיר אָפּ אַ פּאָר שאָ. מיר שטייען נאָך אַלע אין די פּאַרטעכער, זיך אַפילו פאַרגעסן אָפּצוּוואַשן און איבערצוטאָן. מ'רעדט איצט וועגן דעם דאָרף און וועגן דער פּיאַטילעטקע. ווײַזט זיך אַרויס, אַז בײַ אונדז פילט מען די פּיאַטילעטקע ניט אזוי שטאַרק, ווי אין אַנדערע קאַנטן דאָרט בויט מען אַזעלכע גרויסע זאַוואָדן, וואָס וועלן איבעריאָגן אַמעריקע, און עלעקטראָסטאַנציעס, וואָס וועלן באַלײַכטן די גאַנצע לאַנד. כאַווער בערג דערציילט וועגן דעם דניעפּרבוי, אַז דאָרט שטעלט מען אַוועק אַזאַ גרויסע הרעבליע, וואָס וועט געבן עלעקטרישע ענערגיע פאַר צענדליקער זאַוואָדן און פאַבריקן.

— וואָס רעדן—דאָ בײַ אונדז ווייסט מען פון אַ פּיאַטילעטקע,—זאָגט ציטרין און ווערט פלוצים אַף עמעצן זייער אינקאַעס.— אונדזער ראַיאָן האַלט מען פאַר אַ שטיפקינד. דאָס בלויז קאָכט אין מיר—איך קען אַזש דערפון רויִק ניט ריידן.

איך האָב אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אזוי אינקאַעס—גלײַך, ווי מע וואָלט אים אָנגעטאָן די גרעסטע פּײַניקונגען.

— נישקאָשע, זאָגט אים מאַלינסקי און מוט זיך שוין אָן די בעקעשע אַוועקצוגיין. בײַ אונדז בויט מען אויך. מיר האָבן אויך, דאַכט זיך, עפּעס אַ שטיקל שײַכעס צו ראַטנמאַכט.

דאָ קוקן מיר זיך אַרום, אַז מיר זײַנען נאָך אין די פּאַרטעכער. מיר אײַלן זיך גיך

איבערטאָן, וואַשן וועלן מיר זיך אינדער-היים, וואָרעם מיר ווילן איצט גיין אַלע אינאיינעם אַהיים, מיט מאַלינקין און מיטן כאַווער בערג, ווייל דער שמועס האָט זיך נאָך ניט געענדיקט, ענדיקן וועלן מיר אים שוין אַפן וועג אַהיים.

— — — — — — — — — —

# אַן אַלטער באַקאַנטער

אונדערהיים טרעף איך דעם אָוונט אַ גאַסט—שוין לאַנג ניט געזען—דאָס איז מיין אַמאָליקער שכן—לאַקשין. איך באַ-ווייז נאָך ניט צו פֿאַרמאַכן די טיר, ווי ער לויפֿט מיר שוין אַנטקעגן, ער שפּרינגט, שפּרינגט, ווי ער זאָל גיין אויף בלייענע פֿיס, און טראָגט מיר אַנטקעגן דעם באָרעכאַבע:

— האַ, כאַווער שאַמע, זאָגט ער, ס'קומט אייך אַ שיין ביסל מאַזלטאָוו.

— וואָס פֿאַרא מאַזלטאָוו?—כידעש איך זיך.

— וואָס הייסט? — זאָגט ער,—וואָס פֿאַרא מאַזלטאָוו? ערשטנס, האָט איר פֿאַר דער צייט כאַסענע געמאַכט אַ טאָכטער.

— וואָס פֿאַר אַ טאָכטער?—קען איך ניט פֿאַרשטיין.

— וואָס מאַכט איר זיך טאַמעוואַטע, זאָגט ער, איר האָט מוירע, איך וועל באַ אייך פֿאָדערן לעקעך, אייער גיטל האָט דאָך פֿאַר דער צייט כאַסענע געהאַט.

ס'איז מיר גאָר די גאַנצע מייסע אַרויס פֿון קאָפּ.

— מיין גיטל,—זאָג איך, אויב האָט הייסט כאַסענע געמאַכט—זי האָט געפֿונען, זאָג איך אַ באָכער, און איז אַוועקגעגאַנגען מיט אים וווינען.

— און, צווייטנס,—זאָגט ער,—קומט אייך נאָך אַ מאַזלטאָוו—מע האָט אייך צו-ריק אַריינגענומען אין פּאַרטיע.

איך שווייג. איך גיי אַריין אין קיך זיך אָפּוואַשן, זיך איבערטאָן, ער—נאָך מיר.

— גלייבט מיר, זאָגט ער, כאַווער שאַ-מע, אַז איך האָב זיך דערפֿון דערוווּסט (איך בין דעמאָלט געווען אין טורקעסטאַן) האָב איך זיך געפֿרייט, אַזוי ווי איך זאָל האָבן געפֿונען טויזנט רובל.

איך בין פֿאַרנומען מיטן וואַשן זיך און ער רעדט הערווייל, שיט, שיט, אַז עס גורעט אויש.

— וואָרעם וואָרעז, זאָגט ער. טאָמער קאַרמאַן מעג אַרומגיין מיט אַ בילעט אין קעשענע און איר, וואָס איר זייט...

דאָ לאָז איך אים מער ניט רעדן, איך לאָז אָפּ דאָס וואַשן און זאָג:

— איך פֿאַרשטיי ניט, זאָג איך, וואָס אינטערעסירן עס אייך אַזוי פּאַרטיינע זאַכן, סיידן, זאָג איך, איר ווילט...

דאָ האַקט ער מיך שוין איבער.

— איך האָב האַנאָע, זאָגט ער גיך-גיך אַזוי, אַז איך קען אים גאָר ניט אָפּשטעלן, אַז מע זאָגט די גערעכטיקייט, און צווייטנס, זאָגט ער, כאָטש איך בין אַ בעזפּאַרטיינע פֿאַרשטיי איך די פּאַרטיע בעסער, ווי עמע-צער אַנדערש.

איך האָב זיך שוין אָפּגעוואַשן, זיך אָפּ-געווישט, נעכע דערלאַנגט מיר וואַרמעס (מיר קאָכן נאָך אונדערהיים, אָבער איך מיינע מיט איר, אַז מ'דאַרף איבערגיין אין אַ סטאָלאָווע, צי אויף דער פֿאַבריק, צי אין זשילקאָאָפּ, וואָרעם אויפֿן פּריוואַטן מאַרק איז שווער צו קריגן פּראָדוקטן און עס קאָסט טייער), איך עס, און לאַקשין שיט און שיט. ער דערציילט מיר וועגן זיינע גע-שעפֿטן, אַז ער איז שוין פֿאַר די פֿאַר יאָר איבערגעוועזן ווי איר ווילט, און סיביר אין אין אוראַל און אין טורקעסטאַן, אומעטום, ווי רוסלאַנד האָט ערגעץ אַ עק.

— נו, אַז מיט פּראַווע גאָלאָס, פֿרעג איך באַ אים, ווי האַלט עס באַ אייך דערמיט?

— מיט פּראַוועס, זאָגט ער,—אויף דערויף זיינען מיר דאָך יידן,—אַ ייד האָט זיך פֿריער געדרייט אָן פּראַוועס און איצט אַוואַדע און אַוואַדע.

— וואָס? איר האָט נאָך אַלץ, זאָג איך, אַזוי לאַנג קיין פּראַוועס ניט—און איר טוט נאָרניט הערצו?

— טון, טו איך, נאָך אַ מין טון, זאָגט ער, ווי האָב איך ניט אָנגעשפּאַרט דער-מיט? נאָר, מיילע, איך וועל שוין די ער-

שטע פּיאַטילעטקע ווי ס'גיט אין אַזוי דורכקומען.

איך עס און ענטפער אים מער גישט. נעבעך, זע איך, דרייט זיך אום אַ פּאַרווינעזע. זי איז אַף אים עפּשער אינקאַעם, וואָס ער לאָזט מיר ניט רויק עסן. ער האָט זיך איר שוין, טראַכט איך, אויך צוגעגעסן, אַז ער האַלט אין איין מאַלן, ווי אַ מיל.

אַז ער האָט שוין אויסגערערציילט אַלע נײַעס פון דער וועלט, זאָגט ער:

— יאָ, איז וועגן דעם מאַקע וויל איך ערשט מיט אײַך רײדן, די געשיכטע איז אַזאַ...

דאָ שלאָג איך אים שוין איבער:

— באַוווער לאָקשין, זאָג איך צו אים, האָט נישט קיין פאַריבל, נאָר דאָס וועלן מיר שוין אָפּלאָזן אַף אַ צווייטן מאָל. וואָס. איך ווייס שוין וועגן וואָס איך וויל מיט אײַך רײדן?—טוט ער אַ שפּרונג אויף—אויב אַזוי, וועלן מיר עס מאַכן איינס־צוויי.

— איך ווייס גישט, זאָג איך, וואָס איז ווען, אָבער עס דאַרף באַלד צו מיר קומען כאַווײרים וועגן איינעם אַן איניען.

איך האָב אַפילע אַפן אָרט ניט געקענט צוטראַכטן, וועגן וועלכן איניען, נישקאָשע, אַבי אַ טערעץ—ער זאָל זיך אָפּטראָגן.

— אויב אַזוי, זאָגט ער, קען מען אָפּ־לייגן אַף אַ צווייטן מאָל, איך האָב אַף אײַך קיין פאַריבל ניט—איך ווייס דאָ—בײַ פאַר־טייצעם מאַכט זיך אַמאָל, אַז זיי דאַרפן בלײַבן אַליין, ווי מע זאָגט עס, פּאַנעם־על־פּאָנעם —

ער געזעגנט זיך מיט אונדז, מיט מיר און מיט נעבעך, גאַנץ פײַן אָפּ און גייט אַוועק.

## דער פויער וויל שוין אויך דעם סאָציאַליזם

בײַ אונדז אַף דער פאַבריק איז ווידער אַ נײַס. עס גייען קאָמפּאַניעס נאָך קאָמפּאַניעס. פריער האָב איך געמיינט, אַז ס'איז נאָר בײַ אונדז אַזוי, זאָגן מיר באַקאַנטע אַרבעטער, אַז בײַ זיי איז אויך דאָס אייגענע—איין נײַס נאָכן אַנדערן, איין קאָמפּאַניע נאָך דער אַנדערער.

די טעג איז בײַ אונדז געווען אַן אָפענע פּאַרטיי-פאַרזאַמלונג. די פאַרזאַמלונג האָט געפירט פּרײַמאַן (ער איז ניט לאַנג געקומען פון רײַאָן). ער האָט געזאָגט, אַז מיר לעבן איבער נאָך אַ וואַזשנע שטיקל צײַט. אַזאַ צײַט האָבן מיר, האָט ער געזאָגט, דאָס צווייטע מאָל נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. „דאָס ערשטע מאָל, ווען מיר האָבן גענומען די מאַכט אין די הענט. און דאָס צווייטע מאָל—איצט. וואָס? בײַ אונדז, מײַנט ער, און וועמען ער מיינט, איז מיר נאָך ניט אינגאַנצן קלאָר, בײַ אונדז זײַנען געווען אַזוינע עלעמענטן, וואָס האָבן ניט געגלויבט אינעם פויער, געזאָגט, אַז דער פויער האָט אַ בורזשואַזן כאַראַקטער און ס'ציט אים צוריק. אַפילע בײַ אונדז אין פּאַרטיי, זאָגט ער, זײַנען אַזוינע געווען"—

האָ קוקט ער זיך אַרום מיט די קורצזיכטיקע אויגן, גלײַך, ווי ער זאָל דאָ זוכן די, וואָס האַלטן ניט פונעם פויער.

— זיך שוין לאַנג ניט געמישעפּעט צו שאַמײַען, טראַכט איך זיך, עס גייט אַ נײַע סעדרע.

נאָר ניין, קיין פאַמיליע רופט ער דאָפּקע ניט אָן—מ'פאַרשטייט שוין אַליין, אַז ער מיינט די טראָצקיסטן און זייערע אונטערשטיצערס.

— און איצט, זאָגט ער און דאָס קאָל הויבט זיך בײַ אים אָן צו ציטערן, עפּעס איז עס נאָך שטאַרק געהויבן, און איצט האָט די ריכטיקע פּאָליטיק פון דער וועקאַפּעבע מיטן צעקאַ אינדערשפּיץ געוויזן, אַז דער פויער וויל דעם סאָציאַליזם אויך בײַ זיך, אַ סימען האָט איר—דער פויער נעמט מאַסנווײַז איבערגיין צו דער קאָלעקטיוויזאַציע און מיר ליקווידירן דעם קולאַק, ווי אַ קלאַס.

און ער דערציילט, ווי אַזוי גאַנצע סבאָרן נעמען אָן רעזאָליוציעס, אַז זיי ווילן קאָלעקטיוויזאַציע, און ווי אַזוי מע נעמט צו בײַ די קולאַקן דאָס אָנגעראַבעוועטע האָב און גוטס און מ'גיט עס איבער דעם קאָלעקטיוו.

— ביז איצטער האָבן מיר געבויט דעם סאָציאַליזם בלויז אין שטאָט,—ענדיקט ער,—און איצטער בויען מיר אים מיט גיכע טעמפּן שוין אויך אין דאָרף.

מיט אים זײַנען אינצטער דאָ צוויי כעווערע פֿון אונדזער פֿאַרשעפּנטע דאָרף. איך דערקען זיי: צוריק מיט עטלעכע יאָר זײַנען זיי געווען אַף דער פֿאַבריק—מ'האָט מיט זיי דערמאָלט געהאַט גענוג צאָרעס—זיי האָבן ניט געוואָלט אהיים פֿאָרן—זיי האָבן געוואָלט אַלע פֿאַרבלײַבן אַף דער פֿאַבריק. אײנער פֿון זיי—אַ קאָפּיע פֿון אונדזער מיטקען—נעמט אויך אַ וואָרט. ער רעדט שוין איצט, ווי אַ באַלעבאָס, מ'פֿילט, אַז ער ווייסט, וואָס ער וויל. ניט אַנדעריש, אַז ער איז געוואָרן אַ פּאַרטייעץ.

— כאַווײרים אַרבעטער, זאָגט ער, אַלע יאָרן איז געווען דער צוזאַמענבונד צווישן שטאָט און דאָרף, ווי דער כאַווער לענין האָט אונדז אָנגעזאָגט, נאָר איצט נייטיקן מיר זיך נאָך שטאַרק אין דעם—איר מוזט אונדז העלפֿן מיט אײַערע קרעפֿטן זיך קאָלעקטיוויזירן—מיינט ניט, אַז דאָס גייט צו אַזוי גרינג. איך אַליין בין שוין אַ קאָלכאָזניק, זאָגט ער, און זע ערשט סאַראַ אַרבעט עס שטייט פֿאַר אונדז.

און נאָכדעם נעמען ווערטער די אַרבעטער. עס גייען אַרויס איינער נאָכן אַנדערן פּאַרטייצעס און אודאַרניקעס—צו די לעצטע באַציט מען זיך נאָך מיט רעספּעקט—אַזוי שרײַט מען טאַקע פֿינעם פּרעזידיום: „מירן הײַנט אויסהערן די מיינונג פֿון די בעסטע אודאַרניקעס".

אַף דער באַנק, ווו איך זיץ, לאָזט מען מיך ניט לעבן.

— נעם, גיי אַרויס, הערשל, לאָמיר הערן דײַן קלוג וואָרט.

— פּונקט האָר עפּעס בײַ אונדז געוואָרן אַן אודאַרניק.

— דיר דאַרף מען האָר דעם צונג ניט פּיקן.

דעם צונג דאַרף מען מיר טאַקע ניט פּיקן—דאָס איז עמעס, אָבער איך קען ניט אַזוי גיך, ביפֿראַט נאָך, אַז באַלד וועט מען מיר אָנהייבן טיטשען אין די אויגן: „הערשל, וואָס האָסטו פֿאַר דרײַ יאָרן געזאָגט וועגן דעם פּויער, וואָס האָסטו פֿאַר דרײַ יאָרן געזאָגט וועגן דער פֿאַרשעפּנטעם דאָרף?

דערווײַל שטייט שוין אַף דער טריבונע כאַים קאַרמין.

— מע האָט דאָ גערעדט,—הייבט ער אָן,—וועגן אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן בײַ אונדז אַף דער פֿאַבריק, וואָס האַלטן ניט מיט דער ליניע פֿון צעקאַ און מיט דער קאָלעקטיוויזאַציע. וויפֿל האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין פֿון שאָוויניזם און אַנדערע קרענק בײַ אונדז, דערמאָנט זיך, לאָמיר זאָגן, אַ שטייגער, און אונדזער שאַמיען. איך האָב צו אים גאָרנישט.

ער וויל זיך נאָך צעלאָזן. ער שלעפּט ערשט פֿינעם פּיזהעלע די פּענסנע, אָבער פֿינעם אוילעם הייבן זיך אָן געשרייען. שיינע יאָרן—מע נעמט זיך אָן פֿאַר הערשל שאַמיען.

— וואָס לאָזט ער דיך ניט רוען, שאַמיע—שרײַט מען צו אים—אַ כאַלאָעם פֿון אַ מענטשן—נאָר שאַמיע און שאַמיע.

ער באַמקעט עפּעס נאָך אָף אַ פּאָר מינוט און רוקט זיך קוים אַראָפּ פֿון דער טריבונע.

— אַ וואָרט האָט כאַווער שאַמיע—הער איך פֿינעם פּרעזידיום. וואָס פֿאַראַ מײַסע? כ'האָב זיך נאָר, דאַכט זיך, צום וואָרט ניט פֿאַרשריבן, נאָר מײַלע, אַז מ'רופֿט אויס, וועל איך אויך עפּעס זאָגן, און אַזוי הייב איך טאַקע אָן: „צום וואָרט האָב איך זיך ניט פֿאַרשריבן, נאָר, מיסטאָמע, דאַרף די פּאַרטיע אויסהערן אויך ניט־מיטגלידער און אַפֿילע די קאַנדידאַטן. זי דאַרף וויסן מיט וועמען זי גייט צום טיש בײַ אַזאַ שטיקל אַרבעט, ביפֿראַט נאָך, אַז נאָך וואָס האָט מיך קאַרמין אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפּל פּאָמאָיעס".

איך רו זיך אַ ווײַלע אָפּ און רייד ווײַטער:

— וויפֿל איז דער שיר, זאָג איך, מ'זאָל מיר אַלע טאָג אויפֿמיישן, וואָס איך האָב געזאָגט פֿאַר דרײַ יאָרן און פֿאַר פֿיר יאָרן—די דיעלע מײַנע איז קאַנאַנאַרע, אַ גאַנץ פּײַנע, אַ גאַנצער כורעפּנע אַקט.

און וועגן דעם פֿאַרשעפּנטע דאָרף און דעם פּויער האָב איך, זאָג איך, טאַקע גערעדט ניט צו דער זאַך, וועהאַראַיע, די פּאַרטיי איז געווען קלוגער פֿאַר מיר, איך האָב עס מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען, ווען מיר זײַנען מיט אַ צײַט צוריק אינאיינעם מיט יאָסל קאַרדופּ אין דער טאַנקאַלוטעבע געווען אין אַ ייִדיש דאָרף.

די פאַרזאַמלונג פאַרענדיקט זיך מיט אַ רעזאָליוציע, וואָס עס לייענט זי פרײַמאַן. נאָר איצטער איז אין דער רעזאָליוציע דאָפּקע דאָ פּראַקטישע זאַכן און דאָס וויכטיקסטע פון זיי—אַ פּונקט וועגן שיקן אַפן דאָרף מענטשן דורכצופירן די קאָלעקטיוויזאַציע—ס'איז ניט קיין אַרבעט אַף קיין וואָך, צי אַפילע אַף אַ כוידעש—מ'דאַרף אהין פאָרן אַף אַ יאָר און עפּשער אַפילע אַף מער. אָבער אַלע פאַרשטייען איצט, אַז אַנדערש קען ניט זײַן און כאָטש עס קען אויספאַלן אַף יעדערן פון די, וואָס זײַנען דאָ—קיין נעמען רופט מען דערווײַל ניט אָן—דערמיט ווערט זיך פאַרנעמען די ביוראָ—פונדעסטוועגן כאַפּן עך אַלע אונטער מיט אַ „בראַוואָ“. מ'איז אַלע מאַסקים און אייניקע הויבן אַפילע אויף ביידע הענט דערפאַר.

— — — — — — — — —

אָט די רעזאָליוציע איז טאַקע ניט געבליבן אַפן פּאַפּיר—באַלד נאָך דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך אָנגעהויבן רעדעס וועגן פאָרן אין דאָרף און ניט גלאַט ווי פריער, אַף אַ קאָמפּאַניעלע, אַף אַ וואָך-צוויי, נאָר טאַקע אַף לאַנג.

פרײַמאַן זאָגט, אַז אונדזער פאַבריק שטייט ניט אָן מיר זאָלן אָפּשטיין פון אַנדערע. אינעם כעזשבן פון די פינפונצוואַנציק טויזנט, וואָס פאָרן אַפן דאָרף מאַכן פונעם פויער אַ קאָלכאָזניק, דאַרפן מיר געבן ניט ווייניקער, ווי פינפונצוואַנציק מענטשן. ער האָט אַפילע געזאָגט, וואָס פאַראַ פּראָצענט עס מאַכט אויס, נאָר איך האָב עס ניט פאַרגעדענקט.

פרײַמאַן אַליין קלייבט זיך אונטער די פינפונצוואַנציק מענטשן. ער פאָרט אויך, ער האַלט עס בעסאָד, אָבער מיר ווייסן דערפון, מיר ווייסן, אַז ער געזעגנט זיך אָפּ מיט דער פאַבריק, ס'איז אים אַוודע אַ שאָד, און דער פאַבריק איז אויך אַ שאָד, וואָרעם ווער האָט אַף זיך אויסגעטראָגן נאָך אַלעמען דעם יאָך פון די שווערקייטן און ווער האָט געהאַט צו טאָן מיט באַלאַנען און ווער האָט זיך אַזוי געשלאָגן מיט די טראָצקיסטן און פאַרן 7-שאָעדיקן אַרבעט-טאָג.

אַפילע מיר ווערט אַ שאָד,—„ס'איז שטענדיק אַזוי, טראַכט איך מיר, קאָלזמאַן מע האָוועט טאָג-באַ-טאָג—שאַצט מען ניט

אַזוי, אָבער, אַז מע גייט אַוועק, פאַרגעסט מען אינעם שלעכטס, עס געדענקט זיך נאָר דאָס גוטע און ס'איז טאַקע אַן אַוועירע.

פרײַמאַן און אַ טייל כעוורע האָבן זיך שוין געקויפט לעדערנע פּעלצלעך, און די אַדמיניסטראַציע, זאָגט מען, קלײַבט זיך זיי שענקען פאַרן אַוועקפאָרן צו פּאָר שטיוול.

איינמאָל קום איך אהיים. ס'איז שוין שפּעט אינאָוונט. זינט מע מוז אויספילן די סאָצפאַרמעסטונג און איך אַרבעט אַף דער מאַשין, קום איך שפּעטער אהיים, ס'האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן פאַרזאַמלונגען מיט זיצונגען, און ווי נאָר איך עפן די טיר, גייט מיר אַקעגן מײַן נעכע און אַף איר פּאָנעם דערקען איך—ס'איז שוין עפּעס דאָ נייס.

— וואָס?—זאָג איך—שוין לאַנג שטיל געווען.

— וואָס!—פרעגט זי מיך—דו ביסט אַף דער פאַבריקע גאַנצע טעג און נעכט, קריכסט פון דאָרט ניט אַרויס און ווייסט ניט, וואָס בײַ דיר אונטער דער נאָז טוט זיך.

— וואָס זשע טוט זיך?—פרעג איך—הער שוין אויף צו לייגן קנייטלעך.

— טרעפסט זיך מיט איר יעדן טאָג און פרעגסט מיך, וואָס ס'טוט זיך.

— מיט וועמען טרעף איך זיך עס?—האָב איך שוין קיין געדולד ניט—אַן עק, לאָמיר שוין הערן.

— זיי פאַרשיקן דאָך זי אַפן דאָרף, זאָגט זי, ווײַטער איז מיר, ס'קאָן נאָך זײַן, אַז דו אַליין האָסט גאָלאָסירט פאַר דעם.

ווײַזט זיך אַרויס: מײַן נעכל פאָרט אויך צווישן די 25-טויזנטניקעס. צי זי האָט זיך אַליין אַרויסגערופן, צי מע שיקט זי—מיסטאָמע, גיכער זיך אַליין אַרויסגערופן, וואָרעם ווי אַ קאָמפּאַניע, מוז זי זײַן די ערשטע.

זי איז שוין אַ פּאַרטייניע. אַזוי ווי, זאָגט זי, די פּאַרטיע איז דער אַוואַנגאַרד, קען זי אויך ניט אָפּשטיין.

און נעכע האַלט אין איין אָכען און זיפצן, ס'שלאָגט צו דער גאַל.

— הער זשע,—זאָג איך צו איר און איך נעם זיך אָן אַ גלאָז טיי—הער זשע, נעכע, ווען איך האָב גאָלאָסירט מע זאָל פאָרן אַפן דאָרף, ה'ב איך גראָדע ניט געוווּסט, אַז

כ'וועט פֿאַלן אַף איר, נאָר ווען אַפּילע כ'וואָלט געווען וויסן, אַז יאָ, וואָלט איך די האַנט סײַווי ניט געווען אַראָפּגעלאָזט.

— אַז זי איז אַ שטאָטיש קינד, קלאָגט נעכע און לאָזט מיך ניט לעבן, קיינמאָל פֿון שטאָט ניט אַרויסגעפֿאָרן, ווי אַזוי וועט זי עס לעבן צווישן קרעסטיאַנעס. וואָס האָסטו געטאָן, הערשל, ווי אַזוי נעמסטו פּלינדערהייט אין גאַלאָפּירסט?

אַף מײַן גליק עפֿנט זיך די טיר און נעכע יאַוועט אַרײַן זיך די קליינע אַליין, גיטל. איך האָב זיך כמעט דערפֿרייט!—זאָל זי איר שוין ענטפֿערן, פֿאַרוואָס זי פֿאָרט.

— מאַמע, זאָגט זי, איך זע שוין, אַז דעם פֿאַרעסאַבע האָסטו געמאַכט דעם טאַטן, עפּשער וועל איך שוין האָבן אָפּגעקומען דערמיט?

גיטל וווינט שוין פֿון לאַנג ניט מיט אונדז. זינט זי האָט כאַסענע געהאַט מיט בוכאַרטשיקן, וווינט זי באַזונדער. די לעצטע צײַט איז בוכאַרטשיק גאָר אין מאָסקווע אַף פּראַקטיקע, און זי איז אינגאַנצן אַליין. צו אונדז כאַפּט זי זיך אַמאָל אַרײַן אַף אַ מינוט, קושט אָן די מוטער, כאַפּט עפּעס איבער און לויפֿט ווײַטער.

נעכע לאָזט ניט רעדן.

— גיי, רייד, אַז ס'איז שוין גאָר געוואָרן אַ מאַיאָז צווישן זיי, ער, דער אַלטער שמאָרמאַק גלײַבט זיך צו אמת.

— הערסט, מאַמע, וואָס די מאַמע זאָגט—מאַכט גיטל—עפּשער וואָלסטו טאַקע אויך געפֿאָרן אַפֿן דאָרף קאָלעקטיוויזירן די פּויערים? אַ?

— שאַ, שאַ—זאָג איך צו איר—מאַניש נישט. מײַן ניט, אַז נאָר איר זײַט בעריעס. וואָרעם קאָלומאָן איך האָב גערעכנט, אַז דער מוזשיק האָט אַ פֿאַרדאָרבענעם כאַראַקטער און כ'ציט אים אַן אַקסל צו דער בורזשואַזיע, האָב איך זיך ניט געמישט, אָבער איצט, אַז ער וויל באַגלײַך מיט אונדז דעם סאָציאַליזם, קען איך אויך צולייגן אַ האַנט צו דער זאַך.

דאָ צעוויינט זיך מײַן נעכע. עס ווערט אין שטוב טישעבאָוו.

— וואָס ווילסטו, זאָגט זי צו גיטלען, די ווילסט מיר אינגאַנצן איבערלאָזן איינע אַליין אַף דער וועלט, איך וועל לאַנג ניט האַלטן, גלויב מיר, און איך וועל קיין האַלב יאָר ניט דערצײַען אָן אײַך.

— נו, שאַ, שאַ—זאָג איך—אַט שטעל איך זיך זאָגן האַבאַנען-קאַרעש נאָך דיר. איך פֿאָר נאָך ניט. דאָ רעדט מען וועגן אַ פּאַרטיינע זאַך און די מישסט זיך אַרײַן מיט דײַנע ווײַבערשע שטיק.

זי באַרויקט זיך אַ ביסל, דערלאַנגט אונדז וועטשערע און פֿיטערט בײַ גיטלען, זי זאָל הײַנט בלײַבן נעכטיקן בײַ אונדז.

— — — — — — — — —

אונדזער עריקעס האָט אויך געוואָלט פֿאָרן צווישן די פֿינפֿונצוואַנציק. זי האָט זיך געריסן מיט אַלע קויכעס.

— לאָזט מיך—האָט זי געטײַנעט אין קעמערל—לאָזט מיך אַף דער פּראַקטיקע ווײַזן, אַז איך קען דורכפֿירן די ריכטיקע ליניע. אָבער מע האָט נאָך צו איר, ווי צו אַ געוועזענער טראָצקיסטין, קיין צוטרויען ניט. זי האָט עס נאָך ניט פֿאַרדינט, האָט מען זי דערווײַל ניט געשיקט.

פֿרימאַן האָט איר געזאָגט: פּראַקטיקע, זאָגט ער, ווו דו קענסט ריכטיק פֿירן די ליניע, איז דאָ אַף דער פֿאַבריק אויך, ס'איז נאָך דאָ אויך געבליבן עפּעס אָפּצוטאָן.

די פֿינפֿונצוואַנציק, וואָס פֿאָרן אַפֿן דאָרף און די קאָלכאָזן, האָט מען אַף אַ וואָך באַפֿרײַט פֿון דער אַרבעט. ערשטנס, דאַרפֿן זיי זיך צוגרייטן צום פֿאָרן אין דעריקער, מע האָט געמאַכט אַף דער פֿאַבריק קורסן פֿאַר זיי, זיצן זיי טאַקע גאַנצע טעג און לערנען. פֿאַר זעקס טעג דאַרפֿן זיי זיך אויסלערנען, ווי אַזוי לענין האָט געהייסן קאָלעקטיוויזירן דאָס דאָרף. מײַן גיטל איז אויך צווישן זיי. זי פֿאָרט, זי ווייסט אַליין ניט אַף ווי פֿיל—אַף אַ יאָר און עפּשער אַף צוויי און מער. וואָס זי וועט טאָן מיט בוכאַרטשיקן, ווייסט קיינער נישט, עפּשער האָט זי מיט נעכע גערעדט. אָבער סײַווי איז ער איצט אַף פּראַקטיקע אין מאָסקווע. און ס'קאָן גאָר זײַן, אַז איצט וועט ער דאָרטן פֿאַרבלײַבן לענגער. ס'איז בײַ זיי, ווײַזט אויס, ניט קיין גרויסער אומגליק:—ער אין מאָסקווע, זי ערגעץ אין אַ דאָרף, לאָמיר זאָגן אין טונף חאַסיי, צי אין סיביר. אַ פּאָטשט איז דאָ, קען מען זיך אָנקערן מאַן און ווײַב אויך דורך בריוו.

— — — — — — — — —

טאָפּאָלסאָף זײַנען זיי נעכטן אַוועקגעפֿאָרן. די פֿאַבריקע האָט זיי באַלײַט, דאָס איז פֿאָרגעקומען אַף אַן אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג. ס'איז געווען פֿײַל. זיי זײַנען אַלע געזעסן יאָנטעוודיק. מײַן גוטל אויך צווישן זיי זי איז צווישן זיי די אייגציקע פֿרוי, דערפֿאַר באַציִען זיי זיך צו איר זייער צוגעלאָזט. אַף פּרימאַקס אָרט איז געבליבן טאַלינסקע. אַלע האָבן געוווּסט, אַז טאַלינסקע וועט זײַן סעקרעטאַר, וואָרעם מ'האַלט זייער שטאַרק פֿון אים. ער איז אַן אַלטער פּאַרטייער, וואָס איז דורכגעגאַנגען פֿײַער און וואַסער. ער רעדט עס טאַקע איצטער. און ער זאָגט צו זיי, וואָס פֿאָרן אַוועק: „איר פֿאָרט אַוועק אין אַ ווײַטער שטעטל, וואָס די פּאַרטיי און דער אַרבעטער-קלאַס שיקט אײַך, געדענקט זשע, וועט שטענדיק פֿון אײַך פֿאָדערן, האַלט אַ פֿלעג אַף אונדזער גאַנצער פֿאַבריק, וועלן דאָ בײַ פֿופֿצן הונדערט אַרבעטער פֿלאַמען די בעגעמער פֿאַר בושע. וואָרעם דאָס איז שוין די לעצטע גרויסע שוועריקייט באַצוקומען, אַזוי ווי מע זינגט אינעם אינטערנאַציאָנאַל —

און דאָ שטעלט זיך די גאַנצע פֿאַרזאַמלונג אויף און נעמט זינגען מיט אַ מעלאָדיע טאַקע אַזוי, ווי טאַלינסקי האָט נאָר וואָס געזאָגט:

„דאָס איז שוין דער לעצטער“...

אײַנגאַנצן די ווערטער געדענק איך איצטער ניש, נאָר איך זינג שטענדיק מיט און אַז איך זינג מיט, קען איך גראָדע אַלץ אַף אויסווייניק.

געזעגנט האָט פֿון די אַוועקגעפֿאָרענע גענומען אַ וואָרט מײַן גוטל—זיי האָבן איר עס אָפּגעגעבן דעם קאָוועד, ווײַל זי איז צווישן זיי דאָס אייגציקע מיידל, טוען זיי איר אַלע צוליב.

— מיר האָבן אַף זיך גענומען, וואָס מע ליגט אַף אונדז אַרויף—האָט זי אָנגעהויבן—מיר פֿאָרן העלפֿן מאַכן דעם סאָציאַליזם אין דאָרף, אָבער איר, וואָס פֿאַרבלײַבט דאָ אַף אײַערע ערטער בײַ די וואַרשטאַטן און שטאַנקעס דאַרפֿט געדענקען אין דעם און אין יענעם און איר מוזט כאַפּן אַ קוק אויך אין די סאָוועטסקע אַנשטאַלטן, ווי ס'זיצן נאָך פֿאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס מע דאַרף זיי געווים קוקן אַף די פֿינגער.

און זי האָט אויסגערעכנט אַ צעטל, וואָס מיר וועלכע זײַנען פֿאַרבליבן, וועלן דאָ דאַרפֿן טאָן. גערעכנט קײַן קליין צעטל, וואָס איז עפּשער ניט גרינגער, ווי דאָס, וואָס זיי די אַוועקפֿאָרנדיקע, וועלן דאַרפֿן טאָן אין דאָרף.

מיט מײַנער האָט אַפֿן צווייטן טאָג, ווען זי האָט געדאַרפֿט אַוועקפֿאָרן, פּאַסירט אַ פֿאַרדריסלעכע זאַך: פּונקט דעם פּרימאַקן האָט זי באַקומען אַ דעפּעש פֿון בוכאַר-טשיקן, אַז ער קומט אין צוויי טעג אַרום אַף אורלויב. זי האָט, איך האָב עס אין איר געזען, געוואָלט אים זען פֿאַרן אַוועקפֿאָרן, אָבער אָפּשטיין פֿון דער קאָמפּאַניע האָט זי אויך ניט געוואָלט. זי האָט אַפֿילע קיינעם פֿאַר דער כעווערע ניט דערמאָנט וועגן דעם. זי האָט נאָר ווען זי האָט זיך מיט אונדז געזעגנט אינדערהיים, געהייסן דער מאַמען אים איבערגעבן אַ גרוס און אים אָנגעזאָגט און איר גאָמען האָט שמוּקל צײַט וווינען בײַ אונדז, קעדיי די מוטער זאָל אים קענען פֿאַר די אַכט טעג אַביסל אונטערקאָרמענען, ווײַל פֿון די סטודענטישע קעסט האָט ער זיך שוין אָנגעלעבט מאַלאָקראַוויע.

---

ס'איז שוין אַ כוידעש, זינט די פֿינפֿצוואַנציק זײַנען אַוועקגעפֿאָרן, אָבער מיטן דאָרף הערט מען בײַ אונדז אַף דער פֿאַבריק ניט אויף האָבן צו טאָן, און ניט נאָר בײַ אונדז אַף דער פֿאַבריק. עס גייען די גאַנצע צײַט מאָביליזאַציעס פֿון פּאַרטייצעס און גלאַט אַרבעטער אַפֿן דאָרף, וואָרעם דער קולאַק האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און גיט ניט קײַן ברויט. און דאָס גאַנצע ברויט ליגט בײַ אים. אײַנגעגראָבן טיף אין דער ערד ליגט עס. ער מאַכט עס זייער קונציק. אָדער ער פֿאַרבאַהאַלט עס בײַ אַן אָפּגעשטאַנענעם בעדניאַק, פֿאַר עטלעכע פּוד היט עס יענער אים אויס—ס'זאָל ניט אָנקומען דעם אַרבעטער.

בײַ אונדז רעדט מען וועגן דעם אומעטום.—אַף פֿאַרזאַמלונגען און בײַ דער אַרבעט. וואָרעם ס'רירט אָן, ס'רירט אָן יעדערן, ווײַל איצטער איז דער אַרבעטער ניט אָפּגעטיילט פֿון דער מעלוכע; גיט דער קולאַק ניט קײַן ברויט דער מעלוכע, פֿילט עס באַלד דער אַרבעטער אַף זײַן אייגענער הויט. עס ווערט טײַערער ברויט, עס ווערט

טײערער קאַרטאָפֿל, פּוטער און פֿלײש װערט װײניקער אױפֿן מאַרק. בײַ דער אַרבעט זאָגט מיר מאַנדעלבױם, מיר שטײען אַ מאַשין לעם אַ מאַשין:

— געדענקסט, װאָס דו האָסט אַמאָל געמײנט—זאָגט ער, אַז דער מוזשיק איז אַ כאַזער, האָט נאָר זיך אײַנגעזונען —

— נו, איז װאָס זשע?—זאָג איך—און װער אַף אים ניט בערוגעז, װײַל איך פֿיל, אַז ער מײנט דערמיט ניט קײן שום שלעכטס, אַז ער װיל דערמיט עפּעס אױסברײען צו דעם, װאָס מיר ריידן איצטער יעדן טאָג.

— איז װעגן קולאַק, זאָגט ער, אַז דו װעסט זאָגן אַזױ, קער זיך עס אָן, אָבער דערבײַ דאַרף מען נאָך געדענקען די קלאַסאָװע ליניע, װאָרעם דער קולאַק איז אַ קלאַס, װאָס מ'גײט אים איצט ליקװידירן.

מ'דאַרף מיט אַלע מיטלען אַרױסשלעפּן בײַ די רײַכע פּױערים דאָס ברױט, װאָס זײ דאַרפֿן געבן דער מעלוכע. פֿון אונדז האָט מען גאָבאַמאָל עטלעכע מענטשן מאָביליזירט. אונדזער װאָלקאָװ זיצט שױן אַ װאָך צװײ אױפֿן דאָרף. װען ס'איז אָנגעקומען אין יאַמשײקע דאָס פּאַפּירל, אַז מע דאַרף פֿאָרן, איז ער אַװעק אַהײם, האָט אָנגעטאָן די קאַװאַלערישקע הױזן און די שטיװל, דעם שינעל, גענומען דעם רעװאָלװער און געקומען גלײַך מיטן רענצעלע אַף דער פֿאַבריק.

— װאָס האָסטו זיך אַזױ אױסגעפּוצט, װאָלקאָװ, פֿאָרסט אױפֿן קױטישקע פֿראָנט?

— ס'דאַרף איז ניט קײן קלענערער פֿראָנט—האָט ער געענטפֿערט—דער קולאַק איז ניט בעסער פֿון אַ קױטישקע גענעראַל, און איך האָב שױן לאַנג ניט געהאַלטן דעם רעװאָלװער אין האַנט.

— געדענק, פּינדרעסטװעגן, די סטראַטעגיע און די טאַקטיקע—האָט אים מאַנדעלבױם דערמאָנט, געדענק, װאָס כאַװער סטאַלין האָט געזאָגט. ס'איז דיר ניט דער אײנונצװאַנציקסטער יאָר...

פֿון װאָלקאָװן קומען אָפֿט אָן בריװ אַף דער פֿאַבריק—ער האָט ניט קײנעם דאָ אין שטאָט—ניט קײן װײַב, ניט קײן קאָרעװ—די פֿאַבריק איז אים עליי אַ מאַמע.

— טײַערע כאַװײרים, שרײַבט ער און ער מײנט, פֿאַרשטענדלעך, אונדזער צעך—מיר לײענען טאָקע דעם בריװ בײַם װאָרמעס־איבעררײַס.—טײַערע כאַװײרים, דאָס דאָרף איז אַ האַרטער ביסן, בפֿרט נאָך איצט. דער קולאַק ליגט אין די אָקאָפּעס און ער פֿאַרנײט אונדז פֿון טיל, און זיפּל שאָסן טרעפֿן אונדזער אײנעם אין רוקן, נאָר דאָס ערגסטע איז, װאָס ס'געפֿינען זיך אונדזערע אײגענע מענטשן, װעלכע זגיזבען זיך מיט אים און העלפֿן אים אָפּנאַרן די פּאַרטײ און די ראַטנמאַכט.

צו מײַן רעװאָלװער בין איך נאָך ניט אָנגעקומען, ער ליגט בײַ מיר שטענדיק אָנגעלאָדן, און אַמאָל בײַנאַכט, אַז איך קער זיך אום אַהײם, װײַזט זיך מיר אױס, אַז איך הער קױלן זשומען מיר אין די אױערן אַזױ װי דעמאָלט, װען מיר זײַנען אַף אונדזערע הײכע קאַװאַלערישקע פֿערדלעך געקראָכן גלײַך אין פּנים אַרײַן דעם סױנע. פּינדרעסטװעגן—פֿאַרענדיקט ער זײַן בריװ—האַלטן מיר שױן בײַ 78,7 פּראָצענט פֿינעם פּלאַן, ביז נאָװינאַר װעלן מיר מיסטאָמע דערגײן ביז צו דער מײע.

אָבער ניט אַלע זײַנען אַזױ װי אונדזער װאָלקאָװ. אין יעדער משערעדע מוז, װײַזט אױס, זײַן אַ פֿאַרשײַװע שאָף.

די טעג האָט זיך פֿון דאָרף אומגעקערט אָרל סטאָלבין—ער איז אױך געװען מאָביליזירט אין דאָרף. מע האָט שױן געהאַט פֿאַרגעסן אין זײַנע כאַטאָים. ער האָט זיך לעצטנס געהאַלטן שטיל, און מ'האָט אים געהאַלטן בײַ אױפֿשטעלן אין פּאַרטײ, האָט מען אים געשיקט. איז ער אָפּגעװעזן אין דאָרף צען טעג און האָט זיך אַראָפּגעיאָװעט. די ערשטע טעג האָט ער זיך אַף דער פֿאַבריק ניט געװיזן, אָבער כעװרע האָבן אים געזען, האָט אים דער סעקרעטאַר מאַלינסקי, אַרױסגערופֿן אין יאַמשײקע.

— װאָס טוסטו דאָ?—האָט אים מאַלינסקי שטרענג געפֿרעגט.

— פֿאַרשטײסט,—זאָגט ער,—כ'האָב מיט זיך געהאַט אײַנגעגנצן צװײ פּאָרלעך װעש, איז אַף װיפֿל זשע קען עס שטײַען. אַרומגײן אַ לײַזיקער, בין איך ניט מעכױװע. און, צװײטנס, האָב איך אין שטאָט איבערגעלאָזט אַ װײַב. סאַכאַקל הדרײַ כאַראָשים, אַז מיר האָבן כאַסענע געהאַט.

מאַלינסקי הערט, הערט. מער װי אײן װאָרט הערט מען פֿון אים ניט. ער זאָגט בלױז אַלעמאָל: אַזױ... אַזױ...

— און וואָס זשע טראַכטסטו וועמער צו טאָן?—פרעגט אים מאַלינסקי.

— אז ס'איז נאָר דאָרט ניטאָ קיין קולאַקעס,—זאָגט ער,—מ'מאַכט אַן אומזיסטיקן טומל.

— אַזוי,—זאָגט מאַלינסקי.

— וויל איך שטעלן די פראַגע... הייבט יענער אָן.

— די פראַגע וועלן מיר שוין שטעלן, סמאָלבין, זאָגט מאַלינסקע, און דאָס קאָל זײַנס שנײַדט ווי מיט מעסערס, נאָר ײַנגט נאָך דער אַרבעט. און מאַלינסקי איז אַוועק אין שטאָט אַרײַן. צי ער איז געגאַנגען אין פּאַרטקאָם, צי ערגעץ אַנדערש—אָבער גלײַך מיטן הוראָק איז ער צוריקגעקומען אויף דער פאַבריק, וואָרעם עס האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ זיצונג פון ביוראָ.

— — — — — — — — — — —

אויף דער ביוראָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ בילד. מאַלינסקי האָט, ווײַזט אויס, ערגעץ אָנגעפרעגט וועגן דעם דאָרף, ווו סמאָלבין איז געווען (דאָס דאָרף איז אין אונדזער ראַיאָן), ער האָט באַקומען גענויע ידיעות מיט ציפערן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז סמאָלבין האָט דאָרט געוווינט פּאַם גאַלעך אין הויז, אַז ער האָט קיין איין מאָל ניט צונויפגערופן די בעדניאַקעס, אַז מיטן קאָמסאָמאָל האָט ער זיך געהאַלטן אין איין קריגן און די בעסטע נאָנטע פרײַנט זײַנע זײַנען גראָדע געווען די קולאַקישע זין.

ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער רעכטער אויקלאָן, וואָס מע רעדט איצט וועגן אים אומעטום אין די גאַזעטן און אויף די פאַרזאַמלונגען, אַז ער וויל גיין מיטן קולאַק, איז אָקעגן דער פּיאַטילעטקע, אַז אָ דער אויקלאָן איז דאָ ניט נאָר אין מאָסקווע און אין לענינגראַד, נאָר, אויך בײַ אונדז—אָט שטייט ער מיר פאַר די אויגן, סמאָלבין, אין זײַנעם קאָסטיום מיט די הויכע שטיוול איבער די קני און מיטן פּרודנעם מויל ציין.

ער האַלט אין איין שוטקעווען. ער מיינט, אַזוי אַרום, זיך אַרויסצודרייען פון דעם רינג מענטשן, וואָס שטייען איצט צערייצטע, צערודערטע, צעהיצטע אַרום אים.

זײַנע שוטקעלעך קען איך ניט פאַרטראָגן און בעט אַ וואָרט בײַ מאַלינסקי.

— דו שוטקעוועסט מיט פרויס און מיט קולאַקעס, זאָג איך צו אים, און ס'צאַפּט זיך פון מיר ריקעס בלוט. דו שוטקעוועסט מיט אַזאַ זאַך, וואָס קען אונדז אַלעמען אומברענגען און פריער פאַר אַלץ די ראַטנמאַכט, פונקט ווי די קאַפּיטאַליסטן און די פּריצים האָבן עס געוואָלט טאָן אין ניינצנטן יאָר. און דאָס וויל איצט טאָן דער רעכטער אויקלאָן, אַזוי ווי דער כאַווער סטאַלין האָט אים ריכטיק אויפגעדעקט.

דעמאָלט פאַלט ער אָן אויף מיר:

— דערמאָן זיך נאָר, הערשל, וואָס האָסטו געזאָגט פאַר דרײַ יאָרן?

— דו רייד בעסער וועגן זיך, סמאָלבין, געפינען צו דערמאָנען יענעם זינד.

איך דאַרף אים שוין ניט ענטפערן. אַנדערע שטעלן זיך פאַר מיר אײַן. מאַלינסקי האָט אײַנגעשטילט דעם עולם. אויף זײַן פּנים האָט מען געזען, אַז ער איז געקומען צו אַ באַשלוס.

— פון אַ טראָצקיסט און אַ באַלעבעסל,—האָט ער געזאָגט, און ס'האָט זיך אַרויס-אַרויסגעוויזן,— ס'איז מיר אויך אַ חידוש געווען,— ער קען אים אויסגעבן,—האָט מען געקענט דערוואַרטן אַלצדינג. איצט, זע איך ערשט, ס'אַ חכמה עס איז געווען, וואָס מ'האָט אָ דעם טראָצקיסט נאָך מיט דרײַ יאָר צוריק אַרויסגעוואָרפן פון פּאַרטיי.

און ער האָט צוגעגעבן, אַז מירן די זאַך אַזוי ניט אָפּלאָזן,—מירן אים אַרויספירן פאַרן גאַנצן קאָלעקטיוו, ווײַזן סמאָלבינס עמעסע צורה, אַזוי ווי ער האָט עס פאַרדינט.

עס האָט זיך בײַ קיינעם ניט געעפנט דאָס מויל עפּעס אַנדערש צו זאָגן. מאַלינסקע האָט פונקט צוגעטראָפן און פונקטל אַרײַן.

סמאָלבין איז געשטאַנען מיט אַ חוצפּהדיק שמייכעלע אויפן פּנים. ער האָט אַלץ ערגעץ געזוכט אַ שוטקע, צי אַן אַנעקדאָט,—געמיינט, אַזוי אַרום, אַרויסקריכן און אָפּצולאַכען האָט ער אונטער דער האַנט קיין אַנעקדאָט ניט געהאַט, און עפּשער האָט ער יאָ געהאַט און האָט ניט געסמייעט אָט איצט, ווען פּנימער פון אַרבעטער פלאַמען קעגן אים מיט צאָרן, אַרויס מיט די גורגע ווערטלעך.

# אף א צווייענדיקער וואכטע

שוין אַ וואָך צײַט, אַז איך גיי אַוועק פֿונדערהיים׳ פֿאַרטאָג,—ס׳איז נאָך גאָר פֿינצטער אינדרויסן,—און קער זיך אום אין טיפֿער נאַכט. דעם ערשטן טאָג, ווען דאָס האָט געטראָפֿן, איז מײַן נעבע שיר ניט קראַנק געוואָרן—ס׳איז אָוונט. ס׳איז שוין נײַן, כ׳איז שוין צען, ס׳איז שוין עלף—איך בין ניטאָ. האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד, שכייניִם זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן, זי גענומען אויספֿרעגן, וואָס און ווען, און זי—און איין קאָל: „כ׳האָב אָנגעווירן מײַן הערשלען, ווי איז מיר, מײַן הערשל איז ערגעץ אומגעקומען“— און אַזוי ווײַטער— זי האָט מיך באַוויינט, ווי איך זאָל שוין טאַקע ליגן אַ געשטאָרבענער פֿאַר אירע אויגן. מע האָט זי קוים אײַנגערעדט, זי זאָל אויפֿהערן, און איינער—אַנדערער אַ שאָכן האָט איר אָנגעזאָגט אָנקלינגען אַף דער פֿאַבריק—זיך דערוויסן, וואָס מיט מיר איז געוואָרן. גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, אַז אײַדער ער האָט באַוויזן זיך דערקלינגען צו אונדז אין קאַנטאָר—ס׳איז נישט פֿון די גרינגע זאַכן,—בין איך שוין געווען אינדערהיים.

דאָ האָט זי מיר אָפּגעגעבן דעם עמעסן באַרעמאַבע:

— אַז דו טוסט גאָר, שרײַט זי, קערײַ מיר אַרויסנעמען די נעשאָמע, אַזוי ווי אומיסטן.—וווּהין ווערסטו עס פֿאַרפֿאַלן ביז האַלבער נאַכט, האָסט דאָך אַ גאַנצן טאָג און דײַן מויל ניט געהאַט.

— נו, גיי דערציייל איר, וואָס מיר האָבן נעכטן און הײַנט איבערגעהאַט אַף דער פֿאַבריק—דאַכט זיך צוויי טעג—און אַזוי פֿיל נײַס, אַז עס ווײַזט זיך אויס—אַ כוידעש אַ גאַנצער.

נעכטן האָט מען אַף דער ביוראָ באַשטימט, אַז מיר הייבן פֿון הײַנט אָן אַ שטורעם. די פֿאַבריק שטייט שטאַרק אָפּ. און אייניקע צעכן האָט מען דעם כוידעש-פּלאַן אויסגעפֿילט אַף פֿערציק פּראָצענט און מיר האַלטן שוין בײַם סאָף כוידעש— מע שרײַבט שוין וועגן אונדז אין גאַזעט מיט נעמען און מיט פֿאַמיליעס—מיט גאַנצע קלאָפּערגעצײַג.

איז הײַנט אינדערפֿרי זײַנען טאַקע אַלע אַרויס צו דער אַרבעט. און אונדזער צער— אײנס בא אײנס. ציטערינס פֿאַנגעם יזעט אויס אַזוי, ווי ער זאָל גאָר קיינעם פֿון אונדז ניט קענען. ער שטייט אונטן צער, די פֿיס צענויפֿגענומען, די אַקסל אונטערגעהויבן. ער האַלט זיך, ווי שטענדיק בײַ אַ קנעפּל פֿון דער מיזשגורקע, און זאָגט:

— פּלאַטינראָוושטשיקעס, מיר גייען ניט אַוועק פֿון די מאַשינעס, ביז מיר געבן ניט קיין דאָפּלטע נאָרמע,—מער הערט איר פֿון מיר הײַנט קיין איין וואָרט נישט.

— און אַף וואַרמעס?—פֿרעגט עמעצער.

— און טאָמער פֿאַלט עמעצער כאַלאָשעס?—שפּאַסט אַ צווייטער.

— הערט אויף צו פּראָוון שטיק,—צעקאָכט זיך אונדזער וואָלקאָוו, און טוט אויס דאָס העמדל, בלײַבט שטיין מיט די מוסקולעס אָפֿן לײַב, ס׳אַ מעכײַע צו קוקן.—דאָ רעדט מען וועגן ערנסטע זאַכן, און ער קומט מיט זײַנע בוליקע ווערטלעך.

און ס׳איז טאַקע ניט קיין צײַט פֿאַר קיין כאָכמעס, די פֿאַבריק ברענט. דער גוטער-שעם פֿון אונדזער פֿאַבריק ברענט, מע דאַרף אונטערשפּאַרן אַן אַקסל.

— ס׳זאָלן נאָר קיין איבערשלאָגן מיט קיין סבוירע ניט זײַן—דערמאָנט מאַנדלבוים און ציט אַף זיך אַרויף דעם פֿאַרטעך.

— אַף דעם בין איך דאָ, זאָגט ווידער צימרין, וואָס איז געוואָרן זייער שפּאָרעוודיק אַף ווערטער—פֿאַר דעם ענטפֿער א י ך.

אַזוי האָט מען זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, מ׳האָט אַ ריר געטאָן פֿונעם אָרט דעם צער.

דעם וואַרמעס האָט מען אָפּגעגעסן פֿאַר פֿופֿצן מינוט. קיין וואַזשנע וואַרמעס איז עס ניט געווען. שוין אַ צײַט, אַז אונדזער קיך האָט קיין פֿלייש נישט, בלויז צוויי מאָל אין וואָך גיבן זיי פֿלייש, אַפֿן צווייטן עסט מען באָבקע, קאַרטאָפֿלנע קאָטלעטן און אַמאָל מאַנע, ווערט מען גאָר, ווי די ווינ-קינדער—מע מאַכט אונדז קאָטלעטן פֿון מאַנע-קאַשע באַשמאָלצן מיט האָניק אָדער מיט קיסעל.

דער וואַרמעס האָט אַ מײַלע—עסט אָפּ איין וואַרמעס, גלוסט זיך דיר אַ צווייטער.

עס גייט אַוועק אַ שאָ, צוויי נאָכן וואַרמעס, דערפֿילסטו, אַז דער מאָגן איז ליידיק. קומען אַרויף פֿאַרשיידנערליי געדאַנ-

קען. וואָס הייסט עס—מ'זאָל אַרבעטן, ווי די רוכעס, געטרײַ, איבערגעגעבן און דער מאָגן זאָל נישט אויפהערן צו מאָנען. עס איז מאַקע אַ פאַרדראָס. איין קלייניקייט נאָר,—ווען בײַ אונדז איז דאָ גענוג צו פּיקן—וואָלטן שוין, דאַכט זיך, אַלע געווען צופרידן. וואָרעם מיט וואָס צו זײַן צופרידן איז האַפּקע דאָ. פאַרוואָס זשע קוקט זיך די פאַרטיע, טראַכט איך זיך, נישט אַרום, וואָסי, זי זעט עס נישט?

אָבער איך דערמאָן זיך באַלד, אַז איך בין שוין אַסאַך מאָל קעגן דער פאַרטיע נישט געווען גערעכט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט רעכט, יענץ איז נישט גוט, און נאָכדעם איז איבערגעגאַנגען אַ שטיקל צײַט, בין איך געבליבן דער נאַר. מע דאַרף זיך נישט אײַלן, מע דאַרף צוּוואַרטן, עפּשער וועל איך עס מאָרגן צי שפּעטער מיט אַ צײַט בעסער פאַרשטיין.

און אַזוי ווי מע זאָל אונטערהערן, וואָס איך טראַכט—אָט דערהער איך סיניאַווסקעס קאָל—סיניאַווסקי דער [illegible] אַרבעט איצט נעבן מיר—ער איז אַ געזונט־פעסט מענטשל, מיט אַ טונקל פּנים, ווי ער זאָל נאָרוואָס האָבן געקומען פון קרים, מיט אַ פּאָר אויגן, וואָס זײַנען פול מיט כשאָר.

— אַזאַ ראַסיי, זאָגט ער, מיט אַזויפיל ברויט און אַלראָס גוטס—ווּהין איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען?

— פּעטער, ס'איז דאָ,—מישט זיך פּלוצים אַרײַן אונדזער וואָלקאָוו, וואָס האָט קלוימערשט נישט געהערט,—מע האָט בײַ דיר נאָרנישט צוגענומען. דײַן כײַלעק, וואָס דו האָסט אַרײַנגעלייגט, האָסטו שוין לאַנג אַרויסגענומען.

אָבער סיניאַווסקי ווערט נישט ניספּאָעל, ער טוט אַ שמייכל מיט די קליינע אייגעלעך, עס קומט אויס, ווי זיי מאַכן פון וואָלקאָוון איצט דעם גרעסטן כויזעק אין דער וועלט. ער זאָגט:

— אַ מענטש איז עליי אַ מאַשין, אַ מאַשין דאַרף מען אָנשמירן מיט בוימל און אַ מענטש דאַרף עפּעס אַ גוטן וואַרמעס.

— אַ באָלשעוויק איז נישט קיין מאַשין,— האָט פאַר אים גלײַך אָפּן אָרט וואָלקאָוו דעם ענטפער—אַ מאַשין, אַז מע שמירט נישט אָן, הייבט זי אָן צו סקריפּען, און אַ באָלשעוויק טאָר צוליב אַן ערגערן וואַרמעס נישט סקריפּען.

— יאָ, דערשרעקט זיך סיניאַווסקי נישט, אָבער וווּהין קומען פאָרט אום די פּראָדוקטן? סײַדן מע צעגאַנוועט זיי אין די סאָרחאָבקאָאָפּן.

איך קוק איצטער אויף סיניאַווסקין און זע, ווי עס ברענען בײַ אים די שטעכעדיקע אויגן זײַנע—זיי זײַנען פול מיט כשאַד און אומצוטרויען. די צוויי טונקעלע באַקן האָבן זיך אָנגעצונדן, זיי פלאַמען איצט, ער האָט אַ פולע האַרץ מיט סינע און עס דאַכט זיך אויס—עס וואַרגן אים אַסאַך רייד, וואָס ער קען זיי נישט אַרויסברענגען איצט אינדערהויך.

איך קוק אויף אים און טראַכט: אָט אַזוי האָב איך, מיסטאָמע אויסגעזען מיט אַ יאָר דרײַ—פיר צוריק, דערזעלבער נעכבעניק און בגזאָמיאָר. און עס ווערט מיר אַ בושע זיך צו דערמאָנען, איך פיל—איך ווער רויט—איך האָב מוירע עמעצער וועט נאָך דערזען.

— ניין, זאָג איך צו זיך אַליין,—אַזאַ בין איך פאַרגעסטוועגן פאָרט נישט געווען.

וואָלקאָוו ענטפערט סיניאַווסקין נישט גלײַך. ער טוט אויף אים אַ קוק, ווי ער זאָל האָבן פאַר די אויגן אַ וואַנץ, און זאָגט:

— ס'הייסט, דו ווייסט, עפּעס נישט, ס'אַ סאַבאָטאַזש די קולאַקעס מאַכן אונדז, דו ווייסט, עפּעס נישט, אַז אונדזערע באַדערפענישן זײַנען אויסגעוואַקסן צען מאָל אַזויפיל, און ווייסט, מיסטאָמע נישט, אַז עפּעס—וואָס מוזן מיר אַרויספירן קיין אויסלאַנד, קעדיי צו קריגן מאַשינעס, וואָס מיר דאַרפן פאַר דער אינדוסטריאַליזאַציע.

— הערסט—כאַפּט זיך סיניאַווסקי—און וואָס רייד איך—מ'פירט אַרויס קיין אויסלאַנד.

— אַז עס וועט זײַן נייטיק, וועט מען פירן אויך ווײַטער, זאָגט וואָלקאָוו, מ'וועט דיך נישט פרעגן.

עס גייט דורך צײַט. ער טוט אַ קרומען קוק אויף אונדזער ווינקל, ווו וואָלקאָוו רעדט, אָבער דער אייגענער וואָלקאָוו טוט אים אַ רוף צו:

— אויף דיר, זאָגט ער, ווי אויף אַ זאַוועצער ליגט דער כויוו, אַז אין צעך זאָלן נישט זײַן אַזוינע אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן, ווי אָט

דער ייִד—ער ווײַזט אַף סיניאַווסקין—דו דאַרפסט דערפאַר זאָרגן ניט ווייניקער, ווי פאַר דעם, עס זאָל זײַן סבוירע פאַר די מאַשינעס.

— דערפאַר דאַרף זיך שוין, לאָמיר זאָגן, עמעצער אַנדערש זאָרגן, זאָגט ציטרין, אַף דערויף איז דאָ אַן אַגיטמאַס, נאָר מיר האָבן שוין אָפגערעדט וועגן אַ פאָליט-שמועס. לאָמיר שוין אַביסל אַרויסקריכן פונעם דורכרײַס.

מיר האָבן פאַרטאָגנע אין דער אַרבעט אײַנגאַנצן ניט באַמערקט, ווי ס'האָט זיך געענדיקט די ערשטע וואַכטע און מיר זײַנען שוין פעסט אַרײַן אין דער צווייטער. ס'איז שוין היפּש געווען טונקל. מיר האָבן פעכט געאַרבעט. מע האָט מער צווישן זיך ניט גערעדט. מיר איז דער קאָפּ געווען איבערגעפילט מיט געדאַנקען—און נישט נאָר דער קאָפּ—מיר האָט זיך געדוכט, אַז יעדער אייווער מײַנער איז באַזעצט מיט געדאַנקען. וועגן וואָס? אַט טאַקע וועגן דעם אַלעמען—וועגן אונדזער טאָגטעגלעכן מי, וועגן אונדזער יאָגעניש, וועגן דעם, ווי מיר ריזען זיך אַמאָל און בעטן זיך באַלד איבער און וועגן דעם, אַז מיר זײַנען איצט געגליכן צו יענעם פאַרהאָרעוועטן באַלעבאָס, וואָס בויט אַ בנין און מוז אַמאָל צוהאָרעווען איבער די קויכעס און אַזוי אין האָרעוואַניע אַמאָל פאַרבײַגיין אַ וואַרימעס—ער פאַרגעסט גאָר אַ פאַרנומענער, אַ פאַרזאָרגטער —אָן דעם.

דערפאַר האָט מען איצט בײַם דער צווייטער וואַכטע אין אונדז ניט פאַרגעסן. ווײַזט זיך אַרויס, אַז די סטאָלאָווע האָט אונדז צוגעגרייט נאָכאַמאָל וואַרימעס. עליי ס'אַרבעט אַ צווייטע וואַכטע אַרבעטער. ס'איז געווען דער אייגענער וואַרימעס, וואָס באַטאָג, די אייגענע קאַרטאָפלנע קאָטלעטן, מער ניט, און סוף זײַנען שוין אַרומגעשווומען שטיקלעך פלייש. ס'איז געווען אַן אָנזאָג, אַז אין אונדזער סטאָלאָווע האָט זיך נאָכאַמאָל באַוויזן פליישיקס.

— — — — — — — — — —

## אַרטעל „פּושנינע“

הײַנט איז בײַ מיר אַן אַרויסגאַנג-טאָג—פאַרן גאַנצן כוידעש—דער ערשטער. יענע דרײַ האָבן מיר אָוועקגעשענקט דער פאַבריק—אַנדערש האָט מען ניט געקענט אַרויסקריכן פונעם דורכרײַס. מע האָט עס פאַרשריבן און מע האָט צוגעזאָגט אונדז די דרײַ טעג אָפּגעבן. דאָס וועט, מיסטאָמע, זײַן בײַ עפּעס אַ גרויסן יאָנטעוו, צי אַן ערשטן מײַ, צי צו דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע—וועט מען אונדז צוגעבן צו טאָג, וועלן מיר דעמאָלט הוליען צו דרײַ טעג נאָכאַנאַנד.

און טאַקע הײַנט, ווען איך וויל זיך אַביסל אָפּרוען, אַביסל זיצן רויִק און שמויב, אַרײַנקוקן אין אַ גאַזעט, עפנט זיך די מיר און דער רויעד טראָגט ווידער אָן לאָקשינען.

— האַ, זאָגט ער גיך-גיך, ווי שטענדיק. הײַנט איז בײַ אײַך אַ פרײַער טאָג, וועלן מיר טאַקע קענען ברייט אַרומרעדן יענעם איניען, וואָס איז זייער וויכטיק פאַר אונדז בײדן.

— פאַר אונדז בײדן זאָג איך און כידעש זיך, איך ווייס גאָרניט פון אַזאַ איניען, וואָס איז וויכטיק פאַר אונדז בײדן.

ער בעט נעבעך אים דערלאַנגען אַ גלאָז טיי—ער איז ניט פון די שעמעוודיקע און זאָגט: „מיר, זאָגט ער, אַ גרופּע קוסטאַרעס, מאַכן אַן אַרטעל—„אַרטעל פּושנינע“ וועט ער הייסן—מ'וועט באַאַרבעטן פעלכלעך אַף עקספּאָרט, אַף דעם בין איך שוין דער ספּעציאַליסט—נאָך פון סיביר;—האָבן מיר שוין אַלצדינג—אי קאַפּיטאַל, אי מענטשן, אי נאַריאַדן אַף סבוירע, אַ ווינונג, אַפילע אַ שילד—מיט איין וואָרט—אַלצדינג.

— זייער וויל, זאָג איך, קענט איר, זאָג איך, טאַקע אָנהויבן אַרבעטן.

— בלויז איין זאַך פעלט אונדז, לאָזט מיר לאָקשן ניט ריידן,—אונדז פעלט אַ קאָמוניסט, אַ פּאַרטייִנע פאַר אַ פאָרזיצער. איר ווייסט דאָך, אַז אַרטעל אָן אַ קאָמוניסט, איז אַזוי ווי אַ קלייט אָן אַ פּאַטענט. ניט מיר נאָה אַ גלאָז טיי—ווענדעט

ער זיך נאָכאַמאָל צו געבן, איך פיל זיך באַ אײַך אינדערהיים, ווי באַ זיך.

איך שווײַג. איך ווייס ניט, נאָך וואָס דערציילט ער מיר דאָס אַלץ און וואָס מיינט ער דערמיט אויסצופירען.

— ווילן מיר, פאַרשטייט איר מיך, זאָגט לאָקשין, אַ היימישן מענטשן פאַר אַ קאָמוניסט, וואָס זאָל פאַרשטיין אַ געשעפט, מע זאָל מיט אים קענען אַרבעטן. אינעם פאַך איז ניט קיין מוז ער זאָל גלײַך זײַן אַ ספּעציאַליסט. איך וועל זײַן דער זאָם.

— זייער גוט, זאָג איך, וואָס איר האָט אַזאַ אַרבעט. עפּשער וועט איר טאָקע דורכן אַרטעל קריגן פּראַווע אויך.

— האָבן מיר צווישן זיך גערעדט, כאַווער שאַמײַ, זאָגט ער, איר זאָלט ווערן באַ אונדז דער פאָרזיצער פונעם אַרטעל.

דאָ האָט ער זיך סאַמאָקאָלאָסאַף אָפּגעשטעלט. איך האָב קוים אָפּגעאָטעמט. איך גיב אַ קוק, מײַן נעכע שטייט אַקעגן מיר, באַם צווייטן עק טיש און ווינקט צו מיר מיט די אויגן—זי האָט איצט אַזאַ בייזן פּאָנעם, אַזוינע בייזע אויגן און זי מאַכט מיט די אויגן אַף ניין,—אײנמאָל ניין.

— וואָס לערנט זי מיך,—ווער איך אינקאַס אַף איר,—אַ נײַער וועגווײַזער מײַנער. זאָגן עס איר קאָן איך איצט ניט—עס פּאַסט ניט פאַר לאָקשינען—ווינק איך איר צוריק—גיי אַוועק פונדאַנען איצטער, כ'וועל זיך שוין דאָ אַליין אַן אייצע געבן.

— וואַרט איך אַף אײַער ענטפער, זאָגט לאָקשין און הערט ניט און זעט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר.

— איך בין אײַך זייער דאַנקבאַר, זאָג איך, כאַווער לאָקשין, פאַר אײַער גוטן מיין מיט מיר, איך האָב עס געוויס באַ אײַך ניט פאַרדינט.

דאָ טוט ער אַ שפּרונג אויף און צערעדט זיך ווײַטער:

— מער דאַרף איך ניט, זאָגט ער, כאַווער שאַמײַ, איך זע שוין, אַז איר זײַט מאַסקים, דאָס געשעפט איז אַ געשעפט, אַזאַ יאָר שוין אַף מיר.

— וואַרט צו, זאָג איך צו אים, און צו! אומזיסטן אָפּ, וואַרט-צו, אַזאַ זאַך לייזט מען ניט אַף איין פוס, און איין קוי-שפּײַ.

— אַז איך וויל גאָרנישט, שפּרינגט ער אויף, איר זאָלט מיר באַלד זאָגן יאָ, פאַר מיר איז גענוג, אַז איר זאָגט ניט ניין—און אַף באַטראַכטן גיב איך אײַך אַ טאָג און צוויי און וויפל איר ווילט.

ער הייבט זיך גיך אויף, געזעגנט זיך אָפּ, ווי ער זאָל מוירע האָבן ס'זאָל זיך עפּעס דאָ ניט ענדערן, ס'זאָל ניט ערגער ווערן און גייט אַוועק. אַז ער גייט אַוועק, כאַפּ איך די עמעסע פּאַרציע פון מײַן נעכע.

— אַז איך וויל ניט זאָלסטו האָבן צו טאָן מיט מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין פּראַווע גאָלאָס, וואָס פעלט עס מיר? וואָס דאַרף איך עס?—שרײַט זי.

— און דו מיינסט,—זאָג איך צו איר, און לאַך פון איר דאָס גרעסטע געלעכטער,—און דו מיינסט, אַז אָט ווער איך לאָקשינס אַ שוטעף? געטראָפן דאָס אָרט.

— וואָס זשע האָסטו אים גלײַך ניט געזאָגט, ער זאָל זיך עס אַרויסשלאָגן פונעם קאָפּ?—טײַנעט זי.

— האָב צײַט, זאָג איך, זאָל ער זיך אַ פּאָר טעג טישען, זיך נייען אַ בײַטל, מעגסט עס אים פאַרגינען.

זי פאַרשטייט שוין און מיר, אַז קיין שוטעף מיט לאָקשינען וועל איך ניט זײַן. אַז איך דאַרף עס אַף סימסאַט קאַפּאָרעס, מיט דער סמאַווקע, מיט די קובודים, ווייס איך שוין. אַז לאָקשין וויל מיך אײַנטערקויפן, ווייס איך אויך: דאָס שטייט אָנגעשריבן באַ אים אַפן פּאָנעם. אַפן פּאָנעם זײַנעם שטייט טאַקע אַזוי, אַפילע אַזאַ שוואַכער אין דער אויווירע, ווי איך, זע עס: כאָטש איך בין אַ מענטש אָן פּראַווע גאָלאָס, שטייט דאָרטן, וועל איך אײַך אַלע אַרײַנאַרן און זאַק—דעם מיט גוטע ריידעלעך, אַ צווייטן מיט אַ גוטער שטעלע, מיט געלט. ער וועט אָנפּאַסקודען, אָנגענאַנוועגען, פאַרפּלאָנטען די ביכער און נאָכדעם גיי דו ענטפער פאַר אים.

— ניט נאָר ניט האָבן מיט אים קיין געשעפטן,—זאָג איך צו זיך אַליין אינדערהויך און נעכע מיינט, אַז דאָס רייד איך צו איר,—נאָר איך מוז אים דעם גאַנצן געשעפט צעטרייבערן, אַרויספירן די שמאַרכקע שטיק זײַנע, ווי בוימל אַפן וואַסער.

— באַ דיר איז אָדער גאָר, אָדער גאָרנישט,—צעשרײַט זיך נעכע—זי האָט שוין גאָר אָנגעהויבן שרײַען אַף מיר—אָדער דו ביסט מיט אים אַ פּאַנײַבראַט, אַ גוטער

ברודער, אָדער דו גייסט אַף אים מאַסערן.

דעמאָלט פאַרהערינסט עס מיך אַף איר, עס מוז מיך אוש אַ ברעסט בא דער לעבער.

— דו ביסט שוין אויך דאָ, זאָג איך, ווען האָב איך עס זיך מיט לאָקשינען געבאַווערט, ווען? דו קומסט מיר שוין אויך צו דערמאָנען מיינע זינד? וואָס האָב איך דען דעמאָלט פאַרשטאַנען, וואָס? און איצט וועל איך אים ניט מאַסערן, איך נאָר זען, ער זאָל אונדז ניט ברענגען קיין ווידער, וואָרעם אזוינע מיינע זינען איצטער דאָ אינבערנענג און זיי מאַכן עס בא אונדז גענג לעבעדיק דעם זאַק...

— נו, שאַ-שאַ, לאָזט זי ניט אָפּ, הער נאָר, אים אָנגעדינט דעם קאָווער מיט לאָקשינען, פונמיינעטוועגן, קענסטו מאָן, ווי אזוי דו פאַרשטייסט.

אָט איצטער גיי איך מאַקע אַביסל אַרוים אינדרויסן.

דער טאָג איז אַ ווינטערדיקער, אָבער ס'איז אַ מעכייע. דער פראָסט האָט זיך דאַפקע צעשפּילט. אָבער ער קאָן גאָרניט מאַכן: אַפּצעלאָבעם אים איז אַרוים די זון און וואַרעמט און מאַכט פאַרגעסן אין דער קעלט. איך שפּאַציר מיר אזוי אַביסל אַ-בער דער צענטראַלער גאַס—ס'איז ניט וויט פון מיין דירע. די דירע האָט מען מיר מיט עטלעכע יאָר צוריק גענומען, פריער האָב איך געוווינט און עק שטאָט, און אַ נאַסער דירע. עס גייען איצט זייער אַסאַך מענטשן, ס'איז שווער דורכצוגיין. איך גיי זיך פאַמעלעך, אַפן טראָטואַר איז שווער צו גיין, גיי איך מיר אַפן וועג און טראַכט זיך פאַרשיידענע זאַכן און מאַקע וועגן דער היינטיקער געשיכטע מיט לאָקשינען.

פלוצים דערזע איך—דורכן אוילעם אַפן טראָטואַר שטופּט זיך דורך אַ באַקאַנטער מענטש. „האַהאַ, ס'איז דאָך יענער פון קאַקאַ—דערמאָן איך זיך, יענער מיט דער באָרד". איך לאָז זיך גלייך נאָך אים, ס'איז אָבער שלעכט, וואָס איך ווייס ניט זיין פאַמיליע, און אין אוילעם איז אַ גרויסער, מע קען זיך קוים דורכשטופן. איך קאָן אים אַפילע ניט קיין רוף טאָן. אַף מיין גליק גייט יענער אויך אַראָפּ פונעם טראָטואַר, ער איז, ווייזט אויס, געקומען צום אייגענעם גערדאַנק, וואָס איך. איך גיי אים שנעל נאָך, פאַרגיי אים פאָרויס, באַגריס זיך און שטעל אים אָפּ.

— איירט מיר מויכל זיין, זאָג איך צו אים, באַוועד...

— סלאָווין,—זאָגט ער מיר אונטער.

— איירט מיר מויכל זיין, באַוועד סלאָווין, זאָג איך צו אים, וואָס איך שטעל אייך אָפּ אינמיטן גאַס, ס'איז אַן איניען, וואָס איך דאַרף עס וויסן.

איך ווייס, אַז ער האָט אַ שייכעס ניט נאָר צו קאַקאַ, נאָר אויך צו ערקאַי, און אהין קער זיך מאַקע אָן דער איניען, וואָס איך האָב איצט צו אים. ער גייט אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן באָבריקאָווען פאַלטאָ, מיט אַ באַראַשקאָווע קוטשמע אַפן קאָפּ האָר. ער גייט אַביסל איינגעהויקערט, גיסט אַ קוק אַף דער סוטולעוואַטער פּלייצע זיינער, זעסטו גלייך, אַז דער מענטש טראָגט אַף זיך אַסאַך אָלן.

— נו, דערציילט, דערציילט,—זאָגט ער צו מיר, איך געדענק אייך, זאָגט ער, זייער גוט.

איך דערצייל אים אויס אַפן וועג אַלצדינג. ער לויפט אַביסל צו גיך און איך מוז אים אָניאָגן. ער הערט זייער גוט אויס. איך באַווייז נאָך ניט אַלץ צו ענדיקן, זאָגט ער:

— אַ קאָמוניסט דאַרף מען דאָרט אָנ‑דערזעצן, זאָגט ער, דאָס איז שוין קלאָר, ווי דער טאָג.

— און דעם זאַם דאַרף מען פון דאָרט אַראָפּזעצן, העלף איך אונטער, דאָס איז אויך קלאָר.

— יאָ, זאָגט ער, און אים געבן דורך די נעהעריקע אַנשטאַלטן אַ פּוטיאָווקע אין אַזאַ אָרט, ווו ער זאָל פאַרגעסן אינגעם אַרטעל „פּושנינע".

— און איר, זאָגט ער ווייטער, באַוועד שאַמעס (ער געדענקט דאַפקע מיין פאַמיליע), קומט אָפטער אַריין אין ערקאַי. איירט צונויצקומען—ער געזעגנט זיך גיך אָפּ און גייט שנעל אַוועק.

(פאָרזעצונג קומט).

ז. טעלעסין

# אערא-שליטנס

„Люблю саней далеких
одинокий бег (Тютчев).

איבער סיביר קורסירן אערא-שליטנס
(פון די צײַטונגען).

## 1. דערפרארן איז א מענטש

אפגעקאלכטע ווינטן
אפ אויסגעוויַיסטן סטעפ
יאגן אן פון הינטן
א שליטן אפן וועג...

וואלקן וויַיסע בערג
אנגעפעלצט אין שמאטעס
ווארעמען אן שטערן
קאסאלאפע לאפעס.

ברענט אזא קאליעלע,
שניַידט דער פראסט אין פאנעם,
שארפע נאדלען געלע
שיט אראפ לעוואנע.

און עס שיט פוני׳בן,
א׳ פונוגטן ווייעס,
באם אנשמיַיסער די אויגן
פארקלעפט האבן די וויִעס...

און דער ווינט געוווי
טריַיבט דעם פערד צוריק
„как в степи глухой
замерзал ямщик“...

„אוי דו סטעפ, דו סטעפ,
סטעפ דו ברייטער שליאכ”...
פארווייעט איז דער וועג
פאָרנ ז׳נאָכ אסאכ.

אונ ס׳דרייט די וויוגע,
אונ די וויוגע שמײַסט,
דער גלעקל אפנ דוהע —
א שטיקל געלער אײַז...

אינ בוויאנענ־שוימ
פארדרייט האָט זיכ דער פערד.
ווי א פארזעגטער בוימ
געפאלנ איז א מענטש
א דערפראָרענער
אפנ מיטנ וועג...

. . . . . . . . . . . . . .

„Люблю саней далеких
одинокий бег...

## 2. „רוסישער פײזאזש”

מיט פארטרוימטנ ווייכנ טראָט
דער דיכטער גייט צומ פענצטער:
שפיצעדיקער פאפאראָט,
ווײַסע לאָרבער־קרענצער...

ווענ קאלט אינדרויסנ איז,
גוט איז אינ פאָקאָיעס
נאָכקוקנ, ווי פראָסט שניצט אויס
אפ שויבנ ווײַסע כוואָיעס...
... אונ אינ ווײַסנ איז דער קאנט,
אונ די ראכוועס אזוי בלאנקט,
א דערפל טוליעט זיכ צומ וואלד
צו טאנענ־צוימ ווי צו א וואנט...

. . . . . . . . . . . . . .

אונ דער וואלד איז מער קיינ וואלד,
שפיצנ גאָטישע אינ הויכ
פונ ווײַסע שלעסער ווײַסער רויכ
ציט זיכ, ציט צומ הימל־ראנד.,

אונ בלענדיק־זויבער איז די ברייט,
ווי ווײַסע לײַלעכער צעשפּרייט...

. . . . . . . . . . . . .

אונ, ערגעצ ווײַט א שווארצער פלעק—
פונ טיפנ שניי א שליטנ שלעפּט...
אונ א פויער טאָפּטשעט אויס א וועג
פאר פערדל, וועלכע ציט דעם שפּאנ
מיט האָלצ, א, גאָרע—פּאנשטשינע,
פאר דעם דיכטער אדלמאנ.

אונ ס'קרעכצנ פּאלאָזעס פאר קעלט
אונ וינט פארגייט זיכ אינ געוויינ...
אינ הונגער האָט מענ דיכ פארקלעמט
מײַנ לאנד, אינ קעלט האָט מענ אנטווײנט
פונ אייגנ ברויט, פונ אייגנ פעלד.

נאָר טיוטשעווס ליד האָט ניט פארשטעלט
פאר מיר די ברייטקײַט פונ דער וועלט.

## 3. אוראַ־שליטנס

היי, דו ווײַסע ויסטעניש!
כ'האָב ווערלפּ פונ דיר פארטריבנ.
באם קאמינ האָט טיוטשעוו דיכ
אינ ווארעמקײַט באשריבנ.
מיט בוימלדיקנ גלאנצ געמאָלט,
געמאָלט מיט אקווארעלנ,
צעשפּאָלטנ איז מײַנ הויט פונ פראָסט,
צעקארבט פונ וינט מײַנ שטערנ.

אפ גרויענ קאטאָרושנעם בײַקאל
מיט טײַגעס ווילדע פראָסטנ
מיט טויט א ווײַסנ, ווי קאלכ,
האָב איכ זיכ, מענטש, פּארמאָסטנ!

דאָס האָב איכ מיט א מאָטאָר
אפ ווײַסקײַט זיכ צעשריבנ:
א נײַער דיכטערישער דאָר,
פונ פאָרשטעט דיכטער גייענ.

הײ, דו ווײַסע וויסטעניש!
כ'האָב פײַנט פון דיר פארטריבנ.
אינ לעבלעכער געמיטלעכקײַט
האָט טיוטשעוו דיכ באשריבנ...

נאָר א היצ האָט א שפּאר געטאָנ
קנוילנ רויכ-געדיכטע,
די סטרעכע פליקט א רויטער האָנ
אונ מלאָשנע איז דעם דיכטער...

דײַנ מאיאָנטעק איז אינ בראנד
רוסלאנד איז אינ פײַער...
אונ מיר איז גוט אינ גרוימענ לאנד
אפ סטעפּעס, ווו טשאפּײַעוו
האָט אפ צעווילדעוועטנ גרונט
פערד-גאלאָפּ צעטראָגנ...

. . . . . . . . . . . .

פונ טורקסיב ביז אָרענבורג
ערא-שליטנס יאָגנ.

יאנואר 1933 י.

לינארד לײַצענ[1])

# פּײטער רויטעל אינ הויכנ הויז

די אָזערע אוסמא איז אינ לעטלאנד.

ניט ווײַט פונ דער אָזערע אוסמא האָט פּײטער רויטעל געהאט א נײַווירטשאפט[2]) פונ אכצנ א האלב העקטאר. באדינט זי האָט ער, די ווײַב אונ דער אכטיאָריקער זונ. געהאט האָט ער א קו, א צווײ־יאָריקע קאלב, זעקס שעפּסנ מיט א באראנ, דרײַ כאזיירים, הינער, א הונט אונ א קאצ. ער האָט אויכ געהאט א פערד.

דער פערד איז געווענ זײער א וויכטיק ווערקצײַג, אונ צוליבנ פערד איז אויסגע־קומענ אסאכ צו לײַדנ. צוליבנ פערד איז רויטעל געבליבנ א באלכויוו ניט נאָר דעמ שאָכנ, א נײַווירט מיט 28 העקטאר, נאָר אויכ דעמ רײַכנ אלטווירט, וואָס מיט 80 הא ערד. צומ מערסטנ, פארשטײט זיכ, דעמ לעצטנ, וואָרעמ יענער איז געווענ דער נעמאָנ אונ דער וועקסל־זשיראנט אינ דער שפּאָר־קאסע

אזוי אז צוליבנ פערד איז אויסגעקומענ נאָכ צו לײַדנ.

פאר זײַנע 38 יאָר האָט רויטעל זיכ אויסגעלערנט לײַדנ. דערפאר ווײַל ער האָט אומ־ענדלעכ געלעכצט נאָכ אנ אײגנ שטיקל ערד, אפ וועלכער ער זאָל קענענ לעבנ אלײנ אינ זײַנ אײגענער הויז, אלײנ אָפּטאָנ זײַנ ארבעט, עסנ אײגענעמ ברויט, זײַנ אלײנ נאָר פאר זיכ אונ פאר די אײגענע, זײַנ אײנער אלײנ איבער זיכ אונ מיט אלעמ זײַניקנ—פאר דעמ האָט ער מיט דער ביקס אינ האנט געליטנ אינ די רײענ פונ די לעטישע שיסער באמ לאזשבער־בארג אונ אינ אולמאנס[3]) צאָפנ־ארמײ קעגנ די באראָנענ בא צעסיס אונ יוגלא[4]).

---

1) ל. לײַצענ איז אײנער פונ די בעסטע לעטישע רעוואָליוציאָנערע שרײַבער. לײַצענ איז א רעוואָליוציאָ־נערער שרײַבער אונ דיכטער מיט א וועלט־נאָמענ. זײַנע בעסערע ווערק זײַנענ איבערגעזעצט אינ פיל אײראָפּײִשע שפּראכנ, באזונדערס אינ רוסיש. לײַצענ איז אײנער פונ די, וואָס האָבנ אינ אײנ פּעריאָד פאראײניקט דעמ שרײַבער אונ דעמ פּראקטיש־אקטיווג רעוואָליוציאָנער. צוליב זײַנ רעוואָליוציאָנערער טעטיקײט, קורצעמקאָל, אלס מיטגליד פונ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־גרופּע — די אזוי גערופענע ארבעטער־פּויערימ־פראקציע — אינעמ לעטלענדישנ פּארלאמענט, דעמ סײמ, איז לײַצענ אויכ פארפאָלגט געוואָרנ פונ דער לעטישער „דעמאָקראטישער" מעלוכע. צוליב וואָס ער איז געווענ געצוווּנגענ צו עמיגרירנ פונ לעטלאנד.

2) נאָכ דער רעוואָליוציע איז אינ לעטלאנד דורכגעפירט געוואָרנ אנ אגראר־רעפאָרמ. לויט וועלכער די, וואָס האָבנ געקעמפט קעגנ די באָלשעוויקעס פאר דער „דעמאָקראטישער" לעטלאנד, האָבנ באקומענ ערד. די ווירטשאפטנ אפ דיזאָזיקע ערד־כאלאָקימ ווערנ אינ לעטלאנד אָנגערופנ „נײַווירטשאפטנ", אינ קעגנזאצ צו די „אלטווירטשאפטנ", ד. ה. די פארמ־לכאָמעריקע. אנטשפּרעכנדיק מיט דעמ רופט מענ ױ עמ מיטעלנ פּויער „נײַווירט" אָדער „אלטווירט". די לאגע פונעמ גרעסטנ טײל נײַווירטנ ווערט פונ יאָר צו יאָר ערגער. דערפאר קומט אויכ פאָר זײער ראדיקאליזאציע.

3) קארל אולמאנ איז דער לידער פונ דער פּארטײ „פּויערימ־בונד", די באלעבאָטישע פּארטײ אינ לעטלאנד. —איבערז.

4) צעזיס אונ יוגלא—קלײנע שטעט אינ לעטלאנד.

זײַנע אכצנ א האלב העקטאר און זײַנ פערד—זײַנ אײגענע הרובע, ווו ער קענ זיכ אינ די אָוונטנ צולײגנ אינ זײַנ צימער, וואָס ווערט געהײצט מיט אײגענעם האָלצ—צי דענ איז דאָס ניט לעסאָפּ דערגרײכט געוואָרנ אזוי, אז ער זאָל זײַנ גרײט דאָס צו פארטײדיקנ מיט זײַנ לעבנ?! פארטײדיקנ קעגנ די באראָנעס אזוי גוט, ווי קעגנ די קאָמוניסטנ. אזא איז געווענ רויטעלס קלײנבירגערלעכער כוש און באנעם.

דאָס, וואָס רויטעל מיט זײַנ ווײַב האָבנ זומער געארבעט 18 שאָ אינ טאָג, און דאָס, וואָס נאָכ דערדאָזיקער ארבעט האָט מער ניט געקלעקט ווי אפּנ עסנ און צוליבנ דאָזיקנ עסנ גופע מיט מאטעריש אופהאלטנ די בעהײמעס,—דאָס האָט זײ דאָכ ניט אראָפּגעפירט פונ דעם אָנגעהויבענעם לעבנ־וועג. אויכ דערפאר נאָכ, ווײַל זײ האָבנ געהאט א זונ, וואָס איז געגאנגענ פאר א פאסטעכ און האָט געדארפט זענ ליכטיקערע טעג.

אראָפּגעפירט האָט אָבער דער פערד.

דאָס איז פאָרגעקומענ ניט גאָר פּאָשעט, ווי עס טרעפט אָנ אנדערשמאָל מיט געווײנ־לעכע זאכנ.

רויטעלס לאָנקע, די קלײנע לאָנקע און פאשע האָבנ זיכ געפונענ באם טײַכ. אפנ טײַכ אָבער, בא א קילאָמעטער בארג־אראָפּ פונ די רויטעלס, איז געווענ א מיל. און די מיל האָט געהערט א געוועזענעם פּאָלקאָווניק פונ דער נאציאָנאלער ארמײ, א קאוואלער פונ לאטשפּלעש־אָרדנ [1]. דער אָרדנ־קאוואלער איז מיט דעם באשאָנקענ געוואָרנ פאר זײַנ פאר־דינסט אינ באפרײַונג־קריג—פאר די פארדינסטנ אינ קאמפ קעגנ די באָלשעוויקעס. אזוי ווי די מיל איז גוט אוועק, האָט ער געוואָלט, עס זאָל אוועק נאָכ בעסער. דערפאר האָט ער אופגעבויט א העכערע דאמבע, קעדײ צו קענענ אָנהויפּענענ מער וואסער און צו באַ־דינענ וואָס מערער מיל־קליענטנ, וואָס ער האָט ביז איצט ניט שטענדיק געקענט דערגרײכנ, פארבײַלאָזנדיק צוליב דעם א נישקאָשעדיקנ טײל רעוועכ לעטויוועס אנדערע מיל־אײגנטימער.

ס'איז פאָרגעקומענ אזוי, אז דער אופשטײַג פונעם וואסער און פונ לאטשפּלעשלערס [2] האכנאָסע האָט פארפלײצט מערערע נײַווירטישע לאָנקעס און פאשעס, באזונדערס אָבער האָט דאָס פארפלײצט פײטער רויטעלס לאָנקעלע און פאשעלע.

ס'האָט געליטנ די גערעטעניש פונעם הײ—פונ דעם האָבנ געליטנ דער פערד, די קו און די שעפּסנ, ס'האָט געליטנ רויטעל.

אזוי איז געווענ אינעם ערשטנ הארבסט נאָכנ וואסער־אופשטײַג אינעם טײַכל פונעם אָרדנ־קאוואלערס מיל.

ווינטער און פרילינג האָט דער וואסער־אופשטײַג זיכ ארויסגעוויזנ פאר נאָכ שעד־לעכער, האָט צעפוילט און דורכגעפראָרנ די וואָרצלענ פונ די ווײכע גראָזנ. פאזע ברעג, ווו מיט א יאָר צוריק איז נאָכ געוואקסנ גענוג גראָז, האָט זיכ איצט געהאלטנ מער נישט ווי קראָפּיווע.

וואָס זאָל מענ טאָנ?

אינ א שפּעטנ פרילינג־וונטיק האָט רויטעל אָנגעטאָנ זײַנ בעסטנ בעגעד און איז אוועק צו דער מיל.

---

[1]) די, וואָס האָבנ זיכ באזונדערס ארויסגעצײכנט אינ קאמפ קעגנ די באָלשעוויקעס, זײַנענ אינ לעטלאנד באשאָנקנ געוואָרנ מיט אזא אָרדנ.

[2]) לאטשפּלעשיס איז א לעגענדארער לעטישער העלד, וואָס האָט בעקעמפט פאר דער אומאָפּהענגיקײט פונ לעטישנ „פאָלק“.—איבערז.

„איז דער ווירט אינדערהיים?“ האָט ער געפרעגט דער דינסטמײדל, באטראַכטנדיק די נײַע שטאפּלען פון דער נײַער מיל.

ער איז אויך געווען א ווירט, געוואָלט זיך רעפּרעזענטירן ווי א גלײַכער קעגן א גלײַכן: בײדע זײַנען דאָך געוועזענע סאָלדאטן פון דער נאציאָנאלער ארמיי!

דער קאוואלער פון לאכשפּלעש־אָרדן איז א שטרענגער ארײַנגעגאנגען אין פּאָדערשטיבל און פּעטלײַביק און קאָמאנדירנדיק ארויסגערעדט:

„וועגן וואָס פּארא איניען?“

„הער פּאָלקאווניק“—דערפילט א קאָמאנדע, איז רויטעל באָטל געוואָרן. דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז געווען א גוט־דרעסירטער סאָלדאט פון דער נאציאָנאלער ארמיי. קימאט ראפּאָרטירנדיק האָט ער ארויסגעזאָגט דאָס זײַניקע און פארענדיקט מיט א באַקאָשע:—וואָלט מען עפּשער געקאָנט אזוי און אזוי?

„דו וואָלסט וועלן, איך זאָל די דאמבע פון מײַן מיל צעשטערן? צוליב וואָס האָב איך דען געקעמפט, צוליב וואָס געליטן? די מיל איז מײַנע, דאָס וואסער איז מײַנס.

דאָס אײנציקע — אין דער שניטצײַט, ווען מע וועט אין דער מיל מעלדן אלע לאָנקעאײגנטימער דעם טאָג, אין וועלכן זײ דארפן שנײַדן — האָט דער געוועזענער פּאָלקאָווניק לעסאָפּ אײַנגעשטימט דעם וואסער־ניוואָ אראָפּצולאָזן אף 15 סאנטימעטער, אונטערשטרײַכנדיק דאָס ווי א באזונדערע הילף די שכיינים.

דער ענטפער איז געווען א קלאָרער.

מיט גוטן איז גאָרנישט ניט געווען זיך צו דערשלאָגן. פײטער רויטעל האָט מיט געווער אין די הענט געהאט געקעמפט פאר דער גערעכטיקײַט, און אָט, ווען די פרוכטן פון דער גערעכטיקײַט זײַנען דערגרייכט געוואָרן—איז אף דערדאָזיקער גערעכטיקײַט אָנגעפאלן א נײַע אומגערעכטיקײַט.

— צי וועט דען בעעמעס אין לעטלאנד מער ניט זײַן קײן גערעכטיקײַט!?—האָט ער קאעסדיק געטראכט.—צי קען דען ווירקלעך זײַן אזוי, אז אן אנדער אײגנטימער זאָל קענען זײַן אײגנטום אָנטאָן אזא שאָדן?

רויטעל האָט זיך מעיאשעוו געווען מיט דער ווײַב און מיטן שאָכן און געקומען צום באשלוס, אז מע דארף אָנקלאָגן.

אין לאנדווירטשאפטלעכן מיניסטעריום האָט דער שאָכן געהאט א קריג־כאווער א באאמטן, די רעכטע האנט, אזוי צו זאָגן, פונעם דעפּארטאמענט־דירעקטער. ער האָט, געגעבן צו אים א בריוו און ס'האָט זיך געדאכט — אָט וועט שוין זײַן געטאָן, ווי נאָר דערדאָזיקער בריוו וועט דערגרײכן צום אָנגעוויזענעם בוירער.

קעדײ אָבער צו קענען זיך ארײַנכאפּן אין ריגע, האָט מען אפריער געדארפט באקרמען רײַזע־געלט: אן אָוונט האָט ער צוזאמען מיטן שאָכן אין מעלוכישן וואלד אנידערגעוואליעט א היפּשע סאָסנע. מיט געמײנזאמע קויכעס האָבן זײ די צעזעגטע קלעצער צונויפגעהויפנט אף רויטעלס וואָגן, באנאכט געזעצט זיך אף דער פור און באגינען זיך געפונען מיט דער סכוירע אין ספּאָרע. דאָרטן איז געווען א באקאנטער ייִד, אן אײגנטימער פון ניט קײן גרויסער זעגמיל, וועלכער האָט פאר וואָלוול געקויפט אזעלכע פורן.

אף אזא אופן האָט זיך רויטעל געקענט זעצן אפן ריגער צוג, אין דער צײַט, ווען דער שאָכן איז מיטן פערד געפאָרן אהיים.

אין לאנדווירטשאפטלעכן מיניסטעריום האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער באאמטער האָט יאָ עפּעס געדענקט רויטעלס שאָכן, אלס קריג־כאווער, נאָר אז ער האָט דערהערט

דעם נאָמען פונעם מילנער און קאוואַלער פון לאַטשפלעש־אָרדן, האָט ער געוווּסט צו דערקלערן, אַז יענער איז אַ קריג־כאַווער פונעם דעפּאַרטאַמענט־דירעקטער אַליין, אויך אַן אָרדן־קאוואַלער, און אַז דעריבער וואָלט ער געראָטן דעם איניען גאָרניט צולאָזן צום דירעקטער, וואָרעם אַזאַ ריכטונג פונעם איניען וואָלט גיכער געקענט ברענגען שאָדן, ווי נוצן.

אין פּרעזידענטן־שענק, אין טראַקטיר אָפּן נאָמען פון טשאַקסטעס[1] איידעם נײַלאַנד, דאָרפּאַסער גאַס, ראָג לאַטשפלעש־גאַס, האָט פּיטער רוּיטעל געטרונקען שנאַפּס, פאַרביסן אַ ווורשטל מיט קרויט, און דערנאָך אויעק זוכן אַ גוטן און ביליקן אַדוואָקאַט. דערבײַ אַזוי געטראַכט: מע דאַרף נעמען אַ מיטגליד פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי. זיי זײַנען שטענדיק צעקריגט מיט די גרויסע שישקעס; אַזאַ וועט פאַרשטיין דעם איניען גוט דורכצופירן, וואָרעם יעדער קעגן פּאָליטישן קעגנער געוווּנענער פּראָצעס גייט לטובֿת דער גאַנצער פּאַרטיי.

דער אַדוואָקאַט האָט געלעבט אין אַ פּרעכטיקן ביניען, ווו ס׳איז געווען אײַנגעריכטעט אַ הערלעכע דירע מיט אַ זייער רײַכן אויפנעם־זאַל. ניט נאָר פּאַלמעס זײַנען געשטאַנען אין פאַרביקע טעפּ, נאָר אויך בילדער פון נאַציאָנאַלע קינסטלער זײַנען געווען צעהאַנגען, אַפילו די פּאָרטרעטן פונעם יונגן אַדוואָקאַט און פון זײַן נאָך יינגערער פרוי.

רוּיטעל האָט דאָס אַלץ, פאַרשטענדלעך, געזען, ער האָט אָבער ניט געוווּסט, אַז די פּאָרטרעטן האָבן געצייכנט קאָנראַד אויבאַן און געראַרט עליאַס און אַז די פּייזאַזשן און די פאַבריק־קאָרפּוסן מיט דער רויטער אין דער לופטן פלאַטערנדיקער פאָן איבער זיי האָבן געמאַכט ראָמאַן סוטאַ, יאַן ציעלאַוו און ניקלאַוו סטרונקאַ[2].

רוּיטעל האָט זיך אינעם דאָזיקן זאַל געפילט אומבאַקוועם, ווײַל אויף זײַנע פיס זײַנען געווען לאַנגע וואַסער־שטיוול און די סמאָלע פון די סאָסנע־קלעצער, וואָס ער האָט אָפּגעפירט קיין ספּאַדע, איז נאָך געווען אויף זײַנע דלאָניעס. ער האָט ניט געוואַגט צו נעמען אין האַנט איינעם פון די אָפּגעקראָכענע זשורנאַלן, אַפילו ניט דעם אייערנעכטיקן „סאָציאַלדעמאָקראַט״, וואָס האָט זיך געפונען אויפן טיש, צו פאַרטרײַבן פון די קליענטן די לאַנגווײַליקייט.

ווען דורך דער טיר פון אַדוואָקאַטס קאַבינעט איז נערוועז אַרויסגעגאַנגען אַ דאָרפישער, אָנגעטאָן ווי רוּיטעל, און דער יונגער גלאַט־ראַזירטער, ווי אַ פּאַס אָפּגעקאָרמעטער אַדוואָקאַט האָט אַ זאָג געטאָן: ביטע—האָט רוּיטעל אַרײַנגעײַלט אין קאַבינעט אויף די שפּיץ פינגער, דרייענדיק אין האַנט דאָס היטל.

דער שמועס איז ניט געווען קיין לאַנגער. דער אַדוואָקאַט האָט קיין סך ניט געלאָזן דערציילן, ווײַל רוּיטעלס איניען איז פאַר אים ניט געווען דער ערשטער. ער האָט שוין דורכגעפירט מערער אַזוינע איניאָנים, דעריבער איז אים שוין אַ פריִע־ געווען באַוווּסט, וואָס דערדאָזיקער ערד־אייגנטימערל—נײַווירטל וועט דערציילן.

רוּיטעל האָט זיך געוווּנדערט, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט אים פאָרויסגעזאָגט דעם אינהאַלט פונעם איניען. דאָ גופא האָט ער אונטערגעשריבן אַן אָנקלאָגע, וואָס איז אָפּגיך אָפּדיקטירט און פון דער מאַשיניסטקע אָפּגעדרוקט געוואָרן, און אײַנגעצאָלט פאַר די

---

[1]) טשאַקסטע—דער ערשטער מעלוכע־פּרעזירענט פון לעטלאַנד—איבערז.

[2]) די אויסגערעכנטע קינסטלער זײַנען לעטישע „פּראָגרעסיווע״, סאָציאַל־דעמאָקראַטיש־געשטימטע מאָלער.—איבערז.

שטעמפּל־מאַרקעס; צוגעזאָגט אַרײַנצוטרעטן אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי, קעדיי איר ביוראָ פון יורידישער הילף זאָל אויך אָפּ ווײַטער קענען דעקן דעם אַדוואָקאַטס האָנאָראַר. און נאָכדעם, ווי דער אַדוואָקאַט האָט אים דערלאַנגט די האַנט, איז ער אַוועק.

דאָס איז געווען אַ באַדײַטנדיקע געשעעניש פאַר די לעצטע יאָרן. ער איז שוין לאַנג ניט געווען אין ריגע, האָט זיך אינגאַנצן געהאַט אַרײַנגעטאָן אין זײַן זאַמדיקן נײַלאַנד פון אַ נײַוווירט, וואָס באַם עק וואַלד און אין זײַן הײַזעלע צווישן הונט, קאַץ, שעפּסנקו, פערד, ווײַב און ייִנגל.

זיצנדיק אין וואַגאָן און קוקנדיק דורך די פאַרבײַ־אײַלנדיקע בויגנאַרטיק־קאָנסטרויִרטע הויכע זײַלן פונעם אײַזנבריק אָפּ דער שטאָט און אָפּ דער דווינע, האָט אים אָזש באַנג געטאָן, פאַרוואָס ער האָט פאַרן אַדוואָקאַט אָנגעשריבן אַ פולמאַכט, קעדיי ער אַליין זאָל ניט דאַרפן פאָרן קיין ריגע אָפּן געריכט. ס'וואָלט געווען אַ גרונט צו פאָרן, ריגע איז אַ שיינע שטאָט, ווײַל קיין שענערע שטאָט האָט רויטעל ניט געהאַט געזען, און צי דען איז ער גופא ניט אַרײַן אין איר אַלס סאָלדאַט פון דער נאַציאָנאַלער אַרמיי נאָכן שלעמאָפּמאַכ צווישן אולמאַנען און די באַראָנען באַ יוגלאַ יונ 1919? אין שטוב איז נאָך געווען אָפּגעהיט אַ פאָרטריקנטע רויז, וואָס עס האָט אים אין יענעם טאָג, ווי אַ זיגער און באַפרײַער, דערלאַנגט אַ דאַמע פון זײַן שטאָט.

ס'איז פאַרבײַ די צײַט פון היי־שניט. צונויפזאַמלען האָט זיך אײַנגעגעבן נאָר אַ העלפט, די צווייטע העלפט האָט דער נאָכן נאַכטיקן רעגן פול־געוואָרענער טײַך פאַרטראָגן, ווײַל דאָס וואַסער האָט זיך געהאַט אויפגעהויבן איבערן געוויינלעכן וואַסער־איבערפלאַך פונעם לאַטשפּלעשלערס מיל.

פאַר דערדאָזיקער צײַט האָט זיך רויטעל פאַרשריבן אין דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

פאַר דערדאָזיקער צײַט אָבער האָט דער באַלעגופּ, וועלכער האָט געהאַט זשירירט דעם האַלוואָע־וועקסל פאַרן פערד, זײַן זשירע אָפּגערופן. דאָס איז פאָרגעקומען דערפאַר, ווײַל רויטעל האָט פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן דעם לאַטשפּלעשלער פון מיל, אָפּגעגעבן דערבײַ דעם איניען אַ סאָציאַלדעמאָקראַט און אַליין פאַרשריבן זיך באַ די סאָציאַלדעמאָקראַטן.

דעם וועקסל האָט מען געדאַרפט אויסקויפן, אָדער לאָזן צום פּראָטעסט. אַזאַ מעלדונג איז אָנגעקומען האַרט פאַרן קאָרנשניט.

ס'איז אַוועק די צײַט פון טוווע־שניט. ס'איז אָנגעקומען דער האַרבסט. ס'האָט זיך דערנענטערט די אוקציאָן, ווײַל ער האָט קיין נײַעם זשיראַנט ניט באַקומען און דעם כּיוו אָפּצאָלן ניט געקענט.

פאַר דערדאָזיקער צײַט איז אָבער אָנגעקומען פונעם אַדוואָקאַט אַ בריוו מיט דער ידיִע, אַז דער פּראָצעס איז לײדער פאַרשפּילט. דאָס וואָרט ל ײ ד ע ר איז געווען געשריבן צווישן קאָמעס און אונטערגעשטראָכן. צום סאָף פון בריוו איז געווען געפרעגט וועגן אָנקלאָגן און צוגעלייגט אַ כעזשבן פאַר די שטעמפּלמאַרקעס און פּאָסט־הויצאָעס, ס'איז געווען געזאָגט, אַז פאַראַן ווייניק האָפענונג אָפּ צו געווינען, ווײַל דער סענאַט טײַטש דעם געזעץ אַזוי, אַז דער געריכט קען אים אַלעמאָל אָנווענדן לעטויוועס דעם קליינפויערס קעגנער, דעם וואַסער־אייגנטימער. ס'איז געווען רעקאָמענדירט זיך צו ווענדן מיט אַ באַקאָשע צו דער פּעטיציע־קאָמיסיע פון סיים.

װידעראמאָל צוזאמענ מיטנ שאָכנ האָט רויטעל צוזאמענגעשטעלט א באקאָשע אונ אָפגעשיקט אינ דער פעטיציע־קאָמיסיע. זיי האָבנ אויכ איבערגערעדט, אז דער אדוואָקאט האָט זיכ יאָ געהאלטנ, נאָר דער געריכט אונ דער סענאט זײַנענ אזעלכע, אז אפילע א סאָציאַלדעמאָקראטישער אדוואָקאט קענ דאָ גאָרנישט מאכנ!

דערנאָכ איז פאָרגעקומענ די אוקציאָנ. זי איז אָבער גוט דורכ, וואָרעמ פארנ פערד האָט מענ געבאָטנ אזוי הויכ, אז אונטערנ האמער האָט מענ נאָכ געדארפט צוגעבנ אינגאנצנ צוויי שעפסנ, קעדיי די געפאָדערטע וועקסל־סומע זאָל זיכ דעקנ גוט, אויכ דערפאר, וואָס ניט לאנג צוריק האָבנ אפ אנ ענלעכער אוקציאָנ איג שכיינעסדיקנ וואָלאָסט, דער נאטשאלניק פונ די אײַזסארגנ [1]) מיטנ פאָליציסט, ווי די איינציקע אָנבאָטער, א נאָכ בעסערנ פערד פונ נײַווירט אָפגעקויפט פאר אזא פרײַז, פאר וועלכנ מע האָט אפנ מארק ניט געקענט קויפנ אפילע א קעלבל.

ווענ מע האָט אָפגעפירט דעמ פערד, האָט דער קליינער רויטעל אימ געגלעט די מאָרדע, די נײַווירטנ אליינ אָבער, רויטעלס ווײַב, איז געשטאנענ באמ שטעלכל, געוויינט אונ מיט קוילעס געזידלט דעמ נאטשאלניק פונ די אײַזסארגנ, דעמ געריכט־פריסטאוו, דעמ פאָליציסט, די מיניסטאָרנ, דעמ פרעזידענט. באנוצט די ווערטער: אפעריסטנ אונ רויבער.

פאר דעמ האָט מענ געמאכט א פראָטאקאָל.

נאָכ דער אוקציאָנ האָט די שטוב מערערע טעג זיכ אויסגעוויזנ פוסט אונ אָפשטויסנדיק. קיינעמ האָט זיכ ניט געוואָלט עסנ.

ניט געקוקט אפ דעמ, איז דרײַ כאדאָשימ נאָכ דער אוקציאָנ אָנגעקומענ פונ דער פעטיציע־קאָמיסיע א מעלדונג, אז דער איניענ וועט דאנ אונ דאנ דורכגעקוקט ווערנ אונ אז ס'איז געווונטשנ דער אָנקלאָגער אליינ זאָל זײַנ, ארויספאָרנ אפנ אָרט אונ אז אויספאָרשנ די לאגע, ווי אינ דער באקאָשע איז געווענ געבעטנ, האלט די קאָמיסיע ניט פאר נייטיק.

אזוי ווי דעמ ווינטער האָט מענ אפ דער זעג־מיל אינ ספאדע ניט געארבעט אונ קיינ קלעצער ניט אָפגעקויפט, האָט רויטעל ניט געקענט פאָרנ קיינ ריגע.

דעריבער איז ווידער אָנגעקומענ א מעלדונג אפ גוטנ טיימ־פאפיר, וואָס קוקנדיק אנטקעגנ דער ליכט זײַנענ אפ אימ געווענ צו זענ האקנ־קרייצנ. ס'איז געווענ געשריבנ, אז די פעטיציע־קאָמיסיע האָט די באקאָשע אָפגעשיקט אינ לאנדווירטשאפט־מיניסטעריומ קלאָר צו מאכנ דעמ איניענ.

אונ ווענ ס'איז אוועק א כוידעש זינט ער האָט באקומענ די פאפיר, איז בא רויטעלנ דערשינענ א פאָליציסט אונ האָט געפרעגט, צי ער האָט דער פעטיציע־קאָמיסיע פונ סיימ געשיקט אזא אונ אזא אָנקלאָגע אפנ מיל־איינגנטימער אונ וואָס זאָגט ער וועגנ דעמ פאפיר אונ צי קענ ער מיט איידעס דערווײַזנ די ריכטיקײַט פונעמ אָנגעשריבענעמ.

דאָס האָט רויטעל געקענט.

ס'האָבנ איידעס־געזאָגט צוויי שכיינימ נײַווירטנ.

דער קאוואלער פונ לאטשפלעש־אָרדנ האָט שוינ אָבער פריער געהאט דערוויזנ מיט פיר איידעס, אז די אָנקלאָגע איז ניט באגרינדעט, וואָרעמ דאָס וואסער אינ טײַכל האָט זיכ שוינ פונ קאדמוינימ אָנ געפונענ אינ דעמזעלביקנ צושטאנד, וואָס איצטער.

---

[1]) אײַזסארגנ — היטער — א מיליטערישע באלעגופיש־פאשיסטישע אָרגאניזאציע, ווי דער היימווער אינ עסטרײַכ, וועלכע טעראָריזירט די דאָרפישע אָרעמשאפט—איבערז.

א כוירעש נאָכן פּאָליציסטס דערשײַנען, איז פון לאַנדווירטשאַפט־מיניסטעריום אָנגעקומען א מעלדונג, אז די אָנקלאָגע ווערט ניט גענומען אין באטראכט און וועגן דעם איז געמאָלדן געוואָרן די שטרײַטנדיקע צדאָדים אין דער פּעטיציע־קאָמיסיע פון סיים.

נאָכדעם האָט רויטעל געשריבן א בריוו דעם סיים־פּרעזידענט פּאָול קאַלנין [1]). אין בריוו האָט ער אויפגעקלערט די לאַגע וועגן דער אוקציאָן אין אירע פּאָלגן.

דער סיים־פּרעזידענט האָט אַף דער אָנקלאָגע ארופגעלייגט א רעזאָליוציע: איבערגעבן דער פּעטיציע־קאָמיסיע ווײַטער אויסצופאָרשן.

די פּעטיציע־קאָמיסיע האָט דעם בריוו ניט דורכגעקוקט, אזוי אָבער ווי דער בריוו האָט געהאַט א שײַכעס צו די פריִערדיקע פּאַפּירן, האָט זי אים צוגעלייגט צום איניען אין ארכיוו. וועגן דעם האָט רויטעל ווידער באקומען א מעלדונג, אַף דעמזעלביקן גוטן פּאַפּיר, אַף וועלכן ס'איז פריִער געווען געמאָלדן.

ס'האָט זיך גענענטערט דער פרילינג, און וואָס נעענטער, אלץ שארפער האָט זיך פאר רויטעלן אָנגעהויבן שטעלן די פראגע פון זײַן גערעכטיקײַט. דאָס איז געווען דערפאר, וואָס די גְעהאָרעוועטע קאלב איז געוואָרן א קו. אַף דעם איז געלייגט געוואָרן די האָפענונג צו באקומען מער מילך און זיך צו באטייליקן אין פאכט, פארבעסערנדיק אַף אזא אויפן זײַן לעבן. איצט איז אָבער נייטיק געווען די נײַע קו צו פארקויפן, קעדיי צו קענען קויפן אזעלכע ניט איז שלעפּ־קראפט. אָן א פערד קען די מילך ניט געבראכט ווערן אין פאכט. ניט פארקויפנדיק אָבער די קו, האָט ער זיך ניט געקענט דערשלאָגן צו א נײַעם פערד.

רויטעל איז געוואָרן אינגאנצן אומרויִק. קיין גערעכטיקײַט, האָט זיך אָנגעהויבן דאכטן, איז אין ערגעץ ניט געווען. אויך די סאָציאַלדעמאָקראטן און די פּעטיציע־קאָמיסיע זײַנען ניט געווען בעקוועכ עפּעס אויפצוטאָן, אָדער האָבן אויך ניט געוואָלט. דאָס איז איצטער געווען קלאָר. נאָכן געריכט און נאָכן לאנגן בריוו־אויסטויש און ווארטעניש האָט ער זיך צו גאָרנישט ניט דערשלאָגן.

ניט נאָר ס'איז גאָרנישט ניט געווען דערגרייכט, נאָר ס'האָט זיך באקומען איין קלאפּ נאָכן צווייטן. דער מיל־לאטשפּלעשער איז איצטער געווען דער זיגער—דאָס האָט מען געקאָנט זען פון אלץ. ווי א זיגער האָט ער איצטער אפילע אין דער שניטצײַט געקענט ניט אראָפּלאָזן דעם וואסער־ניוואָ אַף דיזעלביקע פרײַוויליק צוגעזאָגטע 15 סאנטימעטער. דער סענאט, נאָכדעם ווי דער סאָציאַל־דעמאָקראט האָט פארשפּילט דעם איניען, האָט דאָך קלאָר געהאט באשטעטיקט דעם לאטשפּלעשלערס גערעכטיקײַט. און זי איז איצטער געווען די אײנציק געזעצלעכע.

הייסט עס—אויך דער סענאט איז א לאטשפּלעשלער־סענאט! הייסט עס, אז דאָס פירן דעם פּראָצעס איז ניט מער ווי די פארשטארקונג פון מילנערס גוטס! הייסט עס, אז די פּעטיציע־קאָמיסיע איז ניט מער ווי א קאנצעלאריע אַף אונטערצושרײַבן פּאַפּירן, וואָס באשטעטיקן דעם גרויס־אייגנטימערס מאכט־לאגע.

און פּאָול קאַלנין? — דער הויכ־שטייענדיקער, פון די ארבעטער און ניטפארמעגלעכע קליין־פּויערים געוויילטער פאָרשטייער, פאר וועמעס צעטל עס האָט אויך רויטעל זיך געשטופּט? צי איז ער ניט געווען דער, וואָס האָט מיט זײַנע סאָציאַלדעמאָקראטישע ווערט פארדעקט און פארבאָרגן פון אזעלכע רויטעלס ווי פּייטער, אלץ, וואָס קומט פאָר קעגן

---

*) איינער פון די סאָציאַלדעמאָקראטישע לידערס אין לעטלאנד.

זיי? עפשער האָבנ זיי גאָר אלצ אָפגעטאָנ צוזאמענ? צי דענ האָט עס ווירקלעכ געקעט אזוי זײַנ?

די ווײַב אָבער איז געווענ נערוועז אונ אומדערטרעגלעכ. אינ אָוונט, געקומענ אהיים פונ קראָם, האָט זי זיכ ווירער אָנגעהויבנ זידלענ, געזידלט ניט נאָר דעם מילנער אונ די רעגירונג, געזידלט אויכ דעם סיים אונ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פירער, געזידלט ענדלעכ דעם מאנ גופע. אינ קראָם האָט זי געהערט ריידנ, אז אויב דער סענאט האָט אזוי באַ־שלאָסנ אונ געטײַטשט דעם געזעצ, טאָ דארפ מענ זיכ דערשלאָגנ צו א נײַעם געזעצ אונ צו אזעלכנ, וואָס מע זאָל אים קענענ טײַטשנ ניט לעטויוועס די גרויסע מיל־אייגנטימער. נאָר וואָס זאָל דירעקט פארטיידיקנ די גערעכטיקײַט פונ די קליינ־פויערים אונ ניטפאר־מעגלעכע.

„א נײַעם געזעצ! אזא געזעצ, וואָס באפרײַט מיט איינ מאכ אונדזער לאָנקע פונעם וואסער!“ האָט די רויטעלעכע גערופנ.

ווו איז זי אזוי גיכ געוואָרנ אזא כאכאָמע, אזא געזעצגעבער?

די זידלערײַענ פונ יענעם אָוונט האָבנ געהאט די פאָלגנ. וואָס פייטער רויטעל האָט צוזאמענ מיטנ שאָכנ—מיט דעמזעלביקנ, מיט וועלכנ ער האָט געפירט די קלעצער קיינ ספארע, פראָיעקטירט אונ דערפונדנ דעם אינהאלט פונ אזא געזעצ־פאראגראפ, וואָס וואָלט נויטיק געדארפט זײַנ, אז זייערע לאָנקעס אונ פעלדער זאָלנ אפ אייביק זײַנ באשיצט.

זייערע געדאנקענ האָבנ זיי פאָרמולירט אינ אינ א בריוו אָנגעשריבנ דער סאָציאַלדעמאָ־קראטישער סיים־פראקציע מיט דער באקאָשע, אז אירע ספעציאַליסטנ זאָלנ דאָס איבער־ארבעטנ אזוי, ווי עס פאָדערט די געזעצגעבערישע וויסנשאפט אונ זאָל דאָס ארײַנטראָגנ אינ סיים, קעדיי דער איניענ זאָל אפ אזא אופנ באקומענ א געזעצלעכע קראפט.

ס'איז אוועק דער זומער אָנ קיינ שום דערפאָלג. ער האָט מיטנ שאָכנ א צווייטנ מאָל געשריבנ.

דאנ איז אָנגעקומענ אנ ענטפער:

„באם איצטיקנ טאָג גייענ אינ סיים די ביודזשעט־דעבאטנ, דערפאר איז ניטאָ וואָס צו האָפנ, אז אזא געזעצפראָעקט, אפילע ווענ מע זאָל אים ארײַנטראָגנ, זאָל דעם זומער קע־נענ דורכגעקוקט ווערנ. נעמענדיק דאָס אינ אכט, דארפ דאָס ארײַנטראָגנ אָפגעלייגט ווערנ אפ א שפעטערדיקער צײַט. מיט כאווערשנ גרוס“.

„מיט כאווערשנ, מיט כאווערשנ“, האָט רויטעל איבערגעכאזערט, ריידנדיק וועגנ דעם איניענ מיטנ שאָכנ.

די ווײַב האָט זיכ ווידער אָנגעהויבנ זידלענ. זי האָט מער ניט געזידלט דעם מאנ, ניט געזידלט אפילע די רעגירונג אונ דעם סיים. זי האָט גערעדט מיט גאָר א רויטער שפראכ:

„אראָפוואַרפנ אונ צונעמענ דארפ מענ! צעשטערנ אונ פארניכטנ!“

— „וואָס, וואָס — ווי מײנסטו?“ האָט רויטעל זיכ באמיט קלאָר צו מאכנ דעם באטײַט פונ איר שפראכ.

איר שפראכ איז אָבער געווענ א גאנצ פאָשעטע. אלע סאָציאַל־דעמאָקראטישע קנאקערס האָבנ הײַזער אפנ דאָרפ, דאטשעס אפנ שטראנד, סײַ אפ די אייגענע, סײַ אפ די ווײַבערס נעמענ, אונ גרויסע געהאלטנ אינ די בענק, אינ סיים אָדער אפ אנדערע שטעלעס. זיי לעבנ נאָכ גלענצנדיקער פאר די עמעסע בורזשויענ. זיי זײַנענ נײַע בורזשויענ! פאוול קאלנינ האָט א גרויסווירטשאפט אינ דאָרפ, א מעכטיקערע, ווי בא זײַנ קעגנער, דעם

מילנער, כוצ דעמ האָט דערזעלביקער פאול א מערקווירדיקע צווישטאָקיקע הויז אינ מאיאָרנהאָפ אונ א גרויסארטיק אײַנגעאָרדנטע דאטשע בא דער קיש־אָזערע, מיט פאר־מאכטע טויערנ, מיט הינט, מיט באדינערס, מיט אנ אווטאָ אונ נאָכ אונ נאָכ. זאָל מענ זיכ נעענטער צוקוקנ—וועט מענ זענ.

— „דו ווערסט אלצ קליגער. פונוואנענ נעמסטו אזעלכע נײַס?“ איז רויטעל געוואָרנ קימאט אומרויִק. זי האָט פונ בוזעמקעשענע ארויסגעצויגנ א צונויפגעלייגטנ, צעקנוילטנ געדרוקטנ פאפיר.

דאָס איז געווענ א פראָקלאמאציע.

אונטנ איז געווענ געדרוקט דער אונטערשריפט פונ דער ארבעטער־אונ־פויערים־סיימ־פראקציע.

א פראָקלאמאציע. א קאָמוניסטישע פראָקלאמאציע? אָדער סטאמ אזוי?

רויטעל האָט געלייענט. האָט אויסגעלייענט. צונויפגעלייגט. א קלער געטאָנ.

צי מעג מענ עס האלטנ אינ שטוב?

דאָס איז געווענ די הויפט־פראגע. די ערשטע אונ הויפט־פראגע.

דער ענטפער: ס׳וואָלט עפשער גאָרנישט ניט געווענ, נאָר דער סוינע דער לאטשפלעש־לער קענ זיכ נויקעמ זײַנ, קענ נאָכ אָנהעצנ דעמ אוריאדניק, ניט דעמ אוריארניק — דעמ פאָליציסט—האָט ער פאריכט זײַנע געדאנקענ.

דערדאָזיקער צענויפגעלייגטער פאפיר אונ זײַנ אינהאלט זײַנענ בא אימ ניט ארויס־געגאנגענ פונ זינענ. דאָרטנ איז נאָכ אסאכ וואָס געווענ געזאָגט. דאָרטנ איז געווענ פונקט אזוי שארפ אונ נאָכ שארפער, ווי עס האָט גערעדט די ווײַב.

די לאגע האָט זיכ געשטעלט, אזוי ווי א שטאָרכ, אפ איינ פוס.

— ניינ, מע דארפ דאָכ אָבער נעמענ אינ אכט, אז פאול איז אפ זײַנ הויכנ פאָסטנ זייער פארנומענ. אונ דערפאר דארפ ער זיכ מיט אזוינע קלייניקײַטנ, ווי מיט רויטעלס סטויג־אונ פערד־פראגע, בעעמעס ניט פארנעמענ.

רויטעל האָט זיכ געשראָקנ צו טראכטנ אנדערש. ער האָט אפילע געגלויבט אונ געהאָפט, אז אויב בא די קומענדיקע וואלנ זאָל מענ פאר דער סאָציִאלדעמאָקראטישער פארטיי אָפגעבנ די מערהײַט שטימענ, ווי זייערע רעדנער פלעגנ דאָס שטענדיק דער־קלערנ, דאנ וואָלט געווענ גאָר אנדערש. אָט, זיי האָבנ נאָכ ניט די מערהײַט, דערפאר טאקע גיט זיכ זיי ניט אלצ אײַנ. ווענ אינ דער רעגירונג וועלנ זײַנ נאָר סאָציִאלדעמאָ־קראטנ, ווענ אינ געריכט וועלנ זײַנ נאָר סאָציִאל־דעמאָקראטנ, ווענ דער סענאט וועט זײַנ נאָר פונ סאָציִאלדעמאָקראטנ, אונ ווענ אויכ די לאטשפלעשלערס וועלנ זײַנ נאָר סאָציִאל־דעמאָקראטנ—האָבנ זיכ אנטוויקלט רויטעלס געדאנקענ—דאנ־דאנ — —

מיט עטלעכע טעג שפעטער האָט פייטער רויטעל געזאָגט:

„ווײַב, דו אונ דײַנ לאפיניא זײַנענ גערעכט. כ׳פאָר קיינ ריגע“.

ווידער מיטנ שאָכנ געזעגט קלעצער אינ מעלוכישנ וואלד אונ געהויבנ זיי אפנ וואָגנ. ס׳האָט זיכ איבערגעכאזערט דאָס פאָרנ צו דער זעג־מיל.

אינ ריגע האָט זיכ רויטעלנ געדאכט, אז קוידעמקאָל דארפ מענ אופמערקזאמ קוקנ, צי שפירט ניט נאָר עמיצער וווּהינ ער גייט. די גאס האָט ער ניט געפרעגט בא א פאָלי־ציסט אונ די פארבײַגייער, לויט זײַנ מיינונג, אויכ ניט. זיי דארפ מענ דעמ נומער ניט דערמאָנענ.

אנטקעגן דער טיר, דורך וועלכער רויטעל האָט געהאט בעדייע אריַינצוגיין, אפ דער אנדערער זיַיט גאס, האָבן ארומשפאצירט צוויי מענער פון פארדעכטיקן אויסזען, וואָס האָבן אים דערמאָנט די קעשענע־גאנאָווים און אפעריסטן, וועלכע ער האָט אמאָל געזען אפן טריידלמארק.

די פארדעכטיקטע האָבן זיך אריַינגעקוקט אין רויטלען, און ס'האָט זיך געדאכט, אָט לאָזן זיי זיך צו אים.

— בא מיר איז גאָרנישט ניטאָ וואָס צו נעמען. צי דען וועלן זיי אינמיטן טאָג קריכן אין דער קעשענע—האָט רויטעל א טראכט געטאָן, אריַינגייענדיק אין הויז.

צווישן דער דירע, אין וועלכער ער איז איצטער אריַינגעגאנגען און דעם סאָציאַל־דעמאָקראטס דירע, איז געווען זייער א גרויסער אונטערשייד, אזא גרויסער, אז עס האָט זיך מאמעש געוואָרפן אין די אויגן.

דאָ זיַינען ניט געווען ניט קיין קלאווירן, ניט קיין פאלמעס, ניט קיין ווייכע מעבל, ניט קיין וואָלענע פאָרהאנגען. ס'איז ניט געווען אפילע קיין קאמאָד און קיין שאפ, ווי בא אים אין זיַין נייַווירט־צימער.

רויטעל האָט אָנגעהויבן מיט דעם, וואָס ער האָט קוידעמקאָל געזאָגט, אז ער איז א סאָציאַל־דעמאָקראט — נו, אויסגעקומען זיך צו פארשריַיבן, צופעליק. אהערגעקומען דערפאר, וויַיל ער האָט געוואָלט הערן לינקערע*) גערעדן.

דערביַי האָט ער זיך געפילט אומבאקוועם, געקומען צו א קעגנער פון די סאָציאַל־דעמאָקראטן, וועלכער קען אָנהייבן אָנפאלן, פאָרווארפן, אָנרופן פאר א סאָציאַל־פארעטער אָדער אנדערשווי.

אין מעשעך פון א האלבער מינוט איז אָבער אלץ קלאָר געוואָרן.

רויטעל און דער ארבעטער־פויערים־דעפוטאט, ביידע זיַינען זיי געזעסן אפ בענקלעך בא א טיש, אָנגעוואלגערט מיט ביכער און פאפירן און גערעדט. דער דעפוטאט האָט אוועקגעלייגט פאר זיך א בויגן פאפיר, געשטעלט רויטעלן צוואנציק פארשיידענע פראגעס וועגן אים גופע, וועגן די ארומיקע באלעגופים, וועגן וואָס זיי ריידן און אפילע וואָס זיי טראכטן; וועגן די אָרעמפויערים, וועכטער, דינער, פאסטעכער, וועגן זייערע לויגען און ענדלעך: וואָס די ערשטע, די צווייטע, די דריטע זאָגן וועגן די קאָמוניסטן און וועגן סאָוועטנפארבאנד. און בעשאס רויטעל האָט גערעדט, האָט ער אלץ פארשריבן.

וואָס פאר א שייַכעס האָט עס מיטן געזעצפראָיעקט, וואָס צוליבן אריַינטראָגן אים איז רויטעל אהער געקומען? אָדער עפשער האָט אויך דער לינקער דעפוטאט געשטעלט די פראגע ארום און ארום אנטקעגן דעם, וואָס ער אליין האָט אָנגעהויבן זיַינע רייד ניט פון געזעצפראָיעקט?

ענדלעך זיַינען זיי צוגעקומען אויך צום געזעצפראָיעקט. דער דעפוטאט האָט זיַין אינהאלט שוין פאָרויס געוווּסט אפ אויסווייניק, פונקט אזוי ווי דער סאָציאַלדעמאָקראטישער אדוואָקאט האָט געהאט געוווּסט דעם אינהאלט פונעם איניען, וואָס איז געווען פארפירט קעגן לאטשפלעשלער.

דאָ האָט רויטעל זיך אָנגעהויבן וווּנדערן: צי זיַינען זיי ביידע ניט פון איין און דעמזעלביקן שניט, יעדערער א לידער פון זיַין פארטיי, און צי וועט דאָ ניט־זיַין אזוי ווי עס איז פאָרגעקומען מיטן אדוואָקאט, מיטן פראָצעס, מיט דער פעטיציע־קאָמיסיע און מיט

*) אין לעטלאנד ווערן די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער אָנגערופן אלס לינקע.

דעם צוגעשריבענעם בריוו צו פאול קאלנינען? ווי קען מען אזוי ניט אויסגעפרעגטערהייט וויסן זײַנע, רויטעלס, אינטערעסן־באַציִונגען מיט דעם רײַכן לאַטשפּלעשלער?

דער דעפוטאט האָט אָנגעשריבן דעם פּראָיעקט, פאָרגעלייענט רויטעלן, געפרעגט, צי עס איז קלאָר, און דאן געזאָגט—אויב ער קען, זאָל ער אין עטלעכע טעג ארום קומען אפ דער סיים־זיצונג, וועט מען דאן זען, וואָס ס'וועט ארויסקומען.

רויטעל האָט זיך געוווּנדערט, אָבער געשוויגן.

שוין לאנג איז ער ניט געווען אין אזא געהויבענער שטימונג, ווי אראָפּשטײַגנדיק די טרעפ פונעם דעפּוטאטס דירע.

— וועט שוין זײַן א געזעצ! דורך א געזעצ, וועלן זײַן פארזיכערט זײַנע רעכט, וועט זײַן באשיצט זײַן גערעכטיקײַט!

ווי נאָר ער האָט זיך דערנעענטערט צו דער ארויסגאנג־טיר, זײַנען אנטקעגן אים, ווי פון דער ערד ארויסגעוואקסן די ביידע פארדעכטיקטע פארשוינען, וועלכע האָבן אים נאָכגעשפּירט פון יענער זײַט גאס, ווען ער איז אהער ארײַנגעגאנגען.

אין דער צײַט, ווען איינער האָט זיך ארופגעשטויסן אפ אים, פארשטעלנדיק מיט דער פוס דעם וועג, האָט דער צווייטער זיך ארויסגעזאָגט אן ערעך אזוי, ווי עס האָט גערעדט דער פּאָליציסט פון זײַן וואָלאָסט:

„בירגער, זאָגט אין וועלכער דירע זײַט איר געווען״?!.

רויטעל איז מעוולוול געוואָרן. ווי האָט געקענט א פרעמדער און פארדעכטיקער מענטש פּאָדערן, אין וועלכער דירע ער איז געווען?

„איך בין א באאמטער פון דער פּאָליטישער פארוואלטונג*). דער פארדעכטיקער האָט פון ערגעצוו ארויסגעצויגן א ברוינע קארטע מיט א פאָטאָגראפיע און א שטעמפּל אויבן, און מיט דער האנט אונטערגערוקט עס רויטעלן אונטערן סאמע נאָז.

יאָ, איצטער האָט פּייטער רויטעל פארשטאנען. ער האָט יאָ געהאט געהערט. אָבער ניט געהאט געזען, איז אָט האָט ער געזען.

דערנאָך האָט ער געדארפט ווײַזן דעם פאס, פון וועלכן אלץ איז פארשריבן געוואָרן. אויסגעפרעגט אים צוליב וואָס פאר א איניען ער איז געווען בא דעם קאָמוניסט, דעם באַצאָלטן מאָסקווער אגענט.

די לעצטע דרײַ ווערטער האָט יענער ארויסגעשיפּעט מיט געשריי.

און אָפּגעבנדיק דעם פאס, געזאָגט:

„א צווייטן מאָל זאָלסטו מיר זיך דאָ ניט ווײַזן! מיר וועלן זיך דאן נענטער באקענען! אין שניטצײַט ארומשלעפּן זיך איבער ריגע! מיט פּאָליטיק זיך פארנעמען״!

רויטעל איז געגאנגען א צעטומלטער.

גייענדיק אינעם שיינעם זומערטאָג באם ברעג פון שטאָטקאנאל, וואָס איז געווען באוואקסן מיט בלומען און גוט געפלעגטע, איידל־ווייכע גראָזן, און אוועקזעצנדיק זיך ניט ווײַט פונעם שרײַבער רודאָלף בלאמאנס גרוי־גראניטענעם דענקמאָל, האָט רויטעל געטראכט:

— אזא איבערלעבעניש ווי הײַנט האָט ער געהאט צום ערשטן מאָל. א קאָמפּליצירטע און אינטערעסאנטע, וואָס וועט ווײַטער זײַן?

---

*) לעטלענדישע אָכראַנקע.

אלצ, זײַנע לאָנקעס, די פראגע ווענג די היי אונ ווענג פערד, איז אָפּגעגאַנגענ ערגעצווו ווײַט, אפּנ צווייטנ, דריטנ אָרט. ס'האָט זיכ אזוי ווי געשאפנ א נײַע לאגע, א נײַע שטימונג, וואָס ער האָט נאָכ ניט געקענט באנעמענ מיטנ סייכל.

— מיט פּאָליטיק זיכ פארנעמענ!—אזוי האָט יענער דאָרטנ נעבנ די טרעפּ געהאט געזאָגט. מיט פּאָליטיק—אזוי ווי ס'וואָלטנ אימ פונ זינענ ניט ארויס דידאָזיקע ווערטער.

ער האָט מער נישט געוואָלט ווי א געזעצ. ווו איז דאָס פּאָליטיק? די גערעכטיקײַט נאָר. מיט געווער אינ די הענט האָט ער זיכ געהאט געשלאָגנ פאר אנ אייגנ שטיקל ערד—איז דאָס פּאָליטיק? מיט א דעפּוטאט ריידנ? אינ סיים גיינ? פּאָליטיק?

ווײַזנדיק דעמ דעזשורירנדיק, שטרענגנ סערזשאנט דעמ פּאס, האָט ער שוינ מיט א טאָג פריִער אינעמ סיימ־ביניענ ארויסגענומענ די ארײַנגאנג־קארטע צו דער זיצונג, אפ וועלכער ס'דארפ אָנגענומענ ווערנ זײַנ געזעצפּראָיעקט. איצטער איז דער איניענ געווענ אפּנ סאמע העכסטנ אָרט, אינ דער מאכט פונעמ סווערענעמ פאָלק[1], פונ דער מאכט, אינ וועלכער ער גופע איז אויכ א טייל, ווײַל מיטנ וואלצעטל האָט ער געוויילט דעמ אויסדריקער אונ פארטיידיקער פונ זײַנע אינטערעסנ אונ זײַנ ווילנ. די מאכט פונ סווערענעמ פאָלק—ווי א פײַערלעכנ טראָמבאָנ פונעמ אלטאר אינ דער קירכ, האָט ער דאָס געהאט געהערט דעמ 18־טנ נאָוועמבער, אינ יאָנטעוו־טאָג פונ דער מעלוכע־גרינדונג.

אינ באשטימטנ טאָג האָט רויטעל פאמעלעכ אונ פארקלערט געשפּרײַזט איבערנ ענגנ טראָטואר פונ דער ענגער יאקאָב־גאס. אפּנ קליינעמ פּלאצ, וואָס פאר דער סיימ־געבײַדע, האָבנ זיכ מיט א פײַפנ ארײַנגעקײַקלט אויטאָס, דורכפאָרנדיק צווישנ צוויי לאמטערנעס. פונ זיי זײַנענ וויכטיק ארויסגעשטיגנ פארשוינענ, אָנגעטאָנ זיכ אינ זומערדיקע בגאָדימ, גוט־ראזירטע אונ אויסגעכאָוועטע. זיי, הייסט עס, זײַנענ דאָס געווענ די דעפּוטאטנ. יעדערער פונ זיי האָט אינ האנט געהאט אנ אָנגעשטאָפּטנ פּאָרטפעל, וועלכער איז געווענ געהאלטנ ניט אונטערנ אָרעמ, ווי פארצײַטנ, נאָר פאר א לעדערנער הענטל. די דעפּוטאטנ האָבנ פונ זייערע טײַסטער ארויסגענומענ געלט־שטיקער אונ האלטנדיק צווישנ צוויי פינגער. זיי דערלאנגט די שאָפערנ, וועלכע האָבנ נאָכדעמ אפ גיכ פארקירעוועט זייערע מאשינעס אינ געסל אונ אוועק.

רויטעלנ איז אויסגעקומענ צו שטיינ א היפּשע ווײַלע אונ אָפּווארטנ, ביז דער אויטאָ פלעגט אײַלנדיק פארבײַלויפנ. פאר דערדאָזיקער צײַט האָט ער דערזענ, אז אויבנ איבער דער טיר פלאטערנ צוויי מעלוכע־פאָנעס אונ אז ניט ווײַט פונ ארײַנגאנג, אָנגעטאָנ אינ א נײַער אוניפאָרמ שטייט א פּאָליציסט, וועלכער פלעגט באמ יעדנ פארבײַפאָרנ פונ די דעפּוטאטנ צולייגנ די האנט צו זײַנ קאסקע.

דער ביניענ איז געווענ הויכ אונ גערAמ, מיט לאמטערנעס אפ דרײַ־צווײַגיקע זײַלנ בא דער טיר. רויטעל האָט ניט געוווסט, אז דערדאָזיקער ביניענ איז אינגאנצנ ענלעכ צומ פּיטי־שלאָס אינ פלאָרענצ אונ אז אויכ די לאמטערנעס זײַנענ פונקט אזוינע, ווי אינ פלאָרענצ אונ אינ אנדערע שטעט פונ איטאליע.

ער איז דורכגעגאנגענ פארבײַ צוויי סאָלדאטנ, וועלכע זײַנענ פונ אינעווייניק בא יעדער זײַט פונ דער טיר געשטאנענ אפ דער וואכ מיט אופגעהויבענע ביקסנ. אויבנ אפ די טרעפּ האָט ער דעמ סערזשאנט געדארפט ווײַזנ די ארײַנגאנג־קארטע. יענער האָט א קוק געטאָנ אונ געזאָגט: ביטע—אָנווײַזנדיק מיט דער האנט דורכ וועלכער טיר צו גיינ.

---

[1]) אינ דער לעטלענדישער קאָנסטיטוציע ווערט געזאָגט, אז די מעלוכע־מאכט געהערט דעמ סווערענעמ פאָלק.

אָט איז שוין פייטער רויטעל געווען אין זיצונג־זאל פון סיים, אפ די ערטער, וואָס זײַנען באשטימט פארן פובליקום. ער האָט זיך אוועקגעזעצט ניט ווײַט פונעם באריער, מיט וועלכן עס זײַנען געווען אָפּגעטיילט די 100 ערטער פאר די דעפּוטאטן.

א טייל פון זיי זײַנען געווען פארנומען. איינער נאָכן צווייטן זײַנען די דעפּוטאטן געקומען מיט זייערע פּאָרטפעלן אין די הענט, צעזעצנדיק זיך שווער און וויכטיק אפ דער רעכטער זײַט, אפ דער לינקער, דאָ פאָרנט, דאָ הינטן—אָדער אינמיטן.

די זעקס דעפּוטאטן פון דער ארבעטער־פּויערים־פּראקציע זײַנען געזעסן אין סאמע לינקסטן און הינטערשטן ווינקל.

רויטעל האָט זיך צוגערוקט נעענטער צום באריער און גערופן דעם דעפּוטאט, וועלכן ער האָט געהאט באזוכט. טייקעפּ איז צוגעלאָפן דער סערזשאנט, וואָס האָט דעזשורעט בא דער טיר, אָפּגעשלעפּט אים אפ צוריק. אין זיצונג־זאל האָט דאָס פּובליקום ניט קיין רעכט איבערן באריער צו שמועסן מיט די דעפּוטאטן.

אין א ווײַלע ארום האָט ער ארויסגענומען א צײַטונג פון קעשענע, געוואָלט דורכקוקן די לעצטע נײַס, ווי דער סערזשאנט האָט ניט געלאָזן: אין זיצונג־זאל האָט דאָס פּובליקום ניט קיין רעכט צו לייענען צײַטונגען.

אין אווײַלע ארום האָט ער דערהערט שטימען בא דער טיר. א קוק געטאָן—דער סערזשאנט האָט ארויסגעשטופּט א דאָרפישן, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין א לעדערנער קורטקע: אין זיצונג־זאל האָט מען ניט קיין רעכט צו קומען ניט אין קיין אָנצוג.

ער האָט זיך נאָך ארומגעקוקט, געפירט זײַנע אויגן איבער אלע ערטער און ווינקלען: ניט ווײַט פון אים האָט ער געזען זעצט זיך דערזעלביקער אגענט פון דער פּאָליט־פּאר־וואלטונג, וואָס איז מיט צוויי טעג צוריק אָנגעפאלן אפ אים, פארשריבן דעם פּאס און געדראָט אים.

אזוי, הייסט עס, איז דאָ געווען איַנגעאָ דנט. אינטערעסאנט טאקע, ביז גאָר אינטע־רעסאנט.

פאר דער צײַט האָט ערגעצווו אָנגעקלונגען א גלאָק, און אפ א הויכן אויסגעבויטן זיצ־אָרט, אנטקעגן דער הינטערגרונט־וואנט, ווי בא אן אלטאר אין קירכ, זײַנען כאָשעווע איינער נאָכן אנדערן ארופגעגאנגען פינף מאן. אינמיטן האָט זיך אוועקגעזעצט דער לענגסטער, דער טרוקנסטער. ער האָט טרוקן און געוויינלעך געזאָגט:

„די סיים־זיצונג איז געעפנט. אפן טאָג־אָרדענונג— —“

און אָנגעהויבן דאן לייענען דעם טאָג־סיידער. אָפּגעלייענט, געמאָלדן, אז ער גייט אריבער צום ערשטן פּונקט פון טאָג־אָרדענונג: מעלדונגען פון פּרעזידיום.

הייסט עס, דער, וואָס רעדט פונויבן, איז דער פּאָרזיצער—דערזעלביקער, וועמען רויטעל האָט געשריבן זײַן בריוו, בא וועמען רויטעל האָט געזוכט גערעכטיקײַט.

דאָרטן, הייסט עס, איז ער גאָר געזעסן—אין סאמע מיטן צווישן די איבעריקע, אפן סאמע העכסטן, גרעסטן שטול.

גלײַך נאָכדעם האָט רויטעלס קוק זיך פארהאלטן באם גרויסן און שווערן מיט אסאך עלעקטרישע לאָמפּן פינקלענדיקן קרוינלײַכטער, וועלכער איז אראָפּגעהאנגען אין מיטן פון באלקאָן איבער די קעפּ פון די דעפּוטאטן. ס'איז אים געקומען אפן זינען דאָס איַנפאלן פון באלקאָן אין טאורישן פּאלאץ אין 1907 אָדער 8־טן יאָר. ס'איז אים געקומען אפן זינען די סרײַפע פון אָט דעמזעלביקן סיים־בנין אין 1920 יאָר. אזא קרוינלײַכטער וואָלט אין ביידע פאלן באדארפט אראָפּפאלן אפ די קעפּ פון צענטער. אָט א געלעכטער!

פאַר דער צײַט, וואָס ער האָט באַקוקט דעם זאַל, האָבן זיך אָנגעהויבן די דעפּוטאַטישע רעדעס. עמיצער איז געשטאַנען אַף דער טריבונע, בויגנדיק זיך אָט קעגן דער לינקער, אָט קעגן דער רעכטער זײַט. דערגאַנגען זײַנען צו אים נאָר איינצלנע ווערטער, נאָר אויך זיי זײַנען געווען אומקלאָר. די רעדע איז פאַרזונקען און פאַרטרונקען געוואָרן אין אַ מין געפּילדערדיקן גערויש, וואָס האָט געהערשט אַף די דעפּוטאַטישע בענק און אין זאַל, אַסאַך דעפּוטאַטן זײַנען אַרויסגאַנגען, אַרײַנגעגאַנגען, אַרומשפּאַצירט פאַרבײַ דער טריבונע, געשמועסט צווישן זיך, געלאַכט, געבלעטערט צײַטונגען א. א. וו.

דאָס האָט דאָך ניט געקענט זײַן זײַן געזעצפּראָיעקט, ווען וועלכן ס'ווערט גערעדט אַזוי פיל און אומקלאָר, אָן קיין שום אינטערעס? דאָס איז געווען עפּעס אַנדערש—וואָס, ער האָט אָבער ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס אייגנטלעך.

„א וואָרט דעם דעפּוטאַט“—דעם און דעם—האָט דער פאָרזיצער גערעדט פונויבן, און אַף דער טריבונע האָט זיך באַוויזן אַן אַנדערער.

„הויכע הויז!“ האָט רויטעל קלאָר געהערט, ווי מיט די ווערטער האָט דער נײַ-דערשינענער רעדנער אָנגעהויבן זײַן אַרויסטרעטונג.

הויכע הויז. הויכע הויז.

נאָר אָט האָט ער באַמערקט, ווי עס שפּאַצירט אַרום אַ גראָבלעכער מאַן, אײַנגאַנצן אין גרויען אָנגעטאָן אָן אַ וועסט, מיט קורץ-געשאָרענע גרויליכע האָר, מיט אַ פּאָנים, וואָס אַף אים האָט זיך געדאַכט, איז קיין באָרד קיינמאָל ניט געוואַקסן און וועט ניט וואַקסן. רויטעל האָט זיך דערמאָנט, ער האָט דעמדראָזיקן מענטשן געזען, ווען ער איז געווען אַפּן פּאַראַד, געשטאַנען אַלס סאָלדאַט פון דער צאָפן-אַרמיי. אַ, ער האָט געהאַט געדינט אין קאַרל אולמאַנס אַרמיי!

רויטעל האָט אים באַטראַכט.

דערדאָזיקער איז ניט געזעסן אַף אַן אָרט. ער האָט שפּאַצירט דאָ אין זאַל, אויסערן זאַל, אָט געשמועסט מיטן רוסישן שוואַרצמײַעדיקן אַרכיבישאָף, אָט—מיטן געוועזענעם דײַטשן באַראָן, אָט מיטן יידישן סויכער, דעם דעפּוטאַט. אָט האָט ער זיך געפונען אַף די בענק פון צענטער, זיך אַוועקגעזעצט צווישן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע לידערס מענצער און באַסטיאַן און זשעסטיקילירט, געשמייכלט, געלאַכט, באַלד איז ער צוגעגאַנגען צו דער זשורנאַליסטן-לאָזשע, אַרײַנגעשושקענדיק עפּעס-וואָס, און אָט איז ער שוין געזעסן אין דער דיפּלאָמאַטן-לאָזשע רעכטס נעבן סעקרעטאַר פון דער פּוילישער געזאַנדשאַפט, אין אַ ווײַלע אַרום—לינקס אין דער רעגירונג-לאָזשע, נעבן אינערן- אָדער יוסטיץ-מיניסטער.

דערדאָזיקער פאַרשווינד איז געווען דער עמעסער צענטער און פירער—ניט דער פּרעזידענט אַפּן הויכן פּאָטעל. דאָס האָט רויטעל גלײַך באַנומען מיט זײַן דאָרפישן סייכל.

— זע, ווי ער דרייט זיך אַרום—האָט רויטעל, שמייכלענדיק, געטראַכט.

„דער צעטל פון די רעדנער איז אויסגעשעפּט. איך טרעט צו צו דער אָפּשטימונג“ האָט פונויבן געקלונגען פּאָול קאַלנינס שטים: „ווער איז קעגן? איך בעט די שטימען-ציילער איבערציילן די שטימען“.

קאַרל אולמאַן איז געשטאַנען פאָרנט אַף דער רעכטער זײַט, און פאָכענדיק מיט דער האַנט אַרויף, אויפמערקזאַם געקוקט, צי אין צענטער הייבן זיך שטײַף די לאַטגאַלער ליבעראַלע דעפּוטאַטן.

„ווער איז פאַר?“ האָט אָפּגעקלונגען פונויבן.

די שטימען־ציילער האָבן גיעשפּריַיזט אינמיטן זאַל און געציילט, דערנאָך ארופגעגאַנ־גען אויבן צום פּאָרזיצערס שטול.

„די וואַל־רעזולטאטן! 18 פאר, קעגן זיַינען אָפּגעגעבן געוואָרן 72 שטימען" האָט גע־מאָלדן דער פּאָרזיצער, „דער געזעצ־פּראָיעקט רעכנט זיך פאר אָפּגעוואָרפן".

ער האָט צוזאַמענגעלייגט א פּאַפּיר—דעם אָפּגעוואָרפענעם געזעצפּראָיעקט, ניט קוקנדיק עס אָפּגעגעבן דעם גראָבלעכן און אָפּגעגאָלטן מאַן, וואָס איז געזעסן לינקס—דעם סע־קרעטאר, וועלכער האָט דעם פּאַפּיר אריַינגעלייגט אין א קורצער פּאַפּקע. אזוי האָט זיך פאר ענדיקט דידאָזיקע פּראָצעדור.

„די דעפּוטאטן— —" האָט די שטים פונויבן פּאָרגעלייענט אַלע נעמען פון די דע־פּוטאטן פון דער ארבעטער־פּויערים־פּראַקציע: „— די נויטיקע צאָל אונטערשריפטן איז פאַ־ראַן—זיי האָבן אריַינגעטראָגן דעם פאָלגנדיקן געזעצפּראָיעקט. כ׳בעט דעם סעקרעטאר פּאָרלייענען".

דער סעקרעטאר איז אופגעשטאַנען און האָט אזוי געלייענט, אז רויטעל, וויסנדיק גוט דעם אינהאַלט, האָט אויך ניט געקענט דערהערן און פארשטיין.

— בעקיוון, קעדיי ניט צו הערן. אָט סאַרא נעווײַלעס—האָט ער געקאַעסט.

דער פּאָרזיצער האָט ווידער געמאָלדן, אז דאָס וואָרט צו מאָטיווירן דעם געזעצפּראָיעקט באַקומט דער און דער.

אַפ דער רעדנער טריבונע איז ארופ איינער פון די דעפּוטאטן פון דער ארבעטער־פּויערים־פּראַקציע. אין אָנהייב פון דער רעדע האָט ער געזאָגט, ניט הויכער הויז, ניט הערן דעפּוטאטן, ווי די אַנדערע פּלעגן זאָגן, אָנהייבנדיק זייערע רעדעס. ער האָט געזאָגט, אז דער געזעצפּראָיעקט איז אזוי פּאָרגעלייענט געוואָרן, אז קיינער פון די הערער האָט גאָרנישט ניט פארשטאַנען, און דערפאר האָט ער נאָכאַמאָל אים פּאָרגעלייענט הויך אפּן קאָל, יעדן איינצלנעם פּרינציפּיעלן אָרט דערקלערט, פארוואָס דאָס איז נייטיק אזוי.

בעשאַס זיַין רעדע איז א טייל דעפּוטאטן דעמאָנסטראַטיוו ארויסגעגאַנגען פון זאַל, א טייל האָט געלייענט צייַטונגען אָדער זיך פארנומען מיט אַנדערע זאַכן: עטלעכע האָבן דעם ארבעטער־דעפּוטאט געמאַכט וועגן אייניקע ווערטער באַמערקונגען, וועלנדיק וויַיזן, אז ער בליצט ניט מיט דער ראַפינירטער פּאַרלאַמענט־שפּראַך.

באַגליַיך מיט דעם האָבן זיך געהערט אויסרופן: „ענדיק שוין! גענוג! לופּסער ניט דעם צונג!" און דאָסגליַיכן.

נאָכן ארבעטער־פּויערים־דעפּוטאט איז אַפ דער טריבונע ארופגעגאַנגען דער אַדוואָקאַט, וואָס האָט געפירט רויטעלס פּראָצעס. רויטעל האָט אָנגעשטעלט נאָז און אויערן: הייסט עס, אז דער איז אויך געווען א דעפּוטאט—א סאָציאַלדעמאָקראַטישער דעפּוטאט!

דער אַדוואָקאַט האָט אָנגעהויבן:

„הויכער הויז! די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראַקציע איז בא דער מיינונג, אז די לאַגע און די באַדינגונגען פון די אָרעמפּויערים און ניַיווירטן זיַינען ניט גאָר קיין גלענצנדיקע, און דערפאר דאַרפ מען ערנסט טראַכטן וועגן פארבעסערן זיי".

זיי ווערן באַוויזט, אזוי און אזוי. אָבער מיט אזעלכע געזעצפּראָיעקטן, מיט וועלכע עס קומען די קאָלעגן פון לינקס, די ארבעטער־פּויערים־פּראַקציע, וועט גאָרנישט ניט דערגרייכט ווערן. קוידעמקאָל קען מען ניט אָפּנעמען בא די אייגנטימער, וואָס זיַינען געשאָנקען געוואָרן פארן באַטייליקן זיך אינעם באַפריַיונג־קאַמפּ; מע קען ניט ליקווידירן דעם סענאַט, ווי עס ווערט געפּאָדערט אינעם אריַינגעטראָגענעם געזעצפּראָיעקט, וויַיל ווער וועט אַפ אזא אויפן

דערקלערן און פאַרטײַטשן די געזעצן. דער סיים קען ניט אָפּשאַפן די געריכט־אורטיילן, וואָס טרעטן אַרײַן אין קראַפט און וואָס זײַנען פאַרבונדן מיטן רעגולירן די ציוויל־פאַר־העלטענישן, ווײַל דאָס וואָלט געווען אַ געפערלעכער פּרעצעדעט, וועלכן עס ווילן שאַפן די, וואָס האָבן אַרײַנגעטראָגן דעם געזעץ־פּראָיעקט, צעפּלאָנטערנדיק די עקזיסטירנדיקע רעכט־באַגריפן. קעדיי ניט צו שאַפן קיין מיספאַרשטייעניש, וועלן זיך די סאָציאַלדעמאָ־קראַטן אָפּהאַלטן בא דער אָפּשטימונג,

נאָך אים איז אַפּ דער טריבונע אַרויף דער דעפּוטאַט, וועלכן רויטעל האָט געהאַט באַ־זוכט. גלײַך איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דער בורזשואַזיע און די סאָציאַלדעמאָקראַטן, וואָס זײַנען יעדערער מיט זײַן טאַקטיק אין איין אײנהײַטלעכן פראָנט קעגן די אַרבעטער און ניטפאַרמעגלעכע פּויערים.

גלײַך האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל. אין זאַל האָבן זיך גלײַך באַוויזן די אָפּוועזנדיקע דעפּוטאַטן. פון די בורזשואַזע, פון די סאָציאַלדעמאָקראַטישע בענק האָט מען געשריִען קעגן רעדנער. רויטעל האָט פון דער רעדע ניט געקענט פאַרשטיין קיין איין וואָרט.

דער געפּילדער און טומל איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. ס'זײַנען געווען צו הערן איינצלנע רעפּליקעס:

„קריך אַראָפּ!“

„מאָסקווער געלט רעדט!“

„פאָר איבער אַלופּע!“ [1]

דער פאָרזיצער איז געוואָרן אַלץ מער אופמערקזאַם, און ווען די צווישנרופן זײַנען געוואָרן שאַרפער, איז ער געווען געצוווּנגען אויך פון זײַן זײַט רעאַגירן:

„כ'בעט דעם דעפּוטאַט מער זיך האַלטן באַם אַרײַנגעטראָגענעם געזעצפּראָיעקט“.

די צווייטע באַמערקונג איז געווען: „כ'בעט ניט באַנוצן קיין אויסדרוקן, וואָס באַליי־דיקן די מעלוכע־אָרדענונג“.

די דריטע: „כ'וועל זײַן געצוווּנגען אָפּצונעמען דאָס וואָרט“.

די פערטע: „איך נעם אָפּ אײַער וואָרט, כ'בעט פאַרלאָזן די טריבונע!“

דער פאַרטיידיקער פון רויטעלס געזעץ האָט ניט געהערט, נאָר ווײַטער גערעדט. צו רויטעלן זײַנען דײַטלעך דערגאַנגען אַרויסגערעדטע ווערטער: — מע דאַרף צעשטערן די־דאָזיקע בורזשואַזע אָרדענונג. נאָר דאַן וועלן די ניטפאַרמעגלעכע פּויערים און אַרבעטער דערוואָרבן זייערע רעכט און געזעצן — —

אַפּ דעם האָט זיך אופגעהויבן אַ מעשוגענער טומל: פון צווישן די בורזשואַזע דעפּו־טאַטן האָט מען אָנגעהויבן צו פאָכן מיט די פויסטן און צו רעווען:

„נידער! אַרויס!“

זיי האָבן געדראָט און געשטופּט זיך צו דער טריבונע. די גאַנצע אַרבעטער־פּויערים־פראַקציע האָט זיך געלאָזן פאַרטיידיקן זייער רעדנער.

דער פאָרזיצער אויבן איז רויט געוואָרן. מע האָט געקענט זען, ווי ער דריקט אָן אַ באַזונדערן קנעפּל.

ס'זײַנען זיך צונויפגעלאָפן — אַן אָפיצער אין אַ קאַפּיטאַן־פאָרמע און צוויי סערזשאַנטן און האָבן דעם פאַרטיידיקער פון רויטעלס געזעצפּראָיעקט געריסן פון דער טריבונע און באַגלייט פון אַן אויליעם בורזשואַזע דעפּוטאַטן, מיט גוואַלט אים אַרויסגעשטויסן פון זאַל.

---

[1]) אַ סטאַנציע באַם סאָוועטישן גרענעץ,

פאר דער צייט פון דער געשעעניש האָט דער פאָרזיצער באוויזן אָפּצושטימען, בעשאס קיינער האָט ניט געהערט: דערפאר, וואָס ס׳האָט ניט געפאָלגט דער און דער דעפוטאט, ווערט ער אויסגעשלאָסן אף דריי זיצונגען.

אין דער צייט האָט רויטעל זיך אינסטינקטיוו אָפּגעריסן פון זיין אָרט—אזוי ווי ער וואָלט געאיילט צו הילף. פון זיין זייט איז צו אים צוגעלאָפן דער סערזשאנט און איבערצייגנ־דיק באטאָנט:

„דאָס פובליק׳ום האָט ניט קיין רעכט ארויסצווייזן זיין צושטימונג אָדער ניט צו־שטימונג".

ווען רויטעל האָט דאָס ניט פארשטאנען און האָט זיך אנטקעגנגעשטעלט, אופווייזנדיק, אז אין דעם מאָמענט ווערט געלייזט א וויכטיקע פראגע, האָט דער סערזשאנט אים פון אונטן צוזאמענגעריקט די עלנבויגנס און געשלעפּט פון זאל. ס׳איז אופגעשטאנען אויך דער שפּיאָן און זיך דערנענטערט צו אים.

אלץ איז פאָרגעקומען אומדערווארט גיך. הינטער אים האָט זיך פארמאכט די טיר, און ער האָט זיך שוין געפונען אף די גרויסע מירמל־טרעפּ.

אינדערעמעסן איז דאָרטן אויך נישט געווען מער וואָס צו טאָן. ווארטן אף דער אָפּשטי־מונג? זי איז שוין אף פאָרויס געווען קלאָר. דער געזעצפּראָיעקט האָט אין זאל געהאט נאָר פינף זיכערע שטימען.

אזוי, הייסט עס, קומט עס פאָר!

אפן פלאץ, פארן הויכן סיים־ביניען, האָט פייטער רויטעלן איבערראשט א שיינע זו־מעדיקע פארנאכטיקע זון, וואָס איז נאָר וואָס פארזונקען הינטער דעם אָפּגעבליאקעוועטן טורעם פון דער יאקאָב־קירך און הינטער די שינדלען פון די הייזער. ער האָט אויסגעג־ווינלעך שארף דערפילט דעם קעגנזאץ צווישן אָנקומענדיקן רויִקן זומער־אָוונט און דעם, וואָס ער האָט געהאט געזען דאָרטן אויבן.

ער איז געגאנגען איבער דער זאמד־גאס, איבערן באסטיי־בולוואר, וואָס איז אָנגערופן אפן נאָמען פון זיגפריד מייעראָוויץ [1]). אוועקזעצנדיק זיך נעבן קאנאל־ברעג, איז זיין גע־פיל געווען אזא, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס געהאט פארלאָזן א קראנקנהויז, אויסגעהיילט פון א לאנגער און שווערער קרענק.

דעמועלביקן אָוונט איז ער שוין געווען אין צוג.

זיינע ערשטע ווערטער אינדערהיים זיינען געווען:

„איצטער איז אלץ אופגעקלערט. קיין אנדער אויסוועג וועט ניט זיין, ווי נאָכאמאָל מיט דער ביקס אין דער האנט! אָבער דאן—נאָר צוזאמען מיט די קאָמוניסטן!"

איבערגעזעצט פון לעטיש—איטקין.

---

[1]) דער ערשטער אינער־מיניסטער פון דער לעטישער בלוכע.

ל׳ ראָזנהויז

# די יידישע סאָציאַל-פאַשיסטן אין דינסט פון אימפּעריאַליסטישן פאַציפיזם

דער איבערגאַנג צום נייעם טייל פון מילכאָמעס און אינטערווענציעס קומט פאָר מיט פאַרשנעלערטע טעמפּן. די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס שטאַרקן זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן, אַז איידער זיי וועלן אַריינטרעטן אין אַ מילכאָמע פאַר דער איבערטיילונג פון דער וועלט, זאָל פאַרקומען די אינטערווענץ קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס הענגט אָבער אָפּ ניט נאָר פון זיי. דער מיטער עקאָנאָמישער קריזיס האָט פאַרשאַרפט ביז דער לעצטער מעגלעכקייט די טיפע ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם. דאָס פאַשיסטישע דייטשלאַנד האָט געשטעלט אויפן טאָג-אָרדענונג די רעוויזיע פון ווערסאַלער שאָלעם-אָפּמאַך און, דאָס באַטייט מילכאָמע. פון דער צווייטער זייט שטרעבט די אימפּעריאַליסטישע ענגלאַנד מיט אַלע מעגלעכקייטן צו אָפּרוקן דעם צוזאַמענשטויס צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך און צו פאַרשנעלערן די אינטערווענץ קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד. דעם דאָזיקן ציל דאַרף דינען דער פּאַקט פון די 4 גרויסע אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס: ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע; דעם דאָזיקן ציל דינט דער בלוטיקער קאָנפליקט אויפן ווייטן מיזרעך און די פּראָוואָקאַציעס קעגן ססס״ר מיצאַד די יאַפּאַנישע באַנדעס אין מאַנדזשוריע; דעם דאָזיקן ציל דאַרף דינען די עמבאַרגאָ אויפן סאָוועטישן האַנדל אין ענגלאַנד.

מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז די פאַרשנעלערונג פון דעם אָנקומען פון דעם נייעם טייל פון מילכאָמעס און אינטערווענציעס ווערט באַגלייט מיטן אָנוווּקס פון רעוואָלוציאָנערן קריזיס.

אין דער צייט, ווען די קאָמוניסטן פירן אין דערדאָזיקער נייער סיטואַציע אַ פאַרשאַרפטן קאַמף קעגן דער געפאַר פון דער נייער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און קריג-אינטערווענץ; אין דער צייט, ווען די קאָמוניסטן גרייטן די אַרבעטנדיקע צו פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע און קריג-אינטערווענציעס אין אַ בירגער-קריג קעגן דער בורזשואַזיע, און אַ רעוואָלוציע קעגן אימפּעריאַליזם, און דערוויילבער צייט קומט פאָר אַ פּראָצעס פון פאַנאַנדערפאַל פון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל. עס איז געווען נייטיק, אַז עס זאָל זיך פאַרשנעלערן דער איבערגאַנג צום נייעם טייל פון מילכאָמעס און רעוואָלוציעס, אַז פון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל זאָלן איבערבלייבן אָפּפאַלן, ווי פון אַ קרעציקן, נאַנצע שטיקער.

די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט צערינען מיטן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און האָט געפונען איר אָרט אין איינהייטלעכן היטלעריסטישן נאַציאָנאַלן פראָנט; האָבן זיך דערקלערט סאָלידאַריש מיט היטלערס אויסערלעכער פּאָליטיק.

עס איז ניט וויכטיק, וואָס דער נייער פאַשיסטישער באַלעבאָס באַנייט זיך ניט איבעריקס איידל מיט זיינע סאָציאַל-פאַשיסטישע לאַקייען. וועלס אין לעבן ווייזן אָן — קעריי צו דערישלאָגן זיך אַ בעסערע באַהאַנדלונג — אָף די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט געהאַט אין קאַמף קעגן באָלשעוויזם און בעטן זיך, אַז אין דעם יכוס זאָל מען זיך מיט זיי איידל באַגיין.

פון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל איז אויך אַרויסגעטראָטן די אומאָפּהענגיקע ענגלישע אַרבעטער-פּאַרטיי און עס האָבן מיט אַרויסגעטראָטן די טשעכישע און פינלענדישע סאָציאַליסטן.

עס באַווערן זיך איבער די טעג פון אויגוסט 1914 י., ווען יעדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון איינענעם אימפּעריאַליזם.

די „לינקע" סאָציאַל-פאַשיסטן שפּילן אַן אייגנאַרטיקע ראָלע אינעם האַזיקן פּראָצעס פון דער אימפּעריאַליסטישער צוגרייטונג צו נייע מילכאָמעס און אינטערווענציעס. זיי טרעטן אַרויס אונטער דער פאָן פון קלוימערשטן פּאַציפיזם, זיי נעמען אונטער זייער שוץ דעם יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם און פאַרטיידיקן די „פרידלעכע" פּאָליטיק פון די ענגלישע האַרטקעפּיקע.

מע דאַרף דאָ דערמאָנען די געניאַלע שורעס פון דעם גרויסן פירער פון קאָמינטערן פון דעם כ' סטאַלין, וועלכער האָט נאָך אין 1928 י. אַזוי כאַראַקטעריזירט דעם אימפּעריאַליסטישן פּאַציפיזם:

„עס זיינען פאַראַן נאַראָנימלעך, וואָס מיינען, אַז אויב עס איז פאַראַן אימפּעריאַליסטישער פּאַציפיזם, הייסט דאָס, אַז ס'וועט ניט זיין קיין מילכאָמע. דאָס איז אינגאַנצן ניט ריכטיק. פאַרקערט, ווער עס וויל דערגיין דעם עמעס, יענער דאַרף איבערקלערן די האַזיקע באַהויפּטונג און זאָגן: ווייל עס קומט פאָר אַן אויפבלי פון אימפּעריאַליסטישן פּאַציפיזם מיט זיין פעלקערליגע, וועלן אַף געוויס זיין נייע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס און אינטערווענציעס.

און דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין דעם אַלעמען באַשטייט דערין, וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז דער הויפּט-דורכפירער פון אימפּעריאַליסטישן פּאַציפיזם אינעם אַרבעטער-קלאַס,—הייסט דאָס, אַז זי איז די הויפּט-שטיצע פון קאַפּיטאַליזם אין אַרבעטער-קלאַס אינעם צוגרייטן נייע מילכאָמעס און אינטערווענציעס" („פראַגעס פון לעניניזם", 9-טע אויסגאַבע, ז. 336).

אַף דעם האַזיקן געביט פון אימפּעריאַליסטישן פּאַציפיזם צייכענען זיך אויס באַזונדערס „אונדזערע" יידישע סאָציאַל-פאַשיסטן.

נאָך אין אַפּריל 1932 י. האָט דער סאָציאַל-פאַשיסט זשיטלאָווסקי פאַרעפנטלעכט 2 אַרטיקלען אין גלן „טאָג", אין וועלכע ער האָט דערוויזן, אַז די אימפּעריאַליסטישע יאַפּאַניע איז גערעכט, און אַז מיט איר אינטערווענץ קעגן כינע פירט זי אויס א הייליקע מיסיע. אין דיזאַזיקע זיינע אַרטיקלען האָט זשיטלאָווסקי דערקלערט:

„אין אונדזער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער וועלט זיינען ניטאָ קיין פרייע טירן ניט פאַר די פּראָדוקטן „פון דער פרעמד", ניט פאַר די מענטשן „פון דער פרעמד". מוז יאַפּאַניע מיט גוואַלד דעראָבערן א פרייען צוטריט צו דעם פאַר איר נאָענטסטן כינעזישן מאַרק און אויפצווינגען אירע סכוירעס אַף אים. און זי מוז אויך מיט דערזעלבער גוואַלד אוועקרייסן מאַנדזשוריע און אָנהויבן זי צו קאָלאָניזירן".

דאָקטער זשיטלאָווסקי איז מיט יאָרן צוריק געווען באַקאַנט אין די קלייניבערגערלעכע עסערישע קרייזן מיט זיין קאַמף קעגן דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט, וועלכע ער האָט אויסגעטייטשט מעטאַפיזיש. בענוגייע דעם יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם טרעט אָבער אַרויס דערהאַזיקער העלד אַלס אַן עכטער אָנהענגער פון „היסטאָרישן מוז". דערביי דערציילט ער אונדז, אַז די „באַבושקע" פון די עסערן ברעשקאָ-ברעשקאָווסקאַיאַ, ווען זי האָט געפירט דעם קאַמף קעגן באָלשעוויזם און איז געקומען אין אַמעריקע אַגיטירן פאַר קאָלטשאַקן, אַז נאָך דאַן האָט די „באַבושקע" ראַכמאָנעס געהאַט אַף די יאַפּאַנישע פאָלקמאַסן, וואָס ווערן, נעבעך, דערשטיקט און האָט דערקלערט: „מיר וועלן מוזן אָפּטרעטן זיי א היפּשן טייל פון מיזרעך-סיביר".

איר פאַרשטייט דעם ווינק!

בעמעס באַנוגנט זיך ניט דאָקטער זשיטלאָווסקי מיט א ווינק. ער שטעלט אָפן די פראַגע: „געהערט דען ניט די גאַנצע אַמור-געגנט געאָגראַפיש צו מאַנדזשוריע?"

קען דען עמעצער לייקענען, אַז דער אַדמיראַל טאַנאַקאַ האָט געפינען אין דאָקטער זשיטלאָווסקין א פייִקן מאַלמיד?

דאָקטער זשיטלאָווסקי מיינט דאָך דערביי, אַז עס האַלט ניט ביי א מילכאָמע צווישן יאַפּאַניע און סאָוועטנפאַרבאַנד, „ווייל יאַפּאַניע וועט זיך ניט קוואַפּען אַף דער דורכגעפּאַרענער ערד פון אַמור-געגנט, ביים

זי האָט שוין אין איריע הענט די וואַרעמע פעטע מאַנדזשוריע".

מיר וועלן ניט באַשולדיקן דעם הער זשיטלאָווסקין אין צווייפּנעמדיקייט. מיר וועלן ניט איבערחזרן די ווידערשפּרוכן פון זײַן אַרטיקל. דאָס איז גאַנץ איבעריק. די אַרבעטנדיקע ווייסן, אַז די פרומע און גוטע „באַבושקע" ברעשקאָווסקאַיאַ, וואָס האָט געשטיצט קאָלטשאַקן, האָט מאַסקים געווען אַוועקצוגעבן סיביר צום יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם ניט פון טיפן ראַכמאָנעס צו די יאַפּאַנישע אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָר פּאַשעט דערפאַר, ווײַל דאָס האָט געדאַרפט זײַן דער געצאָלט פאַר דער יאַפּאַנישער אינטערווענץ קעגן די סאָוועטישע אַרבעטנדיקע מאַסן.

כאַראַקטעריסטיש איז אָבער, וואָס דער סאָציאַל-פאַשיסט זשיטלאָווסקי, וואָס פאַרטיידיקט אַזוי די אינטערעסן פון יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם, פּרוּווט גלײַכצײַטיק אײַנשמועסן די אַרבעטנדיקע, אַז קיין געפאַר פון אַן אינטערווענץ פון יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד עקזיסטירט אַפילע ניט. דאָס ווערט געשריבן, קעדיי אַראָפּצורײַסן דעם קאַמף קעגן דער יאַפּאַנישער מעגלעכער אינטערווענץ.

אויב מיר דערמאָנען דעם אַרטיקל פון דאָקטער זשיטלאָווסקין, איז דאָס דערפאַר, ווײַל אויף דעם דאָזיקן אַרטיקל שטיצט זיך דער „ליניקער" עסער שטיינבערג אין זײַנע לעצטע 2 אַרטיקלען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם 14-טן און 15-טן זאַמלבוך „פרײַע שריפטן".

אין זײַנע אַרטיקלען טרעט אַרויס דער דאָזיקער „ליניקער" סאָציאַל-פאַשיסט קעגן דעם פּרינציפּ פון פאַרטיידיקן דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד פון אַלע אַרבעטנדיקע, דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, אין פאַל פון אַן אימפּעריאַליסטישן אָנפאַל.

אויך דער הער שטיינבערג, ווי דער הער זשיטלאָווסקי, נעמט אונטער זײַן שוץ דעם יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם. דער דאָזיקער אַריסטאָקראַט פאַרשפּרייט די זעלבע לעגענדע, וואָס די יאַפּאַנישע אימפּעריאַליסטן, אַז יאַפּאַניע פאַרלאַנגט כינעזישע טעריטאָריעס, ווײַל זי זוכט אַן אָרט וווּהין עס זאָלן קענען אַריבערוואַנדערן די יאַפּאַנישע אַרבעטנדיקע.

עס איז גענוג נאָר צו דערמאָנען, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מאַנדזשוריע געפינט זיך שוין פאַקטיש אין די הענט פון יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם יאָרנלאַנג, זעען מיר דאָך ניט קיין מאַסן-עמיגראַציע פון יאַפּאַנישע אַרבעטנדיקע קיין מאַנדזשוריע. מיר ווילן זיך אויך ניט אַרײַנלאָזן מיטן הער שטיינבערג אין לאַנגע טעאָרעטישע שמועסן וועגן דעם, אַז עס עקזיסטירט ניט קיין אַבסאָלוטע איבערבאַפעלקערונג און אַז דער הונגער און נויט פון די יאַפּאַנישע אַרבעטנדיקע מאַסן דערקלערט זיך מיט די זעלבע סיבעס, וואָס דער הונגער און נויט פון די אַרבעטנדיקע אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט—מיט דער עקזיסטענץ פון קאַפּיטאַליזם. דער הער שטיינבערג אַליין ווייס דאָך, אַז אין מאַנדזשוריע געפינען זיך ניט מער ווי 185 טויזנט יאַפּאַנישע רעזידענטן. עס איז אַלעמען באַוווּסט, אַז די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די יאַפּאַנישע רעזידענטן אין מאַנדזשוריע זײַנען באַאַמטע, הענדלער, געוועזענע זעלנער א. אַ. וו. און נאָר אַ קליינע מינדערהייט פון זיי זײַנען אַרבעטנדיקע. מיר ווילן נאָר ציטירן פאָלגנדיקע שורעס פון זײַן אַרטיקל, וואָס דעקן אויף דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פונעם דאָזיקן סאָציאַל-פאַשיסט, וועלכער פאַרטיידיקט פאַקטיש אונטער אַ מאַסקע פון אַבסטראַקטע פּרינציפּן די אינטערווענציאָניסטישע פּאָליטיק פון יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם. אָנווײַזנדיק אויף דער איבערבאַפעלקערונג פון יאַפּאַניע, פירט ער אויס:

„עס ווערט פאַרשטענדלעך פאַרוואָס כינע און מאַנדזשוריע פאַרנעמען אַזאַ גרויסן אָרט אין דער אויסערן-פּאָליטיק פון יאַפּאַניע, פאַרוואָס אויך די מאַסן זײַנען פאַראינטערעסירט אין דער דאָזיקער פּאָליטיק. אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן דאָס אומבאַדינגטע סאָציאַליסטישע רעכט אײַנצוּוואַנדערן און צו קאָלאָניזירן נײַע לענדער, ווען זיי טוען דערמיט ניט קיין שאָדן די היימישע באַפעלקערונג פון אָט די לענדער (דערפאַר האָבן אויך אייראָפּייער דאָס רעכט באַנעמען אַמעריקע, אויך ייִדן—באַנעמען פּאַלעסטינע א. אַ. וו.)".

דער יאַפּאַנישער אימפּעריאַליזם האָט שוין פאַרכאַפּט ניט איין קאָלאָניע: ער האָט זיך באַפעסטיקט אין קאָרייע, פאָרמאָזע, אויפן שאַנדונגער האַלב-אינדזל, און מאַנדזשוריע. פרעגט זיך, וואָס האָבן דערפון געוווּנען די יאַפּאַנישע אַרבעטנדיקע מאַסן? איז

רען געוואָרן זייער לאַגע בעסער און גרינגער פון דעם?

באַזונדערס „איבעריצײַנגדיק" איז אונדזער לינקער שטריימל־סאָציאַליסט און סאָציאַל־פאַשיסט, ווען ער דערמאָנט פּאַלעסטינע. די ייִדישע אַרבעטנדיקע ווייסן, אַז די קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע דינט די אינטערעסן פון געוויסע גרופּן פון דער ייִדישער גרויס־בורזשואַזיע און פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, אָבער איז קיין פאַל ניט פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע.

שטאַרק אויפגעבראַכט איז דער גאָט־פאָרכטיקער העלד שטיינבערג קעגן דעם לאָזונג פון כ' סטאַלין, אַז „מיר ווילן ניט קיין פרעמדע ערד, אָבער מיר וועלן ניט אָפּגעבן קיין איין שפּאַן אייגענע ערד". לויט דער מיינונג פון דעמדאָזיקן „פאַציפיסט" דאַרף מען פאַנאַנדערלאָזן די רויטע אַרמיי, ווײַל... דעמדאָזיקער אימפּעריאַליסטישער לאַקיי האַלט, אַז „עס איז ניט דערלויבט, אַז א לאַנד, וואָס פירט די מענטשהייט אין דער צוקונפט, זאָל פאַרמאָגן אַ ן אַ ר מ יי —„א רויטע אַרמיי". (די ווערטער אַרמיי אונטערגעשטראָכן און די ווערטער רויטע אַרמיי גענומען אין גענדזנפיסלעך פון דעמדאָזיקן אימפּעריאַליסטישן פאַציפיסט, פון העלד שטיינבערג.—ל. ה.).

איז אַזוי, דאַרף הייסט דאָס, דער סאָוועטנפאַרבאַנד פאַנאַנדערלאָזן די רויטע אַרמיי. דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. דער סאָוועטנפאַרבאַנד דאַרף זיך אָפּזאָגן פון פאַרטיידיקן דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד, וואָרעם „אויב דער יאַפּאַנישער אימפּעריאַליזם וועט פאַרכאַפּן וולאַדיוואָסטאָק און פרימאָריער געגנט און טראַנסבײַקאַליע, הייסט דאָס נאָך ניט, אַז די אַרבעטנדיקע האָבן דאָס רעכט צו פאַרטיידיקן די גרענעצן פון סאָוועטנפאַרבאַנד", ווײַל... נאָר וואָס זאָלן מיר ריידן, מיר וועלן סײַ־ווי־סײַ ניט קענען איבערגעבן מיט אייגענע ווערטער העלד שטיינבערגס „געניאַלע" געדאַנקען. מיר וועלן אים בעסער אַליין געבן א וואָרט און מיר וועלן דאַן בעסער פאַרשטיין, פאַרוואָס דער כ' סטאַלין האָט באַנוצט דעם אויסדרוק „נצאַראָנימלער" בענעגעייע יענע, וואָס גלויבן אין אימפּעריאַליסטישן פאַציפיזם. אָט וואָס עס האָט די כוצפּע צו שרײַבן דער „לינקער" עסער שטיינבערג:

„יאָ, גרענעצן פון היטלאַנד... מיר זײַנען זייער מעסופּעק, צי א סאָציאַליסטיש לאַנד מעג ריידן וועגן זײַנע „גרענעצן" מיט דעמזעלביקן לאָשן, ווי די נאַציאָנאַל־קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס. אין דעם אָרגאַן פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל זײַנען געשטאַנען די ווערטער: „אין פאַל, ווען די יאַפּאַנישע אַרמייען וועלן אַרײַנדרינגען אַף דער טעריטאָריע פון סאָוועטנפאַרבאַנד, וועט די רויטע אַרמיי פאַרטיידיקן זי מיט איר בלוט און ניט אָפּטרעטן קיין איין ברעקל פון איר ערד". עפּעס זײַנען מיר געוווינט צו הערן אַזעלכע רייד נאָר פון דעם מויל פון בירגערלעך־נאַציאָנאַלע מעלוכע־מענער".

אָט דאָס זײַנען די קלוגע רייד פון „לינקן שעבעלינקן", פון דעם גרויסן „נאָווי פון צוקונפט" און פרייִדיקער פון פאַציפיזם, פון דעם העלד שטיינבערג. ער מאַכט אָן אָנשטעל, אַז ער הויבט אַפילע ניט אָן צו באַגרייפן דעם אונטערשייד צווישן פאַרטיידיקן א סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד ביז אַן אימפּעריאַליסטישן קריג. ער איז אינגאַנצן מאַסקים מיט דער „באַבושקע" ברעשקאָווסקאַיאַ, אַז עס איז א יוישער, אַז מיר זאָלן אָפּטרעטן יאַפּאַניע א שטיק סיביר... ער האַלט, אַז באָבשע ברעשקאָ - ברעשקאָווסקאַיאַ געהערט צום רעכטן פליגל און ער צום „לינקן", „אָבער אין אָט די וואונדערבאַרע ווערטער אירע האָט זיך אויסגעדריקט דער טיפסטער מאָך פון אינטערנאַציאָנאַלער געזינדל. דער שטראַל פון דער צוקונפטיקער מענטשהייט האָט אויפגעבליצט אין אַזעלכע ווערטער פון א רוסישן סאָציאַליסט". בעמעס, קען דען זײַן עפּעס העכער ווי א קאַלמאַשאַקיש־טאַנאַקישער סאָציאַליזם? דאָס איז נאָך א העכערע מאַדרייגע ווי הימלעריזם.

איצט וועלן מיר זיך פּרוּוון א ווײַלע פאָרשטעלן, וואָס וואָלט זײַן, ווען די רויטע אַרמיי וואָלט שטיינבערגן געפאָלגט. מע דאַרף ניט האָבן קיין איבעריקע פאַנטאַזיע, כדי פאָרשטעלן זיך, וואָס וואָלט דאַן געווען. עס איז ניט שווער, ווײַל די נאַנקינער גענעראַלן האָבן אין מאַנדזשוריע געהאַנדלט פּונקט ווי עס רעקאָמענדירט דער דאָזיקער „לינקער" עסער. דער יאַפּאַנישער אימפּעריאַליזם האָט זיך אָבער ניט באַגנוגנט מיט מאַנדזשוריע און האָט פאַרכאַפּט די פּראָ-

ווינצן זשעבע, טשאַכאַרא, הרינגט אַרײַן ביז קאַלגאַן, האָט זיך דערנענטערט ביז פעקין און קיינער ווייס ניט ווו ער וועט זיך אָפּשטעלן. די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דינעזישע פאַרטאַפּטע פּראָווינצן זײַנען געוואָרפן אין די אָרעמס פון הונגער, עלנט און נויט. איבער די כינעזישע שוצלאָזע שטעט פליען יאַפּאַנישע אַעראָפּלאַנען און וואַרפן באָמבעס, און בא די כינעזישע פויערים ווערט אָפּגענומען דער לעצטער ביסן ברויט.

צו אונדזער גליק זײַנען די „לינקע" עסערן אַרויסגעשפּינן געוואָרן פון סאָוועטנפאַרבאַנד. אַדאַנק דעם ענטוזיאַזם פון די אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן מיר פאַרענדיקט מיט דערפאָלג דעם ערשטן פינפיאָר און אין צווייטן פינפיאָר בויען מיר שוין די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אונטער דער אָנפירונג פונעם כ' סטאַלין האָבן מיר פאַרענדיקט דעם סאָציאַליסטישן פונדאַמענט, פאַרשטאַרקט די שוצפייִקייט פון אונדזער לאַנד אויפן באָדן פון סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע און קאָלעקטיוויזאַציע. אונדזער רויטע אַרמיי, די אַרמיי פון די אַרבעטנדיקע פון דער גאַנצער וועלט שטייט פעסט בא די גרענעצן פון סאָוועטנפאַרבאַנד און זי וועט ניט דערלאָזן, אַז אימפּעריאַליסטישע אַרמייען זאָלן שטערן דעם פּראָצעס פון סאָציאַליסטישער בויונג. דער עסער שטיינבערג קלערט אָבער אַנדערש. אונטער דער מאַסקע פון פאַציפיסטישער פראַזעאָלאָגיע פאַרטייַדיקט דער העלדישער „לינקער" די אינטערעסן פון יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם. מיר זעען גאַנץ קלאָר, ווי דער פאַציפיזם דינט דאָ די אינטערעסן פון צוגרייטונג צו נײַע אימפּעריאַליסטישע מיליטאַנטעם. ניט צופעליק רײַסן אײַן זשומלאָווסקי און שטיינבערג קוואָרים פאַרן יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם; אינגאַנצן ניט צופעליק. האָט דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס פונקט ווי די ענגלישע האַרטקעפּיקע, טרוימען די סאָציאַל-פאַשיסטן וועגן אַן אינטערווענץ קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד. יאַפּאַניע, וואָס געפינט זיך איצט לעבן די גרענעצן פון סאָוועטנפאַרבאַנד, איז בא זיי דער בעסטער מיטל צו דערנעענטערן דעם חלום צו היילן. אָט פאַרוואָס זיי זײַנען גרייט אַרויסצורופן דעם מזל און זײַן „פאָבעדאָנאָסצעוו" ברעשקאָ-ברעשקאָווסקאַיאַ, איבער נאָר צו דינען דעם יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם. דער הער ראָזנבערג, וואָס האָט ניט לאַנג באַזוכט אין דער שליכעס פון היטלערן ענגלאַנד און איטאַליע, האָט אויך אַ שוואַכקייט צו יאַפּאַניע. אין זײַן אַרטיקל „רוים-פּאָליטיק", וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די „נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע מאָנאַט-העפטן", האָט ראָזענבערג באַגרינדעט אין פאָלגנדיקע ווערטער די טעאָריע פון פאָלק-אימפּעריאַליזם":

„דער לעבן-געזעץ, פון וועלכן עס קען זיך ניט אָפּזאָגן קיין איין נאַציע, ווען זי וויל זײַן לעבנפעיִק, איז דער פאָלק-אימפּעריאַליזם. דער פאָלק-אימפּעריאַליזם איז דאָסזעלבע, וואָס באַפעסטיקן די דערגרייכונגען פון דער פערזענלעכקייט אין אַלע אירע שעפערישע מעגלעכקייטן און לעבן פון איינצלנע מענטשן. ווען די איבערבאַפעלקערטע יאַפּאַניע שטרעבט צו עקספּאַנסיע—איז דאָס פאָלק-אימפּעריאַליזם".

די נאַציס זײַנען קעגן אימפּעריאַליזם, זיי זײַנען אָבער פאַרן פאָלק-אימפּעריאַליזם. אַזוי ווי לויט זייער מיינונג איז דײַטשלאַנד איבערגעפעלקערט, ווילן זיי פאַרכאַפּן פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, עסטאָניע און אוקראַינע. דער הער שטיינבערג, וואָס איז געטרײַ זײַנע „אידעאַלן" פון „פאַציפיזם", וועט, פאַרשטייט זיך, אונדז געבן אַן איינצע, אַז מיר זאָלן עפענען די גרענעצן אויך פאַרן דײַטשישן „פאָלק-אימפּעריאַליזם".

(ביים דיזאָזיקע שורות זײַנען געשריבן געוואָרן איז נאָך ניט געווען פאַרעפנטלעכט הגענבערגס מעמאָראַנדום, וועלכער רופט אַרויס די שטיינבערגישע טעאָריע וועגן „פאָלק אָן שטאָכים", קעדיי צוצוגרייטן די אינטערווענציאָניסטישע פּלענער קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד).

*
* *

אויב אין 1930 י. איז דער פראַנצויזישער אימפּעריאַליזם געווען דער צענטער פון אַלע אינטערווענציאָניסטישע פּלענער קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד, האָבן איצט דיזאָזיקע ראָלע איבערגענומען די ענגלישע האַרטקעפּיקע. מיט דעם מאַקע דערקלערט זיך, וואָס די סאָציאַל-פאַשיסטישע פאַצי-

פיסטישע אימפעריאַליסטן זיינען געוואָרן די סאַמע פאַרברענטע גוטע פריינט פון ענגלישן אימפעריאַליזם. אויב דער „לינקער" עסער שטיינבערג האָט אף זיך גענומען די מיסיע צו זיין אן אַדוואָקאַט פון די יאַפּאַנישע מיליטאַריסטן, האָבן זיינע קאָנקורענטן—די בונדיסטן, אויך „לינקע שעבעלינקע", גענומען אף זיך די הייליקע מיסיע צו פאַרטיידיקן די ענגלישע האַרטקעפּיקע און די אינזשענערן-שעדיקער.

עס דאַרף פאַרשריבן ווערן, אז אין יאָר 1933 אין 14-טן טאָג פון כוידעש אַפּריל האָט זיך געפונען א „סאָציאַליסטישער" זשורנאַליסט אין טיער, וואָס האָט אַנטדעקט א נייעם עמעס און וואָס האָט דערוויזן, אז די עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם איז אין דער ווירקלעכקייט די פרידלעכסטע צייט, וואָס קאָן גאָר געבן. דער בונדיסט וולאַדימיר קאָסאָווסקי האָט פאַרעפנטלעכט אין „פאָלקס-צייטונג" אן אַרטיקל, אין וועלכן ער דערווייזט, אז דאָס פרידלעכסטע לאַנד אין דער וועלט איז יענע מעלוכע, וואָס געפינט זיך אין די הענט פון די ענגלישע האַרטקעפּיקע. דער הער קאָסאָווסקי שרייבט בוכשטעבלעך:

„ענגלאַנד וויל מיט אַלע מיטלען אויסמיידן א מילכאָמע. א נייע מילכאָמע קאָן איר גאָרנישט געבן. אין טעריטאָריעלער הינזיכט איז זי זאַט—די וועלט-מילכאָמע האָט באַפרידיקט אַלע אירע ווונטשן און פּראַט פון נייע שטאָכים.

...ענגלאַנד איז פעסט אַנטשלאָסן זיך ניט אַריינמישן אין א נייער מילכאָמע, אָבער קעדיי קיין שום ניסאָיען זאָל ניט שטעלן אין געפאַר איר נייטראַליטעט, וויל זי אויסגלייכן די סיכסוכים פון וועלכע עס קאָן אַרויסשפּרינגען א מילכאָמע: דאָס זיינען די קאָנפליקטן צווישן פראַנקרייך (מיט אירע פאַרבינדעטע) און איטאַליע—פון איין זייט, און דייטשלאַנד—פון דער אַנדערער זייט".

(„פאָלק-צייטונג", № 110, 1933 י.).

מיר דערוויסן זיך פון די עטלעכע שורעס אַזוינע זאַכן, וואָס „קערן איבער" אונדזער גאַנצע פאָרשטעלונג וועגן אימפּעריאַליזם. ערשטנס, דערוויסן מיר זיך, אז א אימפּעריאַליסטישע מעלוכע קען זיך אָנזעטיקן, כאָטש זי האָט ניט באַהערשט די גאַנצע וועלט: פאַר א מוסטער פון אַזאַ אָנגעזעטיקטער אימפּעריאַליסטישער מעלוכע, שטעלט אונדז דער בונדישער טעאָרעטיקער פאָר ניט קיין אַנדער מעלוכע ווי טאַקע ענגלאַנד — דאָס אימפּעריאַליסטישע ענגלאַנד.

ענגלאַנד איז „זאַט" און איבערגעזעטיקט. די אימפּעריאַליסטן פון ענגלאַנד נייטיקן זיך ניט אין קיין נייע טעריטאָריעס. אויב די ענגלישע אימפּעריאַליסטן האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן קאַווקאַז, אויב די ענגלישע אימפּעריאַליסטן זיינען פאַרקראָכן אַזש אין מורמאַנסק, האָבן זיי דאָס געטאָן ניט כאַס וועכאָלילע, ווייל זיי האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן די באַקוער נאַפט-קוואַלן, נאָר פון ריינער ליבע צו די גרוזינישע מענשעוויקעס. פאַרשטייט זיך, אז צוליב דיזעלבע מאָטיוון האָבן די ענגלישע אימפּעריאַליסטן דערשאָסן די 26 באָלשעוויסטישע קאָמיסאַרן. זיי האָבן אַזוי געהאַנדלט, ניט ווייל זיי האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן נייע שטאָכים, נאָר צוליב דער גרויסער אוהדיי פון דעמאָקראַטיע.

די ענגלישע אימפּעריאַליסטן זיינען אַזוי זאַט, אז זיי אַרט ניט, אויב מע וועט צעטיילן כינע און זיי וועט ניט אָנקומען קיין ביילעק. וואָס-זשע טוען אָבער די ענגלישע אָפיצערן אין דער אַרמיי פון דעם דאַליי-לאַמאַ? עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז זיי פאַרנעמען זיך דאָרטן מיט קלעטערן אף די בערג, ווייל ענגלענדער האָבן ליב ספּאָרט, און מיט אויספאָרשן דעם טיבעטישן פאָלקלאָר.

די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט געדענקען נאָך, אז די ענגלישע האַרטקעפּיקע האָבן ווי באַנדיטן איבערגעהאַקט די שאַפעס אין „אַרקאָס", נאָר זיי האָבן דאָס געטאָן פון ריינער ליבע צו דערזעלבער דעמאָקראַטיע. נאַיווע מענטשן קענען עפּשער זיך דערמאָנען וועגן די זיכרוינעס פון לאָקאַרטן, אָן די מעמואַרן פון משערטשילן און אָן דעם בוך פון לאָרענסן, וואָס האַרמאָנירן ניט מיט דער טעאָריע וועגן פרידלעכן כאַראַקטער פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, ווייל אין זיי דערציילט זיך וועגן אינטערווענץ, שפּיאָנאַזש און מילכאָמע. קאָסאָווסקי אָבער וועט דערקלערן די דאָזיקע נאַיווע מענטשן, אז משערטשיל, לאָקאַרט און לאָרענס האָבן פּשוט זיך געפינען אונטער דער ווירקונג פון אַגענטן פון ג.פּ.או., וואָס האָבן זיי נעבעך גענייט צו אַנערקענען זייער שולד און צו אָנשרייבן

בינער, וואָס אנטפּלעקן מאַמש מיילווייזן די בלוטיקע סודעס פֿון ענגלישן אימפּעריאליזם. אין דער ווירקלעכקייט זיינען אָבער טשערטשיל, לאָקאַרט און לאַורענס עכטע שעפּעלעך, וואָס טרוימען אפילע ניט וועגן אוואַנטיורעס און מילכאָמעס.

ווער ווייס, עס קען זיין, אז מיר מיינען אויס קאָסאָווסקי'ן ניט ריכטיק. אלעמען איז באַוווּסט, אז עס עקזיסטירט בא די גאַנאָווים און מערדער א בלאַטע שפּראַך, וואָס איז ניט ענלעך אף די אָנגענומענע נאָרמאַלע שפּראַכן. צ.ב. אַ קיצל טאָן, הייסט אף דערהאָזיקער שפּראַך איבערשניידן עמיצן דעם האַלדז.

ניט נאָר גאַנאָווים האָבן אַ בלאַטע שפּראַך, נאָר אויך די אימפּעריאליסטישע מעלוכעס. ווען דער יאַפּאַנישער גענעראַל-שטאַב לאָזט אַרויס אַן אָפיציעלע מעלדונג, שרייבט ער וועגן דעם, אז קעדיי צו פֿאַרזיכערן דעם שאָלעם, שיקט ער אַן עקספּעדיציע אין צאָפּן-כינע צו פֿאַרטיליקן די באַנדיטן, וואָס לאָזן ניט די פֿרידלעכע איינוווינער רויִק אַרבעטן. ס'קען זיין, אז קאָסאָווסקי'ס אַרטיקל איז געשריבן אף דערהאָזיקער בלאַטער שפּראַך.

די ענגלישע אימפּעריאליסטן זיינען געשטימט זייער „פֿרידלעך“ אָט מאַקע פּונקט ווי זייערע יאַפּאַנישע כאַווײרים און פֿאַרבינדעטע. די ענגלישע אימפּעריאליסטן ווילן „באַרויִקן“ דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, כינע, דאָרעם-אַמעריקע. קעדיי דערגרייכן דיזאָזיקע „פֿרידלעכע“ מיסיע, עקזיסטירט אין ענגלאַנד אזא אינסטיטוציע, וואָס רופֿט זיך „אינטעליגענט סערוויס“. איבערגעזעצט אף דער סאָוועטישער שפּראַך וועט דאָס הייסן די ענגלישע קאָנטראַזוועדקע.

מע דאַרף אָבער זיין גערעכטיק אַפילע צו אַ סוינע און מע קען ניט לייקענען, אז די ענגלישע קאָנטראַזוועדקע האָט אַ שטאַב פֿון נעניג טיכטיקע מיטאַרבעטער. און ערשט מיט אַ יאָר צוריק האָט זיך אין דער יידישער בורזשואַזער אויסלענדישער פּרעסע באַוויזן אַ מעלדונג, אז די סאָנים פֿון ציאָניזם באַשולדיקן כאַיִם ווייצמאַנען, דעם געוועזענעם פּרעזידענט פֿון דער ציאָניסטישער אָרגאַניזאַציע, אז ער איז אַן אַגענט פֿון דער ענגלישער קאָנטראַזוועדקע. דערדאָזיקער קלאַנג איז, פֿאַרשטייט זיך, אָפּגעלייקנט געוואָרן מיצאַד די ציאָניסטן, אָבער א בייגעשמאַק איז געבליבן. עס האָט זיך באַקומען אַן איינדרוק, אז ווי א רויך איז פֿאַראַן פֿייער (ס'איז גענוג נאָר צו דערמאָנען די פֿאַקטן פֿון ציאָניסטישן שפּיאָנאַזש קעגן טערקיי לעטויוועס דעם ענגלישן אימפּעריאליזם אין דער צייט פֿון דער וועלט-מילכאָמע. די דאָזיקע שפּיאָנאַזש-טעטיקייט האָט אויך געטראָגן א „דזשענטעלמענישן“ כאַראַקטער).

אפֿן פּראָצעס קעגן די שעדיקער-שפּיאָנען אף די עלעקטראָסטאַנציעס פֿון ס.ס.ס.ר. האָבן מיר זיך באַקענט מיט עטלעכע אַגענטן פֿון דער ענגלישער „אינטעליגענט סערוויס“. עס איז ניטאָ קיין ספֿייק, אז כאַיִם ווייצמאַן וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט צו דריקן די האַנט פֿון די דאָזיקע דזשענטעלמענער. טאָרנטאָן און מאָנקהאַוז געהערן דאָך ביידע צו דער העכערער ענגלישער געזעלשאַפֿט. די ענגלישע האַרטקעפּיקע האָבן זיך, פֿאַרשטייט זיך, געשוואָרן, אז די דאָזיקע דזשענטעלמענער קענען אין קיין פֿאַל ניט זיין קיין שפּיאָנען און שעדיקער. צום באַדויערן, זיינען נאָך דאַן ניט געווען פֿאַרעפֿנטלעכט קאָסאָווסקי'ס אַרטיקלען און דערהאָזיקער פֿאַקט האָט אַ ביסל אָפּגעשוואַכט די פּאָזיציעס פֿון דעם ענגלישן אויסערן-מיניסטער סיימאָנען.

עס איז פֿאַראַן אַ גאָלדענער קלאַל, אז בעסער שפּעטער, ווי קיינמאָל. מ'דאַרף זיך דעריבער ניט פֿאַרוווּנדערן, ווען דער באַנדיטישער לידער קאָסאָווסקי איז מיט אַ געוויסער פֿאַרשפּעטיקונג, אָבער דאָך אַרויסגעטראָטן מיט אַ פֿאַרטיידיקונג פֿון די געכאַפּטע בא דער האַנט אַרל-לייט פֿון דער ענגלישער קאָנטראַזוועדקע. אונדז דאַרף דאָס ניט פֿאַרוווּנדערן, ווייל אויב דער ענגלישער אימפּעריאליזם שטייט אין אוואַנגאַרד פֿון קאַמף פֿאַרן שאָלעם, איז דאָך דערפֿון קלאָר, אז די דזשענטעלמענער פֿון דער ענגלישער קאָנטראַזוועדקע זיינען פֿרידן-מאַלאָכים.

עס ווייזט זיך אַרויס, אז דער באַנדיט קאָסאָווסקי האָט פֿילע רעכט צו קאָנקורירן מיטן ציאָניסט כאַיִם ווייצמאַן. דער ציאָניסט כאַיִם ווייצמאַן האָט דאָך ניט געהאַט די כוצפּע אַרויסצוטרעטן מיט אַן אָפֿענער פֿאַרטיידיקונג פֿון די ענגלישע שפּיאָנען. דער פּראָצעס איבער די שעדיקער איז דאָך פֿאָרגעקומען עפֿנטלעך און אַפילע דער

גרעסטער טייל פֿון די בורזשואַזע זשורנאַליסטן, וואָס זיינען בייגעווען אויפֿן פּראָצעס, זיינען געצוווּנגען געווען צו אָנערקענען, אַז די „מאַלינע" איז דורכגעפֿאַלן און אַז די הערן טאָרנטאָן, מאַקדאָנאַלד און מאַנקהאַוז האָבן זיך נעבעך פֿאַרשאָטן. טאָרנטאָן האָט מיט זיין אייגענער האַנט אָנגעשריבן זיינע באַווייזן און האָט אָנגעגעבן אַ גאַנצן צעטל פֿון אַגענטן פֿון „אינטעליגענץ סערוויס". דעם הער קאָסאָווסקי, דעם טרייען ריטער פֿון ענגלישן אימפּעריאַליזם גייט האָט ניט אָן. דער דאָזיקער סאָציאַל-פֿאַשיסט קען נעבעך ניט פֿאַרטראָגן, וואָס די ענגלישע שפּיאָנען זיינען דורכגעפֿאַלן. אין אַ צווייטן אַרטיקל, וואָס דער דאָזיקער הער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין „פֿאָלקס-צייטונג" פֿון 22-טן אַפּריל, גייט ער נאָך ווייטער ווי אין ערשטן, און נעמט דעם טרויעריקן מוט צו דערקלערן:

„עס ליגט זיך ווייניק אויפֿן סייכל, אַז די ענגלישע פֿירמע „מעטראָ-וויקערס", וואָס שטעלט צו מאַשינעס פֿאַר די סאָוועטישע עלעקטראָשטאַנציעס זאָל זיך אין משך פֿון אַ לאַנגער צייט פֿאַרנעמען דורך איר אינזשענערן מיט דעזאָרגאַניזירן די סאָוועטישע פֿאַבריקן.

„עמעס, איינער פֿון די פֿאַרמישפּטע ענגלישע אינזשענערן מאַקדאָנאַלד האָט זיך אַליין דערקלערט פֿאַר שולדיק, אָבער זיין אויפֿפֿירונג אין געריכט איז געווען אַזוי ניט קלאָר, אַז מע קען קיין צוטרוי ניט האָבן צו זיינע רייד. די ראָלע פֿון דעם צווייטן פֿאַרמישפּטן ענגלישן אינזשענער טאָרנטאָן איז ניט אויפֿגעקלערט געוואָרן".

טשערטשיל אַליין וואָלט בעסער ניט אָנגעשריבן. די ענגלישע קאָנסערוואַטיווע פּרעסע שטיקט זיך איצט מיט דעם מאָסקווער פּראָצעס, ניט אַרויסצושפּייען און ניט איינצושלינגען. אַ לאַקיי דאַרף אָבער האָבן מער חוצפּה ווי דער באַלעבאָס, און דעם סאָציאַל-אינטערווענט קאָסאָווסקי'ן פֿעלט ניט קיין חוצפּה. די פֿיינטשאַפֿט פֿון העם-דאָזיקן בונדיסט צום סאָוועטנפֿאַרבאַנד איז אַזוי גרויס, אַז ער רעכנט זיך ניט מיט דעם עפֿנטלעכן כאַראַקטער פֿון געריכט, וואָס האָט באַוויזן די שולד פֿון די באַשולדיקטע.

אין זיין אַרטיקל וועגן קראַך פֿון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט דער כ' לענין געשריבן וועגן זעלביקן הער קאָסאָווסקי:

„מע קען האָפֿן, אַז קאָסאָווסקי'ס פֿאַרטיידיקונג פֿון נאַציאָנאַליזם, וועלכער האָט זיך דערערט ביז דער באַרעכטיקונג פֿון די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס האָבן געשטימט פֿאַר די קריגס-קרעדיטן, וועט מיטהעלפֿן אַפֿילע אַרבעטער ענדגילטיק איבערצייגן זיך אין דעם בורזשואַז-נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער פֿון „בונד". (לענין, 18-טער באַנד. 2-טע אויסגאַבע, ז. 239).

אַזוי האָט לענין געשריבן וועגן קאָסאָווסקי'ן אין די יאָרן פֿון דער וועלט-מלחמה, ווען דער דאָזיקער שמוציקער געפֿעש האָט פֿאַרטיידיקט די אינטערעסן פֿון דייטשישן אימפּעריאַליזם.

מיר געפֿינען זיך ערשט אַ נייעם טור פֿון רעוואָלוציעס און מלחמות און כּמעט קאָסאָווסקי האָט געביטן דעם באַלעבאָס, איז ער אָבער געבליבן טריי זיין פּראָפֿעסיע. איצט פֿאַרטיידיקט קאָסאָווסקי ניט דעם דייטשישן, נאָר דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. פֿון אַן אַגענט פֿון דייטשישן אימפּעריאַליזם האָט ער זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אַגענט פֿון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. די האַרטנעקיקע גרייטן אַ מלחמה קעגן סאָוועטנפֿאַרבאַנד, און דער בונדיסט קאָסאָווסקי האָט זיך געשטעלט אין זייער דינסט. מיר ווייסן ניט, צי איז דער הער קאָסאָווסקי אַ געצאָלטער אַגענט פֿון „אינטעליגענץ סערוויס", פּונקט ווי מיר ווייסן ניט, צי איז כאָטש ווייצמאַן אַ געצאָלטער אַגענט. די אויבנציטירטע צוויי אַרטיקלען באַווייזן אָבער שוואַרץ אויף ווייס, אַז דער בונדיסט קאָסאָווסקי איז גרייט צו ליגן, פֿאַלסיפֿיצירן, גרייט אויף אַלע נידערטרעכטיקייטן, נאָר קעדיי צו דינען דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם.

פֿאַר דער פֿאַלשקייט, נידערטרעכטיקייט און צווייפּנעמעריקייט פֿון „בונד" איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין דעמזעלבן בלאַט, אין וועלכן קאָסאָווסקי באַזינגט דעם „פּריווילעגן אימפּעריאַליזם" אין דערווייזונג, אַז וואָס מער אַן אימפּעריאַליסטישע מעלוכע האָט פֿאַרכאַפּט לענדער, אַלץ מער איז זי פֿרידלעכער, אין זעלבן נומער „פֿאָלקס-צייטונג" געפֿינען מיר אַן אַרטיקל פֿון הער כמורנער, אין וועלכן ער רעדט וועגן דער סאַקאָנע פֿון אַן אַנטיסעמיטישער אינטערווענץ.

וועגן אן ענלעכער טאקטיק פון „בונד“ האט דער כ׳ לעגין געשריבן, אז ניט די „ליגקע“ בונדיסטן הריקן אויס די פאליטיק פון „בונד“, נאר האפקע אזוינע ווי דער העד קאסאווסקי. דער ציל פון די „ליגקע“ איז נאר צו פארמאסקירן און פארדעקן די שמוציקע ארבעט פון די הערן קאסאווסקי עט קאמפאניע.

מיר שטעמפלען דעם העד קאסאווסקי אלס אן אגענט פון ענגלישן אימפעריאליזם, וואס האט זיך ניט וואס צו שעמען פאר כאים ווייצמאן. דאס באשטעטיקן די אויבנדערמאנטע צוויי ארטיקלען זײַנע. מיר האפן, אז די ארטיקלען פון דעמראזיקן שמוציקן העד וועלן דינען אלס נאך א באווײַז פאר א כאך יידישע ארבעטער אף דער עמעסער ראלע פון „בונד“ און וועלן פארשנעלערן דעם פראצעס פון זייער ענדגילטיקער אויסגיכטערונג פון די רעשטלעך בונדיסטישן משוגעת.

אין זײַן פאליטישן באריכט פון 16-טן פארטיי-צוזאמענפאר האט דער כ׳ סטאלין אנגעוויזן:

„דערנבער איז יעדעס מאל, ווען די קאפיטאליסטישע ווידערשפרוכן הויבן זיך אן צו פארשארפן, ווענדעט די בורזשואזיע אירע בליקן אין דער זײַט פון פסס״ר: עפשער קען מען לייזן דעם אדער יענעם ווידערשפרוך פון קאפיטאליזם, אדער אלע ווידערשפרוכן צוזאמען גענומען, אפן רעכענונג פון פסס״ר — דעמדאזיקן לאנד פון סאוועטן, דער פעסטונג פון רעוואלוציע, וואס בלויז מיט איר עקזיסטענץ רעוואלוציאניזירט זי דעם ארבעטער-קלאס און די קאלאניעס, שטערט זי ארגאניזירן א נײַע מילכאמע, שטערט זי איבערצוטיילן איבעראניים די וועלט, שטערט זי באלעבאטעווען אף דער ברייטקײַט פון איר אינערלעכן מארק, וועלכער איז אזוי נייטיק פאר די קאפיטאליסטן, באזונדערס איצט, אין צוזאמענהאנג מיטן עקאנאמישן קריזיס“.

דער סאוועטנפארבאנד שטערט דעם אימפעריאליזם. און אונטער א מאסקע פון אימפעריאליסטישן פאציפיזם זוכן די הארטעקעפיקע צו ארגאניזירן אן אינטערווענץ קעגן סאוועטנפארבאנד. אונטערן פארוויץ פון הענדערסאנען, דעמדאזיקן טיפישן ענגלישן סאציאל-פאשיסט קומט פאר אין זשענעווע די אנטוואפענונג-קאנפערענץ, אף וועלכער עס ווערט אונטער דער שוין פון פאציפיסטישע פראזן צוגעגרייט א נײַע וועלט-מילכאמע. מיסאלעני און מאקדאנאלד האבן זיך געאײַלט אין דער לענג און אין דער ברייט, קעדיי צו שליסן אונטער דער מאסקע פון א פאציפיסטישער פראזעאלאגיע דעם פאקט פון 4, וואס איז געווענדעט מיט זײַן שארפקײַט קעגן דעם סאוועטנפארבאנד. די הערן זשיטלאווסקי, שטיינבערג, קאסאווסקי, דינען מיט זייערע קלוימערשטע פאציפיסטישע ארטיקלען דעמדאזיקן אימפעריאליסטישן פאציפיזם, וואס גרייט נײַע אינטערווענציעס קעגן סאוועטנפארבאנד, וואס גרייט נײַע מילכאמעס.

פאראן אבער א דריטער צאר, די קאמוניסטישע פארטיי, וואס קעמפט פאר דער סאציאליסטישער רעוואלוציע, וואס קעמפט קעגן דער נײַער וועלט-מילכאמע. פון דער רעוואלוציאנערער ענערגיע פון די ארבעטנדיקע מאסן הענגט אפ וועלכע מעגלעכקײַט וועט ווערן א ווירקלעכקײַט, וואס וועט קומען פריער: די אימפעריאליסטישע מילכאמע, די אינטערווענץ קעגן סאוועטנפארבאנד, אדער די סאציאליסטישע רעוואלוציע. דער קאמינטערן קעמפט פאר דער סאציאליסטישער רעוואלוציע, און די סאציאל-פאשיסטן פון אלע פארבן גרייטן אונטער דער מאסקע פון פאציפיסטישער פראזעאלאגיע די נײַע וועלט-מילכאמע — די אינטערווענציע קעגן סאוועטנפארבאנד. מיט דער גרעסטער סינע פירן זיי א באהאלטענעם און פארמאסקירטן קאמף קעגן סאוועטנפארבאנד, ווײַל זיי ווייסן, אז פסס״ר מיט זײַן עקזיסטענץ, מיט דעם פאקט פון פארווירקלעכונג פון סאציאליזם דינט ער דער סאציאליסטישער רעוואלוציע. זיי ווייסן, אז דער כ׳ סטאלין איז גערעכט, ווען ער באצייכנט דעם סאוועטישן פראלעטאריאט אלס די שלאג-בריגאדע פון דעם אלוועלטלעכן פראלעטאריאט.

די טראצקיסטן, די דעמאזיקער אוואנגארד פון דער קאנטררעוואלוציאנערער בורזשואזיע באקעמפן דעם לענין-סטאליניסטישן טעזיס, אז די סאציאל-פאשיסטן זײַנען די הויפט-שטיצע פון דער בורזשואזיע אין איר צוגרייטונג צו א נײַער וועלט-מילכאמע, און אינטערווענציעס קעגן סאוועטנפארבאנד. מיר האבן אין אונדזער ארטיקל געדאט צו טאן נאר מיט די אזויגערופענע

„לינקע“ סאָציאַליסטן, און צו דען קען בא עמעצן בלײַבן א סאָפּעק, אז זייער פּאַציפֿיזם דינט דעם אימפּעריאַליזם. מיר שטרײַכן דאָס אונטער ניט קעדיי צו דיסקוטירן מיט דיזאָזיקע אויסוואורפֿן, נאָר קעדיי צו דעמאַסקירן זיי.

זאָלן וויסן די ייִדישע אַרבעטנדיקע, אז זשיטלאָווסקיס און שטיינבערגס פּאַציפֿיזם דינט דעם יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם, אז זיי פֿאַרטיידיקן טאַנאַקאַ'ס מעמאָראַנדום. זאָלן וויסן די ייִדישע אַרבעטנדיקע, אז קאָסאָווסקי דינט טשערטשילן.

די סאָציאַל-פֿאַשיסטן זײַנען די דורכפֿירער פֿון פּאַציפֿיסטישן אימפּעריאַליזם. די דאָזיקע לאַקייען ווערן צײַטנווײַז שלעכט באַהאַנדלט פֿון זייערע באַלעבאַטים, אָבער דאָס שטערט זיי ניט צו דינען זיי געטרײַ. הינט און לאַקייען, וואָס מער מע שלאָגט זיי, אַלץ מער זײַנען זיי געטרײַ. היטלער ווייס דאָס, און ער באַהאַנדלט זײַנע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע לאַקייען לויט דעם דאָזיקן מעטאָד.

י. הערשנבוים

# פאַר דער ריינקייט פון דער מאַרקסיסטיש-לענינישער טעאָריע

פאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פונעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בײַ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפטס-אַקאַדעמיע ברייט פאַנאַנדערגעוואַקסן. עס איז פאַנאַנדערגעוויקלט געוואָרן אַ ברייטע טעטיקייט אויפן געביט פון וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישער אַרבעט אין פאַרשיידענע געביטן. מיר האָבן אָן אַ צווייפל באַדייטנדיקע דערגרייכונגען אין געביט פון דער וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישער אַרבעט.

אונטער דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי איז צעקלאַפּט געוואָרן די נאַצדעמאָוושטשינע, וועלכע האָט פריִער געהערשט אין אינסטיטוט (געוועזענער ייִדסעקטאָר) בײַ דער נאַצדעמישער און נאַצאָפּאָרטוניסטישער אָנפירונג פון דער אַקאַדעמיע.

עס איז דערלאַנגט געוואָרן אַ שטאַרקער קלאַפּ דעם „אַקאַדעמיזם“ און דער אינסטיטוט האָט זיך איינגעשלאָסן אין באַאַרבעטן אַ ריי פּראָבלעמען מיט אַ פּראַקטישער באַדייטונג פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג און אויף באַדינען די קולטורעלע באַדערפענישן פון די ברייטסטע מאַסן.

אַלס אַזעלכע אַרבעטן דאַרפן פאַרצייכנט ווערן: די אויספאָרשונג פון די שטעטלעך, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין 1930 צוזאַמען מיט דער נאַצקאָמיסיע בײַם צא״ק ווסס״ר; די פיזישע טערמינאָלאָגיע; די לאַנדווירטשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיע, וואָס עס ווערט די טעג איבערגעגעבן צום דרוק און אַנדערע.

דער אינסטיטוט האָט דורכגעפירט אַ באַדייטנדיקע אַרבעט אין קאַמף קעגן ייִדישיזם, בונדיזם, קעגן די רעכטע און לינקע אָפּנייגן אין געביט פון דער עקאָנאָמישער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטנדיקע. די ליטעראַרישע קאָמיסיע קען פאַרצייכענען אין איר אַקטיוו דעם קאַמף, וואָס זי האָט געפירט קעגן נאַציאָנאַליזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור, קעגן פּערעווערזעוושטשינע, קעגן נאַצדעמאָקראַטיזם און נאַצאָפּאָרטוניזם, קעגן מענשעוויזירנדיקן אידעאַליזם, פאַר דער גענעראַלער פּאַרטיי-ליניע אין דער ליטעראַטור-קריטיק, פאַר דער ריינקייט פון דער מאַרקסיסטיש-לענינישער מעטאָדאָלאָגיע.

עס דאַרף באַזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן די גרויסע ביז גאָר וויכטיקע אַרבעט אין קאַמף קעגן בונדיזם, וואָס איז שוין איבערגעגעבן געוואָרן צום דרוק, דער זאַמלבוך „לענין קעגן „בונד““, אַן אַרבעט, וואָס האָט געדויערט אַנדערהאַלבן יאָר, צוזאַמענגעקליבן אַלץ, וואָס לענין האָט געשריבן וועגן „בונד“ מיט אַ גענויער ביבליאָגראַפיע פון אַלע 30 בענדער געזאַמלטע ווערק און 21 לענינישע זאַמלביכער. עס דאַרף באַצייכנט ווערן דער גרויסער אינטערעס צו דער דאָזיקער אַרבעט מיצאַד אַ ריי וויסנשאַפטלעכע טוער, וועלכע נוצן זי אויס שוין באַם איצטיקן טאָג אין מאַנוסקריפּט פאַר זייער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. עס דאַרף דאָ אָנגעוויזן ווערן, אַז מיר האָבן אַ ריי פאָרשלאָגן פון אונדזערע פאַרלאַגן אַרויסצולאָזן דעם זאַמלבוך אין רוסיש, ווײַסרוסיש און פּויליש.

עס ליגט אין פאַרטיק אַ ריי אַרבעטן וועגן מאַרקסן, וואָס זײַנען צוגעגרייט געוואָרן צום 50-טן יאָרטאָג פון מאַרקסעס טויט.

די דערגרייכונגען אין דער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט האָבן מיר אָפּן פאַן פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף, וועלכער קומט פאַר אין לאַנד אַרום דער סאָציאַליסטישער בויונג. די ליקווידאַציע פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין סאָוועטנפאַרבאַנד רופט אַרויס אַ פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד מיצד די דאָזיקע עלעמענטן, וואָס שוואַכער זיי ווערן, אַלץ פאַרעקשנטער איז זייער ווידערשטאַנד.

די צעקלאַפּטע נאַצדעמישע, בונדישע עלעמענטן, ווילן ניט פרייוויליק אָפּגעבן זייערע פּאָזיציעס און וואָס שוואַכער זיי ווערן, אַלץ פאַרעקשנטער איז זייער ווידערשטאַנד.

די נאַצדעמישע, בונדיסטישע, טראָצקיסטישע עלעמענטן, וועלכע זיינען צעקלאַפּט געוואָרן אין דער אַקאַדעמיע, קענען שוין באַם איצטיקן מאָמענט ניט פּראָפּאַגאַנדירן זייערע אידייען פריי און אָפן. זיי האָבן אָנגענומען די טאַקטיק פון „שטילער סאַפּע", פאַרמאַסקירנדיק זיך אונטער דער פראַזעאָלאָגיע פון מאַרקסיזם-לעניניזם, פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. נ' רעכנדיק זיך מיט אַ צומאַכע פון סטאַלינען, שלעפּן זיי דורך זייער נאַציאָנאַליסטישע, בונדיסטישע און טראָצקיסטישע קאָנטראַבאַנדע.

די דאָזיקע עלעמענטן רעכענען באַזונדערס שטאַרק אויס אויף דער אָפּגעטעמפּטקייט פון דער קלאַסן-וואַכזאַמקייט באַ אַ טייל פּאַרטיישע טוער, קעדיי אומגעשטערט פאַרשפּרייטן זייערע טעאָריעס. און אין דעם פאַל האָבן די דאָזיקע עלעמענטן אויסגענוצט די אָפּגעטעמפּטע קלאַסן-וואַכזאַמקייט פון דער פּאַרט-גרופּע באַ דעם אינסטיטוט פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור און דורכגעשלעפּט בונדיסטיש-ציאָניסטיש-יידישיסטישע קאָנצעפּציעס אין אַ ריי אַרבעטן, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור. דאָס זיינען די אַרבעטן פון משערניאַווסקי, אַלעקסאַנדראָוו און פיינזילבער.

עס זיינען אויך פאַראַן אַ גאַנצע ריי פעלערן נאָך באַ אייניקע טוער פון דעמזעלביקן כאַראַקטער.

און וואָס באַשטייט אייגנטלעך די גרונט-קאָנצעפּציע באַ משערניאַווסקין:

1) אין דעם בונדיסטישן אויסטייטש פון ציאָניזם, וואָס איז אין טאָך גענומען ציאָניסטיש. ער ווייזט פאַנאַנדער די טעאָריע, אַז די יידישע בורזשואַזיע, ווי אַ בורזשואַזיע פון אַן אונטערדריקטער נאַציע, האָט געזוכט אַן אויסוועג פון איר לאַגע, און געשטרעבט צו שאַפן פאַר זיך אַן עקאָנאָמישע באַזע אין פּאַלעסטינע, ווייל די דאָזיקע בורזשואַזיע האָט ניט געהאַט קיינע שום האָפענונגען „אויף אַ ליכטיקן לעבן" אין רוסלאַנד, דער ציאָניזם איז דער נאַציאָנאַל-באַפרייערישער אידעאַל פון דער יידישער בורזשואַזיע.

2) די יידישע בורזשואַזיע האָט זיך דערבײַ באַצויגן אינדיפערענט צו דער פּאָליטיק פון צאַרישן רוסלאַנד — זי איז געווען אַפּאָליטיש.

3) די יידישע בורזשואַזיע איז דערבײַ געווען ווייניקער קאָנטררעוואָלוציאָנער און האָט אַפילו געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף דער רעוואָלוציע.

4) דער זיך צערינענדיקער טייל פונעם קלייןבירגערטום צ. ב. דאָס האָרעפּאַשנע קלייןבירגערטום, האָט ניט געהאַט קיין פּערספּעקטיוו פון אויסבעסערן זיין לאַגע „דאָ" און „גאָלעס", האָט געזוכט אַן אויסוועג פון זיין לאַגע אין ציאָניזם, טעריטאָריאַליזם, ד. ה. זיי זיינען געגאַנגען אין פּ. צ. און ס. ס.

דער באַלעגופּישער טייל פונעם קלייןבירגערטום, וועלכער האָט געלייגט האָפענונגען אויף דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, איז געגאַנגען נאָך דעם „בונד".

דער קאַמף פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי פאַר דעם האָרעפּאַשנעם קלייןבירגערטום און די ווירקונג אויף דעם האָרעפּאַשניק, ווערט אינגאַנצן איגנאָרירט.

5) עס ווערט היסטאָריש באַרעכטיקט דער „בונד", אַלס „איינציקער פאַרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט" קלוימערשט אַ דאַנק דער קלייןבירגערלעכקייט, שוואַכקייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

6) דער „בונד" האָט פאַרלאָזן די אינטערעסן פון האָרעפּאַשנעם קלייןבירגערטום און יידישן פּראָלעטאַריאַט ערשט אין 1917 יאָר.

דאָס זיינען די גרונט-מאָמענטן פון משערניאַווסקיס קאָנצעפּציע, וואָס איז אינגאַנצן אויסגעהאַלטן אין גייסט פון נאַצ-

דעמאָקראַטיזם און בונדיזם. עס איז דערי-
בער ניט קיין צופעליקייט, וואָס אין זײַן
אַרבעט וועגן „דער צעלייזונג פון די יידישע
קלייןבירגערלעכע פּאַרטייען אין רוסלאַנד",
האָט געפעלט די ראָלע פון דער קאָמוניס-
טישער פּאַרטיי אין דעם קאַמף קעגן די
יידישע קלייןבירגערלעכע פּאַרטייען. דאָס
איז ערשט אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אונטערן
דרוק פון כ' אָשער־אָוויטש און דער פּאַרט-
גרופּע. (גענוי וועגן טשערניאַווסקיס אַר-
בעטן זע א גאַנצע ריי אַרטיקלען).

אין דערזעלבער ריכטונג גייט די קאָנ-
צעפּציע פון אַלעקסאַנדראָוו בנוגע דעם
ציאָניזם און בונדיזם. בײַ אים קומט
צו די נאַציאָנאַליסטישע טעאָריע וועגן
אײַנרעגולירן דעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון
פאַבריק־זאַוואָדישן פּראָלעטאַריאַט אין
ווסס"ר לויט א גלײַכער נאַציאָנאַלער פּראָ-
פּאָרציע, אַף צו ליקווידירן די „נאַציאָ-
נאַלע שערעלע" פון פאַבריק־זאַוואָדישן
פּראָלעטאַריאַט. קעדיי צו באַגרינדן די נויט-
ווענדיקייט פון ליקווידירן די „נאַציאָנאַלע
שערעלע" פון פאַבריק־זאַוואָדישן פּראָלע-
טאַריאַט, פאַרשמירט ער די קלאַסן־וואָר-
צלען פון אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם.
אָנשטאָט צו באַווײַזן, אַז די טרעגער פון
אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם זײַנען די
בורזשואַזיע און די באַלעבאַטים אָן אונטער-
שייד פון נאַציאָנאַליטעט, און אַז דאָס איז
א געווער אין די הענט פון די עקספּלואַ-
טאַטאָרישע קלאַסן אָפּצוציִען די אומבאַ-
וווּסטזיניקע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע
מאַסן פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף און פון
די דירעקטע אויפגאַבעס און דער סאָצ-
בויונג דורכן פאַנאַנדערפלאַקערן דעם נאַ-
ציאָנאַלן האַס, וואַרפט אַלעקסאַנדראָוו
אַרויף די שולד פון אַנטיסעמיטיזם און שאָ-
וויניזם אַף די אַרבעטער גופא.

אין פינזילבערן האָבן מיר אן אויסדרוק
פון די רעצידיוון פון „אַקאַדעמיזם", וואָס
עס האָט געהערשט אין דער אַקאַדעמיע בײַ
דער אַלטער נאַצ.־אָפּאָרטוניסטישער, נאַצ-
דעמישער אָנפירונג. מיר האָבן דאָ צו טאָן
מיט א „וויסנשאַפטלער", וועלכער האָט זיך
געבויגט פאַרן אָפּגאָט פון בורזשואַזע גע-
לערנטע, געשטאַנען פאַר אן אונטערשייד צווישן
דער טעאָריע און פּראַקטיק, געפּרידיקט די
„וויסנשאַפט צוליב וויסנשאַפט". און זײַנע
וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן דורכגעשלעפּט
בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס.

מיר ווילן ניט אויסרעכענען נאָך א ריי
אײנציקע פעלערן, וואָס עס האָבן געהאַט
אָן אָרט בײַ אײניקע מיטער, אַף וועלכע עס
דריקט די קלייןבירגערלעכע און בורזשואַזע
ווירקונג.

אָט דאָס אויסגערעכנטע דערווײַזט, אַז די
אַקטיוויזאַציע פון די נאַצדעמישע, בונדי-
שע עלעמענטן האָט זיך פאַרשטאַרקט און
דאָ האָט זיך געפאָדערט א באַזונדערע
קלאַסן־וואַכזאַמקייט פון די פּאַרטייער אין
אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער
קולטור, נעמענדיק אין אכט דעם פאַר-
מאַסקירטן אופן פון דורכשלעפּן דיזאַרטיקע
פײַנטלעכע טעאָריעס.

עס דאַרף אָבער אָפּגעמערקט ווערן, אַז
דער גרונט־יאָדער פון דער פּאַרטיי־ישער
טייל האָט, אויפדעקנדיק דיזאַרטיקע טעאָריעס
אין די געדרוקטע אַרבעטן, אויפגעהויבן די
אַלע פראַגעס אַף דער געהעריקער פּרינצי-
פּיעלער פּאַרטיי־ישער הייך. עס איז גלײַך
וועגן דעם סיגנאַליזירט געוואָרן אין דער
פּרעסע און אין א ריי אַנדערע אָרגאַנען.
עס איז דורכגעפירט געוואָרן א באַדײַטנדי-
קע מאַסן־אַרבעט, א גאַנצע ריי פאַרטראָגן
אין די ווענט פון דער אַקאַדעמיע און
צווישן די לערער, שרײַבער, אַרבעטער, א.
אז. וו. די פּאַרט־גרופּע האָט אין דעם פאַל
באַוויזן צו מאָביליזירן אַלע מיטאַרבעטער
פונעם אינסטיטוט אין קאַמף קעגן דיזאַ-
זיקע קאָנצעפּציעס און קאָנקרעטע טרעגער
פון זיי: טשערניאַווסקי, אַלעקסאַנדראָוו,
פינזילבער און אַנדערע.

אין רעזולטאַט פון דאָזיקן קאַמף קעגן די
קלאַסן־פײַנטלעכע טעאָריעס, הייבט דער
אינסטיטוט אויף זײַן אַרבעט אַף א העכע-
רער שטופע.

די קלאַסן־פײַנטלעכע עלעמענטן פאַר-
שפּרייטן פאַרשיידענע קלאָגן אַרום דעם
אינסטיטוט, קעדיי אַראָפּצורײַסן דעם אָנ-
שטאַלט. דיזאָזיקע עלעמענטן, זעענדיק, אַז
דער אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרי-
שער קולטור, וועלכער אַרבעט אונטער דער
אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַר-
טיי, קען ניט ווערן א געצײַג אין זייערע
הענט קעגן דער סאָוועטנמאַכט, שטרעבן זיי
צו מאַכן אים אינגאַנצן צוניש. אַזעלכע
פאַלן האָבן מיר געהאַט אין 1929־טן יאָר,

ביים מיר האָבן באַנוצט די נאַצדעמאָקראַטישע און נאַצאָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן פון דער אַקאַדעמיע און דאַמאָלדיקן רעדאַקטאָר „בעלאָן“.

די דאָזיקע עלעמענטן האָבן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז נישטאָ קיין אָרט פאַר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, ווייל דורך דעם באַזייטיקן אַזוינע „וויסנשאַפטלער“ ווי די ראַוורעבעס און גאָלדבערגס שאַפן מיר אָפּ די מעגלעכקייט פאַר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט...

די רעשטלעך פון די נאַצדעמישע און בונדיסטישע עלעמענטן פאַרשפּרייטן איצט קלאַנגען, אַז דער אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור גייט אונטער און עס איז פאַראַליזירט געוואָרן זיין וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט, צוליב דעם, וואָס עס זיינען באַזייטיקט געוואָרן אַזעלכע „וויסנשאַפטלער“ ווי טשערניאַווסקי, אַלעקסאַנדראָוו און אַזאַ „אַקאַדעמיקער“ ווי פינזילבער.

קעגן די דאָזיקע רעכילעס דאַרף געפירט ווערן דער אַנטשיידנדיקסטער קאַמף.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם קאַמף, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אויפן אידעאָלאָגישן פראָנט קעגן די נאַצדעמישע און בונדישע עלעמענטן, האָבן מיר אַ קאָנסאָלידאַציע פון די וויסנשאַפטלעכע טוער אין דעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור אויפן באַזיס פון פאַרשטאַרקן די מאַרקסיסטיש-לענינישע מעטאָדאָלאָגיע אין דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. גלייכצייטיק מערקט זיך אָן אַ נייער שעפערישער שוווּנג פון די וויסנשאַפטלעכע טוער אין אינסטיטוט. די ליטעראַרישע קאָמיסיע איז צוגעטראָטן אָנשרייבן איינציקע קאַפּיטלען צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. די היסטאָרישע קאָמיסיע דאַרף פאַרענדיקן אין דער נאָענטסטער צייט אַ קאַפּיטל פון דער אַרבעט „די ייִדישע בורזשואַזיע אין 1905-טן יאָר“. די לינגוויסטישע קאָמיסיע זעצט פאָר די אַרבעט אַרום דעם אויסטייטש-ווערטערבוך. אינגיכן דאַרף פאַרענדיקט ווערן די אַרבעט „די נאַציאָנאַל-פאַשיסטישע פילאָסאָפיע פון ב. ספּינאָזע“ א. אז. וו.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וואָס עס שטייען פאַרן אינסטיטוט פון ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור איז פאַרפעסטיקן די דערגרייכונגען, וועלכע מיר האָבן אין געביט פון דער וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישער אַרבעט, פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר דער ריינקייט פון דער מאַרקסיסטיש-לענינישער מעטאָדאָלאָגיע, ענגער צונויפבינדן די טעאָרעטישע אַרבעט מיט דער פּראַקטישער אַרבעט פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, אויסניצן דעם קאַמף, וואָס עס איז דורכגעפירט געוואָרן פאַר דער ריינקייט פון דער מאַרקסיסטיש-לענינישער מעטאָדאָלאָגיע אויף אויסצופילן די דירעקטיוון פון דער פּאַרטיי אין געביט פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וואָס עס שטייט פאַרן אינסטיטוט, איז צו דערווייזן די דערגרייכונגען, וועלכע מיר האָבן אין געביט פון דערציִען די ברייטע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן אין גייסט פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם. זיין פּראָדוקציע דאַרף מיטהעלפן צו פאַרשטאַרקן דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם צווישן די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן.

עס איז איצט נאָכמער, ווי אַלעמאָל נייטיק קאָנסאָלידירן די ייִדישע סאָוועטישע וויסנשאַפטלעכע קויכעס אין פאַרבאַנד, קעדיי וואָס בעסער דערלייזן די גרונט-אויפגאַבעס, וואָס עס שטייט פאַר די ייִדישע וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן אין פאַרבאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיטן 2-טן פינפיאָר.

אַלס איינע פון די נאָענטסטע שריט, וואָס זאָל קאָנסאָלידירן די קויכעס פון די וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, האַלטן מיר פאַר נייטיק אָנצומערקן די נויטווענדיקייט אויף צוזאַמענצורעדן זיך מיטן אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בא דער אוקראַינישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע וועגן אַ ריי קאָנקרעטע אַרבעטן, וואָס זאָלן דורכגעפירט ווערן צוזאַמען פון ביידע אינסטיטוטן.

## א. גורשטיין

# לענין און די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור-קענטעניש

### (פון אַ גרעסערער אַרבעט)

I

פאַר דער רעפאָריזישער שול און פילאָזאָפיע איז געווען כאַראַקטעריסטיש די קעגנשטעלונג פון לענינען צו פּלעכאַנאָוון אַלס אַ קעגנשטעלונג פון אַ פּראַקטיקער פון דער אַרבעטער-באַוועגונג צו אַ טעאָרעטיקער פונעם פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע מענשעוויסטישע האַנאָכע האָט אָפן געביט פון ליטעראַטור-קענטעניש באַקומען איר בוילעטן אויסדרוק אינעם פאַלשן, אַנטימאַרקסיסטישן, אַנטילענינישן לאָזונג „פאַר פּלעכאַנאָווישער אָרטאָדאָקסיע", אַ לאָזונג, וואָס עס האָבן פּראָקלאַמירט און פאַרטיידיקט אייניקע כלוויירים פון דער געוועזענער „ראַפּפּ"ישער אָנפירונג. און דעם קאַמף קעגן פאַרשיידענע אַנטימאַרקסיסטישע סיסטעמען און קאָנצעפּציעס, צווישן זיי אויך דעם קאַמף קעגן פּערעווערזעווס מענשעוויסטישער סיסטעם, האָבן טעאָרעטיקער פון „ראַפּפּ" אָפטמאָל געפירט פון פּלעכאַנאָווישע, און ניט פון די לענינישע פּאָזיציעס. דערפון איז מען אַרויסגעגאַנגען פון אַ האַנאָכע, אַז בײַ לענינען האָבן מיר בלויז קורצע אַרויסזאָגונגען וועגן די פראַגן פון ליטעראַטור און קונסט, בלויז „געציילטע שורעס". אַזאַ איגנאָרירונג פון לענינס יערושע אין פראַגן פון ליטעראַטור-קענטעניש האָט געבראַכט צו גרויסע, שווערע פאַרקריפּלונגען פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור-טעאָריע. עס איז דעריבער אונדזער נאָענטסטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע דורכצופירן אונדזער גאַנצע ליטעראַטור-אַרבעט, סײַ די טעאָרעטישע, סײַ די פּראַקטישע, מיטן לעניניזם, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט דורך דער גענעראַלער ליניע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. קודעם אָבער צו לייזן ווי געהעריק די דאָזיקע אויפגאַבע, דאַרף מען גענוי פאַנאַנדעראַרבעטן די גרויסע לענינישע יערושע און איר אָנווענדונג צו ליטעראַטור און אירע פּראָבלעמען.

דער לעניניזם איז, לויט ב' סטאַלינס באַקאַנטער דעפיניציע, דער מאַרקסיזם פון דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם און פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס. דער לעניניזם איז אַ נײַער עטאַפּ, אַ נײַע און אַ העכערע שטופע אין דער אַנטוויקלונג פונעם מאַרקסיזם. און אַזוי ווי דער מאַרקסיזם איז אַן אוניווערסאַלע וועלטאַנשויונג, אַ רעוואָלוציאָנערע טעאָריע, וואָס נעמט אַרום אַלע געביטן פונעם מענטשלעכן וויסן און מי, איז דער לעניניזם, אַלס דער מאַרקסיזם פון דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם און פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס, גילטיק אַלס אַזעלכער פאַר אַלע אידעאָלאָגישע געביטן. וואָס זשע באַדײַט דער לעניניזם און דער אָנווענדונג צו דער ליטעראַטור-וויסנשאַפט?

די ליטעראַטור-קענטעניש ווענדעט, געוויינלעך, איר אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט אויף יענע אַרבעטן לענינס, וואָס האָבן אַ דירעקטע שײַכות צו ליטעראַטור-פּראָבלע-

מעס און ליטעראַטור־אינגיאַניס. אָבער לענינס באַדייט פאַר דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש באַגרענעצט זיך בעשום־אופן ניט נאָר מיט דיזאָזיקע אַרבעטן. די „אַספּעקטן" פון לענינס באַדייט פאַר אונדז זיינען אַזוי אַלזייטיק, ווי אַלזייטיק עס איז דער לעניניזם ביכלאַל, אַלס דער מאַרקסיזם פון אונדזער טקופע. וועלכע זיינען זיי, די דאָזיקע „אַספּעקטן"?

דער ערשטער „אַספּעקט" איז דאָ דער אַלגעמיין־פּאָליטישער, דער „אַספּעקט" פון דער לענינישער פּאָליטיק. די מאַרקסיסטיש־לעניניסטישע וויסנשאַפט האָט אַלעמאָל אָפן דערקלערט און אונטערגעשטראָכן, אַז זי גייט אַרויס אין איר ציל־געווענדעטקייט שטענדיק און אומעטום פון די אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס, זי שטעלט זיך אין דינסט צו דעם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט, און דאָ שליסט זיך אונדזער וויסנשאַפט אין איינעם אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער בויאונג־אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון דער לענינישער פּאַרטיי, וואָס רעאַליזירט לענינס אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע טעאָריע, לענינס גענ:אַלע פּאָליטיק. דאָס איז יענער פּרימערער, אַנטשיידנדיקער מאָמענט, וואָס באַשטימט די ציל־געווענדעטקייט פון אונדזער וויסנשאַפט. די לענינישע פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דיקטירט אונדז די נאָענטסטע אויפגאַבן פון אונדזער וויסנשאַפט און די וועגן פאַר זייער לייזונג.

דער צווייטער „אַספּעקט" פון לענינס באַדייט פאַר אונדזער וויסנשאַפט איז דער פילאָסאָפישער „אַספּעקט". אונדזערע מעטאָדאָלאָגישע האַנאָכעס זיינען די אַלגעמיינע מעטאָדאָלאָגישע האַנאָכעס פונעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. אַלץ, וואָס עס ברענגט אַריין דער לענינישער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק בכלל, האָט די אייגענע שייכעס אויך צו דער מעטאָדאָלאָגיע פון אונדזער וויסנשאַפט.

ווייטער גייט דער דריטער „אַספּעקט"— דער געשיכטלעכער—די אָנווענדונג פונעם לעניניזם אין דער געשיכטע פאַר דער קאָנסטרויִרונג פון דער ליטעראַטור־געשיכטע און די פאַרשיידענע פּעריאָדן. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז פּערעווערזעווס טאַלמידים פלעגן אין זייער קאָנקרעטער ליטעראַטור־געשיכטלעכער אַרבעט זיך שטענדיק ווענדן צו פּלעכאַנאָווס געשיכטלעכע קאָנצעפּציעס וועגן דער אַנטוויקלונג פונעם רוסישן געשיכטלעכן פּראָצעס. דער ליטעראַרישער מענשעוויזם האָט זיך געשטיצט אויפן געשיכטלעכן מענשעוויזם. מיר וועלן קענען אויפבויען די באָלשעוויסטישע ליטעראַטור - געשיכטע בלויז דאַן, ווען מיר וועלן אַרויסגיין פון לענינס באָלשעוויסטישן באַנעמען די געשיכטלעכע פּראָצעסן. מיר האָבן אין זינען לענינס לערע וועגן אימפּעריאַליזם, אַלס דעם נייסטן און לעצטן עטאַפּ פונעם קאַפּיטאַליזם, די לערע וועגן די 2 אַנטוויקלונג־טיפּן פונעם אַגראַרישן קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד, די לערע וועגן דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר און אירע טרייב־קרעפטן, וועגן דעם אַריבערוואַקסן פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע אין דער סאָציאַליסטישער א. אַז. וו.

אין דער קאָנקרעטער ליטעראַטור־פּראַקטיק, אין דער בויונג פון דער פּראָלעטאַרישער (סאָציאַליסטישער) ליטעראַטור און קולטור גייען מיר אַרויס פון לענינס אַלגעמיינע האַנאָכעס וועגן דער קולטור־רעוואָלוציע, ווייל מיר באַטראַכטן די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור אַלס אַן אָרגאַנישן באַשטאַנד־טייל פון דער אַלגעמיינער קולטור־רעוואָלוציע. דאָ קומט דער פערטער „אַספּעקט" פון לענינס באַדייט פאַר דער ליטעראַטור־וויסנשאַפט—די אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַרישער (סאָציאַליסטישער) ליטעראַטור לויט די פּרינציפּן פון לענינס לערע וועגן דער קולטור־רעוואָלוציע.

און צולעצט קומען מיר צו לענינס ספּעציפיש־ליטעראַרישע אַרבעט, ד. ה. צו יענע אַרבעטן, וואָס באַרירן דירעקט ליטעראַרישע פּראָבלעמען (לענינס אַרבעטן וועגן טאָלסטאָיען און אַנד.). לענין פלעגט ריידן וועגן זיך ווי וועגן אַ „פּראָפאַן" אויפן געביט פון ליטעראַטור און קונסט. און אייניקע מענשעוויסטישע און מענשעוויזירנדיקע „פיינשמעקער" זיינען אין זייער גרויסהאַלטערישער טעמפּקייט ניט פויל צו באַנוצן דיזאָזיקע באַצייכענונג, וואָס שטאַמט פון לענינס שטרענגער באַשיידנקייט, אַלס

די עכטע קוואַליפיקאַציע פון לענינס שטעלעם צו ליטעראַטור און קונסט. אונדערעמעסן אָבער האָבן פאַר אונדז לענינס אַרבעטן, וואָס ריידן דירעקט וועגן ליטעראַטור־פּראָבלעמען, אַן אומגעהייערן באַדייט, ווייל לענין צייכנט דאָ אָן די וויכטיקסטע ליטעראַטור־מעטאָדאָלאָגישע דירעקטיוון און לייזונגען און גיט אונדז מוסטערן פון גלענצנדיקער דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישער אינטערפּרעטאַציע פון ליטעראַרישע דערשיינונגען. צום באַדויערן, זיינען לענינס אַרויסזאָגונגען וועגן פראַגן פון ליטעראַטור און קונסט ביז איצט נאָך ניט צונויפגעזאַמלט אַלע באַנאַנד. לענינס יעדישע אָפּן געבוט פון ליטעראַטור־ און קונסט־פראַגן דאַרף קאָנצענטרירט און שטודירט ווערן אַלס אַ נייער ווענדפּונקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש.

מיר לאָזן דאָ דורך דעם קאַפּיטל, וואָס באַהאַנדלט לענינס אַלגעמיין־פילאָסאָפישע איינשטעלונגען און זייער אָנווענדונג צו ליטעראַטור־וויסנשאַפט, און מיר גייען איבער דירעקט צו די ספּעציפישע ליטעראַטור־פּראָבלעמען, וועלכע עס רירט אַרויס לענין אין זיינע אַרבעטן וועגן פראַגן פון ליטעראַטור.

## II

אין די רעאַקציע־יאָרן נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע האָט לענין געשריבן, אַז „אונדזער טאָג־אויפגאַבע איז אַפילע בײַ די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען גראָבן די ערד, אויסבאַקומען דאָס אייזן, אויסגיסן דעם שטאָל פון דער מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשויונג און פון די איבערגעבליבענע, וואָס אַנטשפּרעכן דער דאָזיקער וועלט־אָנשויונג“ (לענין, „די העלדן פון „באַוואָרענישלער“, 1910, ב. 15, ז. 54—אַלע ציטאַטעס פון לענינען ווערן בײַ אונדז געבראַכט לויט דער 3־טער אויסגאַבע פון לענינס ווערק). צווישן די דאָזיקע איבערגעבליבענע האָט לענין זייער הויך געשטעלט די ליטעראַטור און באַטראַכט זי אַלס אַ מעכטיק געווער אינעם קאַמף, וואָס עס פירט דער פּראָלעטאַריאַט קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אין זיין אַרטיקל „די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און פּאַרטייִשע ליטעראַטור“ (1905) שרייבט לענין: „דאָס ליטעראַטור־וועזן (לענין רעדט דאָ וועגן ליטעראַטור אין ברייטן זין פון וואָרט, ד.ה. וועגן קינסטלערישער, וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, פּרעסע, פאַרלאַג־וועזן בכלל—א.ג.) דאַרף ווערן אַ טייל פון דער אַלגעמיין־פּראָלעטאַרישער זאַך. „אַ רעדעלע און אַ שרייפעלע“ פון איין איינהייטלעכן, גרויסן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן מעכאַניזם, וואָס ווערט געטריבן אין באַוועגונג דורך דעם גאַנצן באַוווּסטזיניקן אַוואַנגאַרד פונעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. דאָס ליטעראַטור־וועזן דאַרף ווערן אַ באַשטאַנד־טייל פון דער אָרגאַניזירטער, פּלאַנמעסיקער, פאַראייניקטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער *) פּאַרטיי־אַרבעט“ (ב.8, ז. 387). לענין דעמאַסקירט די קלוימערשטע „פרייהייט“ פון דער ליטעראַטור אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. „אין אַ געזעלשאַפט,—שרייבט לענין,—וואָס איז באַגרינדעט אויף דער מאַכט פון געלט, אין אַ געזעלשאַפט, ווו עס פירן אַ ראַלעטעם־לעבן די מאַסן אַרבעטנדיקע און עס פּאַראַזיטירן הייפעלער רייכע, קאָן ניט זיין קיין רעאַלע און ווירקלעכע „פרייהייט“. צי זענט איר פריי, הער שרייבער, פון אייער בורזשואַזן פאַרלעגער? פון אייער בורזשואַזן עולם, וואָס פאָדערט פון אייך פּאָרנאָגראַפיע אין ראַמלעך און בילדער, וואָס פאָדערט פּראָסטיטוציע ווי אַ מין „דערגאַנצונג“ צו דער „הייליקער“ סצענישער קונסט?.. לעבן אין דער געזעלשאַפט און זיין פריי פון דער געזעלשאַפט איז אוממעגלעך. די פרייהייט פונעם בורזשואַזן שרייבער, קינסטלער, אַקטריסע איז בלויז אַ פאַרמאַסקירטע... אָפּהענגיקייט פונעם געלט־זאַק, פון אונטערגעקויפט־זיין, פון אויסגעהאַלטן ווערן. און מיר, סאָציאַליסטן, דעמאַסקירן די דאָזיקע צוויעס, רייסן אַראָפּ די פאַלשע שילדן,—ניט כדי צו באַקומען אַ ניט־קלאַסאָווע ליטעראַטור און קונסט (דאָס וועט מעגלעך זיין בלויז אין דער סאָציאַליסטישער אויסערקלאַסעווער געזעלשאַפט), נאָר כדי קעגנצושטעלן דער צוואַקיש־פרייער און אינדערעמעסן פאַר-

*) לענין האָט דאָס געשריבן אין יאָר 1905, ווען די פּאַרטיי האָט נאָך געטראָגן דעם נאָמען „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע“.—א.ג.

בונדענער מיט דער בורזשואַזיע ליטעראַטור — אַ ליטעראַטור, וואָס איז ווירקלעך פרײַ, וואָס איז אָפן פאַרבונדן מיטן פּראָלעטאַריאַט" (דאָרט, ז. 389). דאָ פּראָקלאַמירט לענין בענעגייע צו ליטעראַטור זײַן שטענדיקע פאָדערונג וועגן „פּאַרטייִישקייט" אין אַלע אידעאָלאָגישע געביטן.

אונדזער ליטעראַטור „וועט זײַן — שרײַבט ווײַטער לענין — אַ פרײַע ליטעראַטור דערפאַר, ווײַל זי וועט דינען ניט דער איבערגעזעטיקטער העלדין, ניט די געלאַנגווײַליקטע און לײַדנדיקע פון פאַרפעטונג „אויבערשטע צען טויזנט", נאָר די מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען אַרבעטנדיקע, וואָס בילדן דעם בלי פון לאַנד, זײַן קראַפט, זײַן צוקונפט. דאָס וועט זײַן אַ פרײַע ליטעראַטור, וואָס באַפרוכפּערט דאָס לעצטע וואָרט פון רעוואָלוציאָנערן געדאַנק פון דער מענטשהייט דורך דער דערפאַרונג און לעבעדיקער אַרבעט פונעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, אַ ליטעראַטור, וואָס באַשאַפט אַ שטענדיקע קעגנזײַטיקע ווירקונג צווישן דער דערפאַרונג פון דער פאַרגאַנגענהייט (דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם, וואָס האָט פאַרגאַנצט די אַנטוויקלונג פונעם סאָציאַליזם זינט זײַנע פּרימיטיווע, אוטאָפּישע פאָרמען אָן) און דער דערפאַרונג פון דער קעגנוואַרט (דער הײַנטיקער קאַמף פון די כאַווייריִם־אַרבעטער)" (דאָרט, ז. 390).

און לענין רופט צו „אָרגאַניזירן אַ ברייטע, פאַרשיידנזײַטיקע, פאַרשיידנאַרטיקע ליטעראַטור־וועזן אין אַן ענגער און אומצערײַסבאַרער פאַרבינדונג מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־באַוועגונג" (דאָרט, ז. 390). די ליטעראַטור, אַלס אידעאָלאָגישער איבערגעבוי, שפּילט לויט לענינען אַן אַקטיווע און אַקטיוו־ווירקנדיקע ראָליע, דאָס איז אַ מעכטיק געווער אינעם קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט. אַזוי פאַרשטייט לענין די סאָציאַלע פונקציע פון דער ליטעראַטור. ווי ווײַט איז אַזאַ פאַרשטיין פון די מענשעוויסטיש־פּערעווערזעוויסטישע דראָשעס וועגן דעם, אַז די ליטעראַטור האָט קיין שײַכות ניט צו פּאָליטיק, אַז דאָס זײַנען בלויז „פּאַראַלעלע רייען", אַז די ליטעראַטור קאָן גאָרנישט ניט איבעראַנדערשן אין דער פּאָליטיק און פאַרקערט.

ווען לענין וויל אָפּשאַצן גאָרקיס שאַפן, שרײַבט לענין, אַז גאָרקי ברענגט „דעם פּראָלעטאַריאַט אַן אומגעהייערן נוצן", אַז גאָרקי „איז אַן אומגעהייערער קינסטלערישער טאַלאַנט, וואָס האָט געבראַכט און וועט ברענגען פיל נוצן דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג". די ליטעראַטור איז באַרופן צו „דינען די מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען אַרבעטנדיקע", זי דאַרף „ברענגען נוצן דעם פּראָלעטאַריאַט, דער אַרבעטער־באַוועגונג", אין דעם באַשטייט איר באַרוף, איר געזעלשאַפטלעכע ראָליע, איר סאָציאַלע פונקציע. און לענין שטרעבט מאַקע צו באַזאָרגן די נאָענטסטע צוזאַמענאַרבעט מיט די בעסטע קינסטלער. לענין שרײַבט אין איינעם אַ בריוו צו גאָרקין: „אָט וועט ווירקלעך זײַן אויסגעצייכנט, אויב מיר וועלן ביסלעכווײַז ציִען די בעלעטריסטן און וועלן אַ רוק טאָן דאָס „פּראָסוועשטשעניע" (אַ נאָמען פון אַ באָלשעוויסטישן זשורנאַל — א.ג.). אויסגעצייכנט! דער לייענער איז אַ נײַער, אַ פּראָלעטאַרישער, — דעם זשורנאַל וועלן מיר מאַכן פאַר אַ וואָלוועלן, בעלעטריסטיק וועט מיר לאָזן בלויז אַ דעמאָקראַטישע אָן געיאָמער, אָן רענעגאַטישקייט" (דער בריוו איז געשריבן אין פעברואַל 1913). לענין שטרײַכט אונטער די פאָדערונג צום קינסטלער זיך צו באַטייליקן נאָר אין אַזוינע אויסגאַבעס, וואָס האָבן אַ קלאָרע און אײַנגעהאַלטענע פּאָליטישע ליניע (זע לענינס בריוו צו גאָרקין פון 22־טן נאָוועמבער 1910, ב. 14, ז.ז. 375-374).

לענין לערנט אונדז אויך, וואָס פאַר אַ גרויסע פאָדערונגען דאַרפן מיר שטעלן צו אַ קינסטלער. דער קינסטלער דאַרף גוט וויסן זײַן מאַטעריאַל, דאַרף איבערלעבן און איבערטראַכטן דאָס, וועגן וואָס ער שרײַבט. נאָר דאָס איז נאָך ווייניק. טאָלסטאָיס באַדײַט אַלס קינסטלער באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט „געקאָנט אויפשטעלן אין זײַנע אַרבעטן אַזוי פיל גרויסע פראַגן, געקאָנט זיך אויפהייבן ביז צו אַזאַ קינסטלערישער קראַפט, אַז זײַנע ווערק האָבן פאַרנומען איינעם פון די ערשטע ערטער אין דער קינסטלערישער וועלט־ליטעראַטור" („ל. נ. טאָלסטאָי", 1910). אַ גרויסער קינסטלער איז בלויז דער, וואָס קאָן שטעלן אין

זײַן שאַפן „גרויסע פראַגן", וואָס האָט אַ גרויסן אינדייִשן פאַרנעם, וואָס קאָן ברייט באַנעמען די סאָציאַלע ווירקלעכקייט. גאָר בולט דריקט לענין אויס דעמדאָזיקן געדאַנק אין די ווײַטערדיקע שורות פונעם זעלבן אַרטיקל וועגן טאָלסטאָיען: „די עפּאָכע פון דער רעוואָליוציע-צוגרייטונג אין איינעם פון די לענדער, וואָס זײַנען געווען באַדריקט פון לײַבגעגנטימער, האָט זיך, אַדאַנק טאָלסטאָיס געניאַלער באַלײַכטונג, אַנטפּלעקט, אַלס אַ טריט פאָרויס אין דער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער מענטשהייט" (דאָרט, אונטערגעשטראָכן פון מיר—א. ג.). לענין שטרײַכט נישט איין מאָל אונטער טאָלסטאָיס געניאַלע קינסטלער-קראַפט. אין ריידנדיק וועגן דעם, אַז טאָלסטאָיס שאַפן קאָן אונדז דינען אַלס שפּיגל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, פאָרמולירט לענין זײַן אַלגעמיינעם צוגאַנג צו אַ גרויסן קינסטלער בּיכלאַל: „אויב מיר האָבן פאַר זיך ווירקלעך אַ גרויסן קינסטלער, האָט ער געמוזט אָפּשפּיגלען אין זײַנע ווערק כאָטש אייניקע פון די וועזנטלעכע זײַטן פון דער רעוואָליוציע" („לעוו טאָלסטאָי אַלס שפּיגל פון דער רוסישער רעוואָליוציע", 1908, פון מיר אונטערגעשטראָכן,—א. ג.).

דאָ שטעלט זיך פאַר אונדז די פראַגע וועגן דעם אָביעקטיוון באַדײַט פונעם קינסטלערישן שאַפן. די דאָזיקע פראַגע דאַרפן מיר לייזן אין שײַן פון לענינס אַלגעמיינע גנאָסעאָלאָגישע האַנאָכעס, אין שײַן פון לענינס „בילדער-טעאָריע". *) דאָס שאַפן פון יעדן קינסטלער האָט זיך זײַן „מאָס" אָביעקטיוויטעט, די „מאָס", וואָס ווערט באַשטימט פון דער געזעלשאַפטלעכער לאַגע און ראָליע פונעם קינסטלערס קלאַס, פונעם גאַנצן דיאַלעקטישן צוזאַמענהאַנג פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן אינעם געגעבענעם פּעריאָד. די אינדיווידועלע קינסטלערישע קראַפט האָט דאָ אַ גרויסן באַטײַט, זי פאַרשאַרפט

די אַלע מאָמענטן, וואָס ווערן באַשטימט פון די אַלגעמיין-געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס.

אין זײַנע אַרבעטן וועגן טאָלסטאָיען שטרײַכט לענין אונטער דעם גרויסן אָביעקטיוון באַדײַט פון טאָלסטאָיס שאַפן, כאָטש טאָלסטאָי האָט נישט געזען קיין דירעקטן אויסוועג פון די אַלע געזעלשאַפטלעכע „ווידערשפּרוכן" אינעם רוסישן לעבן. „טאָלסטאָי האָט אויסגעצייכנט געוווּסט דאָס דאָרפישע רוסלאַנד, דעם לעבנסשטייגער פונעם גוטס-באַזיצער און פונעם פּויער",— שרײַבט לענין („ל. נ. טאָלסטאָי און די איצטיקע אַרב.-באַוועגונג", 1910). טאָלסטאָי האָט געגעבן אַ ברייט און עמעסדיק בילד פון זײַן געזעלשאַפט, פון דער פּריצישער סוויווע, פון די מעלוכישע אײַנריכטונגען. „דערלעבנדיק לעוו טאָלסטאָיס קינסטלערישע ווערק,—זאָגט לענין—וועט דער רוסישער אַרבעטער-קלאַס בעסער דערקענען זײַנע פײַנט" („טאָלסטאָי און דער פּראָליעטאַרישער קאַמף", 1910, ב. 14, ז. 407). אין זײַן נאָטיץ וועגן אַווערטשענקאָס בּיכל „אַ טוץ מעסער דער רעוואָליוציע אין רוקן" שרײַבט לענין אַזוי וועגן דעם באַדײַט פונעם בּיכל: „אין מיט אַ מערקווירדיקן טאַלאַנט זײַנען (דאָ) געשילדערט די אײַנדרוקן און שטימונגען פון אַ פאַרשטייער פונעם אַלטן, פּריצישן און פאַבריקאַנטישן, רײַכן, איבערגעפרעסענעם רוסלאַנד. אַזוי, פּונקט אַזוי דאַרף אויסזען די רעוואָליוציע בײַ די פאַרשטייער פון די הערשנדיקע קלאַסן" (לענין, „אַ טאַלאַנטפול בּיכל", ב. 27, ז. 92). הייסט עס, אַז לויט אַזאַ בּיכל קאָן דער אַרבעטער-קלאַס זיך אויך לערנען צו דערקענען זײַנע פײַנט. די קינסטלערישע ליטעראַטור בּיכלאַל גיט דעם אַרב.-קלאַס די מעגלעכקייט צו דערקענען אי זײַנע פײַנט, אי זײַנע ברײַנט, צו דערקענען די סאָציאַלע ווירקלעכקייט אין פאַרשיידענע פּעריאָדן פון דער מענטשלעכער געשיכטע. די קינסטלערישע ליטעראַטור—פון פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן און פאַרשיידענע געשיכטלעכע פּעריאָדן אין אַ פאַרשיידענער מאָס—האָט אַן אומגעהײַערן אָביעקטיוון ווערט און באַטײַט. דאָס איז אַ מעכטיק דערקענטענישמיטל בײַ דער געהעריקער קריטישער באַציִונג און אָפּשאַצונג, בײַ דער קריטישער באַציִונג און אָפּשאַצונג, וואָס באַזירט זיך אויף

*) „בילדער-טעאָריע" הייסט דאָס רוסישע: „теория отражения". לענין געברויכט דעמדאָזיקן טערמין אין דײַטש („Bildertheorie") אין דעם פראַגמענט „צו דער פראַגע וועגן דיאַלעקטיק" (לענינס ווערק, ב. 13, ז. 304).

דער מאַרקסיסטיש־לענינישער, מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישער וועלט־אָנשויונג. *).

אין זײַנע אַרויסזאָגונגען וועגן ליטעראַטור טרעט לענין אַרויס אַלס אָנהענגער פֿונעם „סאַמע ניכטערן רעאַליזם“. מיט וואָס פֿאַר אַ קינסטלערישן מעטאָד זײַנען דורכגעדרונגען די פּאָזיטיווע מאָמענטן אין טאָלסטאָיס שאַפֿן? לענין ענטפֿערט דערויף: „דער סאַמע ניכטערער רעאַליזם, דאָס אָראָפּרײַסן אַלע און אַלערליי מאַסקעס“ פֿון דער צוואַקישער עקספּלואַטאַטאָרישער געזעלשאַפֿט און אירע מעלוכישע, קירכלעכע און „מאָראַלישע“ אײַנריכטונגען. לענין פֿלעגט אַרויסטרעטן אויף סאַמע שאַרפֿסטן אויפֿן קעגן דער באָדנלאָזער און פֿון לעבן אָפּגעריסענער ראָמאַנטישקייט. מיר ווייסן לענינס אַרטיקל קעגן דעם „עקאָנאָמישן ראָמאַנטיזם“ פֿון סיסמאָנדי, און זײַנע פּאָלעמישע אַפּאָלאָגעטן (לענין, „צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿונעם עקאָנאָמישן ראָמאַנטיזם“, 1897, ב. 2). דער ראָמאַנטיזם—האָט לענין געשריבן—„קוערעוועט זיך פֿאַקטיש אָפּ פֿון דער ווירקלעכקייט און איר אייגנאַרטיקער הומאַניטאַריש־באַשטימטער פֿאָרם, אַוועקשטעלנדיק אויפֿן אָרט פֿון אַנאַליז די קליינבירגערלעכע מאָראַל“ (דאָרט, ז. 27). „ער נעמט נישט קיינע קאָנקרעטע פּראָבלעמען, ער שטעלט אויף באַטראַכטונגען בּיכלל גענומען“, ער בויט אַלע זײַנע באַטראַכטונגען בלויז „לויט זײַנע פֿאַרשטעלונגען וועגן דעם, וואָס דאַרף צו זײַן“ (דאָרטן, ז. 57). לענין שטעמפּלט די „ראָמאַנטישע אומפֿעיִקייט צו לאָגיק“ (דאָרט, ז. 32), די ראָמאַנטיקער „באַמיִען זיך ניט זען די דערשײַנונג, ווי זײַנען ענלעך אַף אַ געוויסן פֿויגל, וואָס באַהאַלט דעם קאָפּ זיך אונטערן פֿליגל“ (דאָרט, ז. 86). דאָס אַלץ „גיט דעם ראָמאַנטיקער די פֿולשטענדיק פֿאַרדינטע קוואַליפֿיקאַציע פֿון אַ רעאַקציאָנער, דערבײַ ווערט אונטער דעמדאָזיקן טערמין פֿאַרשטאַנען ניט דער פֿאַרלאַנג פּשוט אומצושטעלן די מיטלעלטערלעכע אײַנריכטונגען, נאָר טאַקע דער פּרווו צו מעסטן די נײַע געזעלשאַפֿט מיט דער אַלטער פּאַטריאַרכאַלישער מאָס, טאַקע דער פֿאַרלאַנג צו זוכן אַ מוסטער אין אַלטע אָרדענונגען און טראַדיציעס, וואָס אַנטשפּרעכן לחלוטין ניט צו די געענדערטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען“ (דאָרט, ז. 96, די אַלע אונטערשטרײַכונגען לענינס—א.ג.).

לענין טרעט אַרויס קעגן דער באָדנלאָזער ראָמאַנטישקייט און אַלע אירע אַנטפּלעקונגען, ער טרעט אַרויס קעגן יעטווידער „לאַקירונג“ פֿון דער ווירקלעכקייט, קעגן פֿאַרשמירן די בעטרײַנגעס און נעגאַטיווע מאָמענטן, וואָס דאַרפֿן באַקעמפֿט און באַזײַטיקט ווערן. אין זײַן באַקאַנטער רעדע אויפֿן דריטן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפֿאָר פֿון קאָמיוג אין 1920 האָט לענין געזאָגט: „איינער פֿון די סאַמע גרויסע בייזן און אומגליקן, וואָס זײַנען אונדז פֿאַרבליבן פֿון דער אַלטער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, איז דער פֿולער אײַנרײַס פֿונעם בוך מיט דער לעבנס־פּראַקטיק, ווײַל מיר האָבן געהאַט ביכער, ווו אַלץ איז געווען באַשריבן אינעם סאַמע בעסטן אויסזען, און די דאָזיקע ביכער זײַנען אין דער מערהייט פֿאַלן געווען דער סאַמע מיִעסער צוואַקישער ליגן, וואָס האָט אונדז פֿאַלש געשילדערט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט“ (ב. 30, ז. 404).

אָבער לענינס שטענדיקע קעגנערשאַפֿט צו דער באָדנלאָזער ראָמאַנטישקייט און צו דער „לאַקירונג“ פֿון דער ווירקלעכקייט האָט לחלוטין ניט אויסגעשלאָסן די קאַטעגאָריע פֿון „טרוים“, פֿון יענעם דערהויבענעם טרוים, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט די שטרעבונגען פֿון דער רעוואָלוציע און אַף וועלכן

*) אַלס אַ פּאַראַלעל צו לענינס אַרויסזאָגונגען וועגן דעם אָביעקטיוון דערקענטעניש־באַדײַט פֿון קינסטלערישע ווערק ווילן מיר ברענגען די פֿאָלגנדיקע שטעל פֿון ענגעלסעס אָקאָרשט אַ פֿאַרעפֿנטלעכטן בריוו וועגן באַלזאַקן: „באַלזאַק... גיט אונדז אין זײַן „מענטשלעכער קאָמעדיע“ די מערקווירדיקסטע רעאַליסטישע געשיכטע פֿון דער פֿראַנצויזישער „געזעלשאַפֿט“, ...פֿון וועלכער איך האָב זיך דערוווּסט אַפֿילו אין פּרט פֿון עקאָנאָמישע דעטאַלן... מער, איידער פֿון די ביכער פֿון אַלע פּראָפֿעסיאָנעלע היסטאָריקער, עקאָנאָמיסטן, סטאַטיסטיקער פֿון דעם דאָזיקן פּעריאָד אינאיינעם גענומען“ (דער בריוו איז געשריבן 1888 און ער איז פֿאַרעפֿנטלעכט אינעם 2טן באַנד „ליטעראַטורנאָיע נאַסלעדסטוואָ“, 1932).

עס באַווײַזט זיך דער אַקטיווער, דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם. לענין איז אַ קעגנער פֿונעם רעאַקציאָנערן ראָמאַנטיזם, וואָס ציט אַף צוריק, וואָס וויל אָפּווענדן דעם קאַמף פֿונעם אַרבעטער-קלאַס, וואָס זיל פּאַראַליזירן די קאַמף-לוסטיקייט און די קאַמף-פֿעיִקייט פֿונעם פּראָלעטאַריאַט. אָבער דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם פֿונעם אַרבעטער-קלאַס איז אַ ראָמאַנטיזם אַף פֿאָרויס, ער איז ניט אוטאָפּיש, ער איז געווענדעט אַף דער ווירקלעכער רעוואָלוציאָנערער צוקונפֿט. צי האָט אַ מאַרקסיסט באַרעכט צו טרוימען?—שטעלט לענין אַ פֿראַגע און לענין ענטפֿערט אַף דער פֿראַגע מיט פּיסאַרעווס ווערטער: „מײַן טרוים קאָן איבעריאָגן דעם נאַטירלעכן גאַנג פֿון געשעענישן, אָדער ער קאָן שלעפּן גאָר און אַ זײַט, וווהין קיין נאַטירלעכער גאַנג פֿון די געשעענישן קאָן קיינמאָל ניט קומען. אינעם ערשטן פֿאַל ברענגט דער טרוים קיין שום שאָדן ניט; ער קאָן אַפֿילע אונטערהאַלטן און פֿאַרגרעסערן די ענערגיע פֿונעם אַרבעטנדיקן מענטשן... אין אַזעלכע טרוימען איז גאָרניט ניטאָ אַזוינס, וואָס זאָל פֿאַרקריפּלען אָדער פּאַראַליזירן די אַרבעט-קראַפֿט. אַפֿילע גאָר פֿאַרקערט. אויב דער מענטש וואָלט אינגאַנצן ניט פֿאַרמאָגט די פֿעיִקייט אַזוי צו טרוימען, אויב ער וואָלט ניט געקאָנט צומאָל פֿאַרלויפֿן פֿאָרויס און זען אין זײַן פֿאַנטאַזיע אין אַ גאַנצן און אַ פֿאַרענדיקטן בילד דיזעלביקע שאַפֿונג, וואָס הייבט זיך אָקאָרשט אָן אויסצובילדן אונטער זײַנע הענט,—דעמאָלט קאָן איך זיך לאַכלויטן ניט פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ סטימולירנדיקע סיבע וואָלט געצווּנגען דעם מענטשן אונטערצונעמען און צו דערפֿירן ביז סאָף גרויסע און שווערע אַרבעטן אַפֿן געביט פֿון קונסט, וויסנשאַפֿט און פּראַקטישן לעבן"... („וואָס דאַרף מען טאָן?", 1902, ב. 4, ז.ז. 492—493).

אָבער אײַנשליסנדיק אָט דעם מין רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיזם, איז לענין, ווי דער פֿירער פֿון אַ קלאַס, וואָס האָט ניט מוירע פֿאַר דער ווירקלעכקייט, וואָס שטרעבט צו אָפּצושלײַדערן די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט און בויט די קלאַסנלאָזע געזעלשאַפֿט,—איז לענין אינגאַנצן פֿאַר „דעם באַמטע ניכטערן רעאַליזם". פֿאַרשטייט זיך, אַז דעם „רעאַליזם" דאַרף מען דאָ ניט פֿאַרשטיין און דעם באַגרענעצט-עמפּיריִשן פֿאַקטיזם. לענין גייט זיך דאָ אינגאַנצן צונויף מיט מאַרקסן און ענגעלסן, מיט זייערע באַקאַנטע אַרויסזאָגונגען וועגן רעאַליזם און ראָמאַנטישקייט, מיט זייער באַציִונג צו „שעקספּיריזם" אַלס קינסטלערישן מעטאָד צו אַנטפּלעקן די ווירקלעכקייט אין איר ברייטער אָביעקטיווער געשיכטלעכקייט (זע וועגן דעם מאַרקס-ענגעלסעס קאָרעספּאָנדענץ מיט לאַסאַלן). מיר קאָנען דאָ ניט פֿאַרבײַגיין ענגעלסעס ניט-לאַנג פֿאַרעפֿנטלעכטן בריוו צו מאַרגאַרעט האַרקנעס, ווו ער רעדט מיט באַגײַסטערונג וועגן באַלזאַקס רעאַליזם: „...דאָס, וואָס ער (באַלזאַק) האָט ג ע ז ע ן די עכטע מענטשן פֿון דער צוקונפֿט דאָרט, ווו ס'איז נאָר מעגלעך געווען און זיין צײַט זיי צו געפֿינען, דאָס האַלט איך פֿאַר איינעם פֿון די גרעסטע ניצחונען פֿונעם רעאַליזם" (דער בריוו געשריבן 1888, פֿאַרעפֿנטלעכט אין צווייטן באַנד „ליטעראַטורנאַיאַ נאַסלעדסטוואָ", 1932, זע ז. 5).

אָפּטמאָל, עטעס, איז דער קינסטלערישער רעאַליזם, ווי, לעמאָשל, בײַ טאָלסטאָיען, פֿאַרקריפּלט פֿון אַ רעאַקציאָנער-אידעאַליסטישער וועלט-אָנשויונג. לענין האָט געשעצט דעם „רעאַליזם" פֿון אַזוינע קינסטלער, ווי טאָלסטאָי, בלויז אין דער מאָס, אַף וויפֿל מיר האָבן דאָ געהאַט אַ געוויסע ד ע ר נ ע ע נ ט ע ר ו נ ג צו דער אייגנטלעך-ריכטיקער, צו דער דיאַלעקטיש-מאַטעריאַליסטישער אָפּשפּיגלונג פֿון דער ווירקלעכקייט. די נייטיקייט צו באַנעמען דיאַלעקטיש דערשײַנונגען האָט לענין אונטערגעשטראָכן אַף אַזאַ בילדערישן אופֿן: „לאָמיר נעמען די באַשרײַבונג פֿונעם געבורט-אַקט אין ליטעראַטור,—יענע באַשרײַבונגען, ווען דער צוועק פֿון די אויטאָרן איז געווען די וואָרהאַפֿטיקע אָפּשפּיגלונג פֿון דער גאַנצער שווערקייט, פֿון אַלע ווייען, פֿונעם גאַנצן שרעק פֿון דעם דראַמאַטיקן אַקט, צום בײַשפּיל, עמיל זאָליאַ'ס "La joie de vivre" („די פֿרייד פֿון לעבן"), אָדער ווערעסײַעווס „נאָטיצן פֿון אַ דאָקטער". די געבורט פֿון אַ מענטשן איז פֿאַרבונדן מיט אַזאַ אַקט, וואָס פֿאַרוואַנדלט די פֿרוי אין אַן אויסגעמאַטערט, אויסגעפּײַניקט שטיק פֿלייש, ביז צום אומ-

זין פון ווייטיק, פאַרבּלוטיקט, האַלבּ־טויט. אָבּער צי וואָלט עמעצער מאַסקים געווען צו אַנערקענען פאַר אַ מענטשן אַזאַ „אינדיוויד", וואָס וואָלט געזען אין דער ליבּע, אין אירע פאָלגן, אין דער פאַרוואַנדלונג פון דער פרוי אין אַ מוטער בּלויז אָט דאָס?" (לענין, „געוועזישע ווערטער", 1918, ב. 23, ז. 108). נאָר דער, וואָס קאָן דערזען אונטער די ליידן און שווערער פּיינעם געבּוירט־אַקט די גאַנצע פולקייט און דער אַנטוויקלונג פונעם מענטשלעכן לעבּן, בּלויז דער קאָן בּאַזיגן די בּאַגרענעצטקייט פונעם געגעבּענעם פאַקט און בּאַגעגענען דאָס לעבּן אין זיין פולער פרייט. אַזוי איז אויך מיט דער דיאַלעקטישער ווידערשפּרעכלעכקייט פון דער נייער זיך בּויענדיקער געזעלשאַפט, וואָס ווערט געבּוירן און שווערע ליידן בּאַ פאַרבּיסענעם, אָנגעשטרענגטן קלאַסנקאַמף.

III

מיר האָבּן בּאַטראַכט אַ גאַנצע רייע וויכטיקע פּראָבּלעמען פון ליטעראַרישן שאַפן, ווי זיי ווערן געלייזט בּאַ לענינען. מיר ווילן איצטער פאַרצייכענען, ווי לענין שטעלט און לייזט אין גאַנג פון זיינע אַרבּעטן וועגן ליטעראַטור־פראַגן געוויסע מעטאָדאָלאָגישע פּראָבּלעמען פון דער ליטעראַטור־וויסנשאַפט.

אין לענינס אַרבּעטן וועגן ליטעראַטור־פראַגן זעען מיר נאָכאַמאָל בּאַשטעטיקט, אַז טעאָריע אַליין האָט פאַר אים קיינמאָל ניט געהאַט קיין זעלבּסטווערטיקן בּאַדייט, אַז טעאָריע ניט די ווענדונג צום טאַט, ניט אומניצט האָט לענין ליבּ געהאַט איבּערכאַזערן די בּאַקאַנטע ווערטער פון געטעס מעפיסטאָפעל וועגן דעם, אַז „די טעאָריע, מיין פריינט, איז גרוי, אייבּיק גרין איז דער גאָלדענער לעבּנסבּוים". לענינס אַרבּעטן וועגן ליטעראַטור־פראַגן בּאַשטעטיקן נאָכאַמאָל איינעם פון די וויכטיקסטע מאַרקסיסטישע טעזיסן וועגן דער איינהייט פון טעאָריע און פּראַקטיק. מע דאַרף אונטערשטרייכן, אַז אייניקע כאַווייריִם פאַרשטייען דעם דאָזיקן טעזיס אין זיין אָנווענדונג צו ליטעראַטור זייער שמאָל און בּאַגרענעצט: זיי בּאַנעמען דאָס בּלויז אַלס איינהייט פון ליטעראַטור־טעאָריע מיט ליטעראַטור־פּראַקטיק, ד. ה., אַז די טעאָרעטישע אַרבּעט אָפן געבּיט פון ליטעראַטור איז פאַרבּונדן בּלויז מיט דער קאָנקרעטער ליטעראַרישער פּראַקטיק, זי בּאַרייכט די ליטעראַרישע בּאַוועגונג אַלס אַזעלכע. אָבּער ניט אַזוי דאַרף מען פאַרשטיין דעם דאָזיקן טעזיס. עס גייט וועגן דער איינהייט פון דער ליטעראַטור־טעאָריע מיט דער אַלגעמיינער סאָציאַלער פּראַקטיק, ד. ה., די ליטעראַטור־טעאָריע דאַרף בּאַם לייזן אירע ספּעציפישע ליטעראַרישע אויפגאַבּן אַרויסגיין פון די אַלגעמיינע סאָציאַל־פּאָליטישע אויפגאַבּעס פונעם פּראָלעטאַריאַט — אַף דעם געגעבּענעם עטאַפּ פון זיין קאַמף און בּויונג.

לענין האָט דאָס אויסגעצייכנט בּאַוויזן מיט זיינע אַרבּעטן וועגן טאָלסטאָיען. שוין דאָס קעפּל גופע פון לענינס ערשטער אַרבּעט וועגן טאָלסטאָיען „לעוו טאָלסטאָי אַלס שפּיגל פון דער רוסישער רעוואָלוציע" (1908) מערקט אָן די ריכטונג און די געווענטעקייט פון לענינס געדאַנק. לענין גיט דעם אַנאַליז פון טאָלסטאָי'ס שאַפן, אַנטוויקלענדיק אים אינעם אַנאַליז פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, פון אירע סאָציאַלע טרייבּ־קרעפטן. דער סבּום טאָלסטאָי'ס אָנשויונגען, „וואָס זיינען שעדלעך אַלס גאַנצעס", — זאָגט לענין אינעם אָקערשט אָנגעוויזענעם אַרטיקל וועגן טאָלסטאָיען, — „דריקט גראָד אויס די אייגנטימלעכקייטן פון אונדזער רעוואָלוציע, אַלס אַ פּויערישער בּורזשואַזער רעוואָלוציע. די ווידערשפּרוכן אין טאָלסטאָי'ס אָנשויונגען... זיינען אַ ווירקלעכער שפּיגל פון יענע ווידערשפּרוכיקע בּאַדינגונגען, אין וועלכע עס איז געווען געשטעלט די געשיכטלעכע טעטיקייט פונעם פּויערשטום אין אונדזער רעוואָלוציע". און לענין גיט אַן אויסשעפּנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון די ווידערשפּרוכן אין דער דאָזיקער געשיכטלעכער טעטיקייט פונעם פּויערשטום. „פון איין זייט, — שרייבּט לענין, — האָבּן יאָרהונדערטער דרוק פונעם לייבּאייגנטום און יאָרצענדליקער פאָרסירטער רואינירונג נאָך דער רעפאָרמע אָנגעזאַמלט גאַנצע בּערג סינע, פאַרצאָרנקייט און פאַרצווייפלטער אַנטשלאָסנקייט. די שטרעבּונג אָפּצווישן פון גרונט סיי די קאַזיאָנע קירכע, סיי די פּרי־

צים, ווי די רוסישע רעגירונג, צונישט מאַכן די אַלטע פֿאָרמעס און באַראַנדקעס פֿונעם ערדבאַזיץ, אָפּצורייניקן די ערד, צו באַשאַפֿן אַנשטאָט דער פּאָליצייִש-קלאַסשווער מעלוכע א צוזאַמענלעבן פֿון פֿרייע און גלייכבאַרעכטיקטע קליינפּויערים,—די דאָזיקע שטרעבונג גייט ווי א רויטער פֿאָדים אַרום דורך יעדן געשיכטלעכן שריט פֿון די פּויערים אין אונדזער רעוואָלוציע... פֿון דער אַנדערער זייט, האָט זיך דאָס פּויערטום, שטרעבנדיק צו נייע פֿאָרמעס פֿון צוזאַמענלעבן, באַצויגן זייער אומבאַוווּסטזיניק, פּאַטריאַרכאַליש, אַף א פֿרום-טאַמעוואַט-אויפֿן צו דעם, ווי אַזוי ס'דאַרף זיין דאָס דאָזיקע צוזאַמענלעבן, צו דעם, מיט וואָס פֿאַר א קאַמף מע דאַרף זיך אויסקעמפֿן די פֿרייהייט, וועלכע אָנפֿירער קאָנען בייַ אים זיין אין דעם דאָזיקן קאַמף, ווי באַציט זיך צו די אינטערעסן פֿון דער פּויערישער רעוואָלוציע די בורזשואַזיע און די בורזשואַזע אינטעליגענץ, פֿאַרוואָס איז עס נייטיק וואַראָפּצוואַרפֿן מיט געוואַלד די צאַרישע מאַכט קעדיי צו פֿאַרניכטן דעם פּריצישן ערדבאַזיץ. דאָס גאַנצע פֿאַריקע לעבן פֿונעם פּויערטום האָט אים אויסגעלערנט צו האַסן דעם פּאָריץ און דעם מעלוכע-באַאַמטן, דאָס האָט אים אָבער ניט אויסגעלערנט און ניט געקאָנט אויסלערנען, וווּ צו זוכן אַן ענטפֿער אַף די אַלע פֿראַגן. אין אונדזער רעוואָלוציע האָט א קלענערער טייל פּויערטום ווירקלעך געקעמפֿט, אָרגאַניזירנדיק זיך זאָל זיין כאָטש וויפֿל ס'ניט איז פֿאַרן דאָזיקן צוועק, און גאָר א קליינער טייל איז געגאַנגען מיט געווער אין די הענט אויסצוראָטן זיינע פֿיינט, אויסצוראָטן די צאַרישע דינער און די פּריצישע פֿאַרטיידיקער. דער גרעסטער טייל פּויערטום האָט געקלאָגט און געדאַוונט, רעזאָנירט און געחלומט, געשריבן ביטעס און געשיקט „כאָדאַטאַיעס"—אינגאַנצן אין גייסט פֿון לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי! און, ווי עס קומט אַלעמאָל פֿאַר אין אַזוינע פֿאַלן, האָט דאָס טאָלסטאָישע אָפּהאַלטן זיך פֿון פּאָליטיק... געבראַכט דערצו, אַז נאָכן באַוווּסטזיניקן און רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט איז נאָכגעגאַנגען בלויז א מינדערהייט, די מערהייט אָבער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט צו

די פּרינציפּלאָזע, לאַקייִשע, בורזשואַזע אינטעליגענטן... טאָלסטאָי'ס אידייען — דאָס איז א שפּיגל פֿון דער שוואַכקייט, פֿון די פֿעלערן פֿון אונדזער פּויערשן אויפֿשטאַנד, אן אָפּשפּיגלונג פֿון דער ווייכלעכקייט פֿונעם פּאַטריאַרכאַלישן דאָרף און פֿון דער... פּאַכדאָנעשקייט פֿונעם „ווירטשאַפֿטלעכן פּויערל". אין דער דאָזיקער גלענצנדיקער כאַראַקטעריסטיק פֿונעם פּויערטום און פֿון זיין ראָלע אין דער ערשטער רעוואָלוציע קלינגט דער גאַנצער פּאַטאָס פֿון לענינען דעם פֿירער פֿונעם קעמפֿנדיקן פּראָלעטאַריאַט.

און די אַלע אַרבעטן וועגן טאָלסטאָיען פֿאַרבינדט לענין דעם ליטעראַרישן אַנאַליז מיט די קאָנקרעטע פּאָליטישע אויפֿגאַבן פֿונעם מאָמענט. דעם אַרטיקל „ל. נ. טאָלסטאָי" (1910) פֿאַרענדיקט לענין אַזוי: דער פּראָלעטאַריאַט „וועט קלאָר מאַכן פֿאַר די מאַסן אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע דעם באַטייט פֿון טאָלסטאָי'ס קריטיק פֿון דער מעלוכע, קירכע, פּריוואַט-ערד-אייגנטום—ניט קעדיי די מאַסן זאָלן זיך באַגרענעצן מיט זעלבסטפֿאַרפֿולקומונג און קרעכצן וועגן א גאָטספֿאָרכטיק לעבן, נאָר קעדיי זיי זאָלן אויפֿשטיין צו דערלאַנגען א נייעם קלאַפּ דער צאַרישער מאָנאַרכיע און דעם פּריצישן ערדבאַזיץ, וואָס זיינען אין יאָר 1905 געווען בלויז לייכט אָנגעבראָכן און וואָס מע דאַרף זיי פֿאַרניכטן. ער וועט קלאָר מאַכן פֿאַר די מאַסן טאָלסטאָי'ס קריטיק פֿונעם קאַפּיטאַליזם—ניט קעדיי די מאַסן זאָלן זיך באַגרענעצן מיט קלאָלעס קעגן דעם קאַפּיטאַל און דער מאַכט פֿון געלט, נאָר קעדיי זיי זאָלן זיך אויסלערנען אַף יעדן שריט פֿון זייער לעבן און קאַמף זיך צו שטיצן אַף די טעכנישע און סאָציאַלע דערגרייכונגען פֿונעם קאַפּיטאַליזם, זיי זאָלן זיך אויסלערנען זיך צו פֿאַראייניקן אין אן איינהייטלעכע מיליאָנען-אַרמיי פֿון סאָציאַליסטישע קעמפֿער, וואָס וועלן אַראָפּוואַרפֿן דעם קאַפּיטאַליזם און שאַפֿן א נייע געזעלשאַפֿט אָן פֿאָלקס-אָרעמקייט, אָן עקספּלואַטאַציע פֿון מענטש דורך מענטש". עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז צווישן לענינס אַרטיקלען וועגן טאָלסטאָיען איז פֿאַראַן אן אַרטיקל, וואָס הייסט „ל. נ. טאָלסטאָי און די איצטיקע אַרבעטער-באַוועגונג" (1910). דעם

אַרטיקל פאָרמולירט לענין אַזוי: „די פאַרשטייער פון דער איצטיקער אַרבעטער־באַוועגונג האַלטן, אַז עס איז פאַראַן קעגן וואָס צו פּראָטעסטירן, נאָר ניטאָ, וואָס זיך מעיאש צו זיין. יעוש איז אייגנטימלעך פאַר יענע קלאַסן, וואָס גייען אונטער, דער קלאַס אָבער פון לוין־אַרבעטער וואַקסט אומפאַרמיידלעך, אַנטוויקלט זיך און ווערט באַקרעפטיקט אין יעטווידער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, און אויך אין רוסלאַנד. יעוש איז אייגנטימלעך פאַר יענע, וואָס פאַרשטייען ניט די סיבעס פונעם בייז, וואָס זעען ניט קיין אויסוועג, וואָס זיינען ניט פעיִק צו קעמפן. דער הײַנטצײַטיקער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט געהערט ניט צו אַזעלכע קלאַסן“.

לענין האָט געגעבן דעם אַנאַליז פון טאָלסטאָי'ס שאַפן, ווי ער פאָרמולירט דאָס אַליין, אַרויסגייענדיק „פונעם כאַראַקטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע און אירע באַוועג־קרעפטן“. לענינס טאָלסטאָי־אַרטיקלען זיינען דורכגעזאַפּט מיט פּאָליטישער אַקטועלקייט. פאַרשיידנאַרטיקע קלאַסן־פיינטלעכע „פּיַנשטעקער“ זאָגן אַמאָל מיט א אַלץ־ווייסנדיקן שמייכל: לענין איז דאָך טאַקע ניט מער ווי א „פּאָליטיקער“, וואָס איז אים די ליטעראַרישע העכקייט?... די פּאָליטישע אַקטועלקייט אָבער פון לענינס אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור־פראַגן איז א מעטאָדאָלאָגישע דירעקטיווע פאַר אונדזער ליטעראַטור־וויסנשאַפט. דאָס איז דער בעסטער מוסטער דערפון, ווי עס ווערט פאַרווירקלעכט די איינהייט פון טעאָריע און פּראַקטיק.

אין דערזעלבער צייט איז דאָס א פאַרווירקלעכונג פון לענינס באַקאַנטן טעזיס וועגן דער „פּאַרטייִשקייט“ פון דער וויסנשאַפט, א פאַרווירקלעכונג פון לענינס פאָדערונג צום פאָרשער דעם מאַטעריאַליסט „בײַ יעדער אָפּשאַצונג פון א געשעעניש זיך שטעלן אָפן און דײַטלעך אויפן שטאַנדפּונקט פון א באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער גרופּע“ (ב. 1, ז. 276). דיזאָיקע פאָדערונג שליסט ניט אויס דעם פּרינציפּ פון געשיכטלעכקייט, פאַרקערט. אין זיין ערשטן אַרטיקל וועגן טאָלסטאָיען „לעוו טאָלסטאָי אַלס שפּיגל פון דער רוסישער רעוואָלוציע“ (1908) באַטאָנט לענין די נייטיקייט פון א געשיכטלעכן צוגאַנג צו טאָלסטאָי'ס שאַפן.

„...די ווידערשפּרוכן אין טאָלסטאָי'ס אָנשויאונגען,—שרייבט דאָ לענין,—דאַרף מען אָפּשאַצן ניט פונעם שטאַנדפּונקט פון דער הײַנטצײַטיקער אַרב.־באַוועגונג און פונעם הײַנטצײַטיקן סאָציאַליזם (אַזאַ אָפּשאַצונג איז געוויס נייטיק, זי איז אָבער ניטגענוגנדיק), נאָר פונעם שטאַנדפּונקט פון יענעם פּראָטעסט קעגן דעם זיך אָנרוקנדיקן קאַפּיטאַליזם, קעגן דער רויִנירונג און ערד־באַרויבונג פון די מאַסן, פונעם שטאַנדפּונקט פון יענעם פּראָטעסט, וואָס עס האָט געדאַרפט געבוירן דאָס פּאַטריאַרכאַלע רוסישע דאָרף“. (אונטערגעשטראָכן די באַזונדערע שטעלן האָב איך. — א. נ.) פון אונדזער איצטיקן שטאַנדפּונקט איז טאָלסטאָי, „אַלס א נאָווי, וואָס האָט אַנטדעקט נייע רעצעפּטן אַף צו ראַטעווען די מענטשהייט“, בלויז „לעכערלעך“, זאָגט לענין. פון אונדזער איצטיקן שטאַנדפּונקט זיינען טאָלסטאָי'ס אָנשויאונגען „שעדלעך אַלס גאַנצעס“. טאָלסטאָי'ס גרויסקייט און אָריגינעלקייט אין זייער גאַנצער מאָס קאָנען מיר אָפּשאַצן בלויז דאַן, ווען מיר וועלן צו אים צוגיין געשיכטלעך, אַלס צו אַן „אויסדריקער פון יענע אידייען און יענע שטימונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט בײַ די מיליאָנען רוסישן פויערטום צו דער צייט פונעם אָנקום פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד“. דיזאָיקע דיאַלעקטיש־רעוואָלוציאָנער (און ניט רעליאַטיוויסטיש־פּאַסיווע) אויפגענומענע געשיכטלעכקייט דרינגט אַלעמאָל דורך לענינס אָפּשאַצונגען פון טאָלסטאָי'ס פאַרנעם. פאַרצייכענענדיק, אַז טאָלסטאָי'ס אוטאָפּישע לערע פאַרמאָגט קריטישע עלעמענטן, באַרופט זיך לענין (אין זיין אַרטיקל „ל. נ. טאָלסטאָי און זיין עפּאָכע“, 1911), אַף מאַרקס א טיפער באַמערקונג וועגן דעם, אַז אין גאַנג פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג ווערט דער ווערט פון די קריטישע עלעמענטן אינעם אוטאָפּישן סאָציאַליזם אַלץ קלענער און קלענער. און לענין קומט צו אַזאַ אויספיר:

„מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק האָבן די קריטישע עלעמענטן אין טאָלסטאָי'ס לערע געקאָנט ברענגען אין דער

פּראַקטיק צומאָל ניצן פּאַר אייניקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג ט ר אָ ץ די רעאַקציאָנערע און אוטאָפּישע שטריכן פונעם טאָלסטאָיזם. און מעשעך פונעם לעצטן, לאָמיר זאָגן, יאָרצענדליק האָט האָב ניט נעקאָנט זײַן אַזוי, ווײַל די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג האָט פון די אַכציקער יאָרן ביז סאָף פאַריקן יאָרהונדערט געמאַכט אַ גאָר ניט קליינעם שפּרונג פאָרויס. און אין אַנדערע מעג, נ אָ ך דעם, ווי אַ רײַ... געשעענישן האָט געמאַכט אַ סאָף צו דער „מיזרעכדיקער" אומבאַוועגלעכקייט,... ווען עס האָבן באַקומען אַזאַ גרויסע פאַרשפּרייטקייט צווישן דער ליבעראַלער בורזשואַזיע די באַוווסט־זיניק־רעאַקציאָנערע... אידייען פון די „וויעכיכטן", ...און אַנדערע מעג ברענגט יעמווידער פּרוּוו צו אידעאַליזירן טאָלסטאָי'ס לערע... דעם סאַמע אומזינלבאַרן און סאַמע מזיקן שאָרן". מיר זעען, ווי לענין דיפערענצירט דאָ דעם באַדײַט פון די קריטישע עלעמענטן און טאָלסטאָי'ס אוטאָפּישער לערע אָפּהענגיק פון דער געשיכטלעכער סיטואַציע. דאָס איז אַ בײַשפּיל פון אַן עכטער דיאַלעקטיש-פּ אַ ר ט יי י ש ע ר אָפּשאַצונג.

און אַ גאַנצער רײַ ליטעראַרישע אַרויסזאָגונגען לענינס האָבן זיך בולעט אָפּגעשפּיגלט די דירעקטע פּאַרטייִשע קאַמפן, וועלכע לענין האָט געפירט אינײַנעם מיט דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. „און אונ־דזער צײַט—האָט געשריבן לענין אין זײַנע „נאָטיצן פון אַ פּובליציסט" אין יאָר 1910—האָט זיך אָפּן געביט פון וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, קונסט אַרויסגערוקט דער קאַמף פון די מאַרקסיסטן קעגן די מאַכיסטן" (ב. 14, ז. 298). און מיר זעען מאַקע, אַז לענינס בריוו צו גאָרקין זײַנען אָנגעזאַפּט מיט דער קאַמף-אַטמאָספער פון די דעמאָליקע פּאַרטיי־שטרײַטן קעגן דעם פילאָזאָפישן רעוויזיאָניזם פון באָגדאַנאָווס שולע, קעגן דער „גאָט-זוכערײַ" און אַזוי ווײַטער. לענין שרײַבט, לעמאָשל, וועגן א. באָגדאַנאָווס אַ ראָמאַן: „דורכגעלייענט זײַן „אינזשעניער מעני". דערזעלבער מאַכיזם־אידעאַליזם, אָבער אַזוי פאַרבאַהאַלטן, אַז ניט די אַרבעטער, ניט די נאַרישע רעדאַקטאָרן אין „פּראַוודאַ" האָבן דאָס ניט פאַרשטאַנען" (פון לענינס אַ בריוו צו גאָרקין פון פעברואַר 1913). און דעמזעלבן בריוו צו גאָרקין שרײַבט לענין וועגן כ' לונאַטשאַרסקי'ס עסטעטישע אַרבעטן: „ווען מע זאָל לונאַטשאַרסקין... אָפּטיילן פון באָגדאַנאָוון אויפן געביט פון עסטעטיק... ווען מע זאָל, ווען ס'זאָל"... איינער פון לענינס טאָלסטאָי־אַרטיקלען („די העלדן פון „באַוואָרענישלעך", 1910) איז געווידמעט דער שאַרפסטער פּאָלעמיק קעגן די מענשעוויסטישע „ליקווידאַטאָרן" פון די פאַרשיידענע מינים (באַזאַראָוו, ניע־וויעראָווסקי און אַנדערע), וואָס זײַנען אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּאַלעפּעסלריקער פּרינציפּלאָזער אַפּאָלאָגעטיק פון די רעאַקציאָנערע מאָמענטן אין טאָלסטאָי'ס לערע. דירעקטע „העלדן פון „באַוואָרענישלעך", ווי לענין האָט זיי אַף אייביק פאַרשטעמפּלט, זײַנען אַרויסגעטראָטן מיט דראָשעס וועגן דעם, אַז טאָלסטאָי איז די „פאַרקערפּערונג פונעם אַלמענטשלעכן געוויסן", און אַז די „ראַדיקאַלן פון פאַרשיידענע מינים" (געמיינט פריער פאַר אַלץ די באָלשעוויקעס) זײַנען ניט געגרייט אין זייער קריטישער באַציִונג צו טאָלסטאָי'ען. „...דאָס זײַנען גראָד אַזוינע רייד, אַזוינע ליזלעך,—שרײַבט לענין,—וואָס געהערן זיך פאַר באַלעבאַטישע, וועלכע קערן זיך אָפּ מיט אומגעהויערער פאַראַכטונג פון אַ שטרײַט פאַר וועלכע ס'ניט איז פּרינציפּן, אינגאַנצן און קאָנסעקווענט דורכגעפירטע". אומעטום און שטענדיק זײַנען לענינס אַרויסטרעטונגען פאַרשאַרפט קעגן רעוויזיאָניזם און אָפּאָרטוניזם, קעגן פאַרשיידענע אַנטימאַרקסיסטישע ווענדונגען און קאָנצעפּציעס, פאַר דער עכטער באָלשעוויסטישער ליניע. אויך אין זײַנע ליטעראַטור-אַרויסזאָגונגען איז לענין פּ אַ ר ט יי י ש אינעם פולסטן באַדײַט פונעם וואָרט.

און זײַן אַנאַליז פון טאָלסטאָי'ס שאַפן טיילט לענין אָפּ בײַ טאָלסטאָיען יענע מאָמענטן, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק זײַן „פאַרטייל", דאָס, וואָס עס געהער צו דער פאַרגאַנגענהייט, פון יענע מאָמענטן בײַ טאָלסטאָיען, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק טאָלסטאָי'ס „פאַרגאַנגענהייט", פון דעם, וואָס עס געהער צו דער צוקונפט. „...און זײַן (טאָלסטאָי'ס) ירושה איז פאַראַן אַזוינס, וואָס איז ניט אַוועק

אין דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס געהערט צו דער צוקונפט. די דאָזיקע יערושע נעמט אָן און איבער דער דאָזיקער יערושע אַרבעט דער רוסלענדישער פּראָלעטאַריאַט" (פון לענינס אַרטיקל „ל. נ. טאָלסטאָי", 1910). דערמיט, וואָס לענין טיילט אויס אין טאָלסטאָי'ס שאַפן די „צוקונפט"-עלעמענטן, די עלעמענטן פון י ע ר ו ש ע, דערמיט, וואָס לענין שטעלט פעסט טאָלסטאָי'ס באַדייט פ אַ ר א ו נ ד ז, פאַרן פּראָלעטאַריאַט, ווייזט אונדז לענין, ווי מע דאַרף דערלערנען די ליטעראַטור און איר סאָציאַלער ווירקונג, און איר סאָציאַלער פ ו נ ק צ י אָ נ אַ ל י ש ק ײ ט.

לענין אַנאַליזירט די פאַרשיידענע אָפּשאַצונגען, וואָס עס האָבן געגעבן טאָלסטאָי'ס שאַפן די פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּן און פּאָליטישע פּאַרטייען. ער שטעלט אָפּ אָפּן שאַרפסטן אויפן די „קראָקאָדיל-טרערן" און דער שוואַרצמיינישער אָפּיציעלער פּרעסע. לענין טרעט אויך שאַרף אַרויס קעגן די ליבעראַלע צייטונגען. „זיי קאָנען נ י ט,—שרייבט לענין,—אַרויסזאָגן גלייך און קלאָר זייער אָפּשאַצונג פון טאָלסטאָי'ס אָנשויונגען וועגן מעלוכע, וועגן קירכע, וועגן פּריוואַטן ערד-אייגנטום, וועגן קאַפּיטאַליזם... דערפאַר, וואָס יעטווידע האַנאַבע אין טאָלסטאָי'ס קריטיק איז אַ פּאַטש אין פּנים דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם" („ל. נ. טאָלסטאָי", 1910). און אַז אַנדער אָרט („די העלדן פון באַוואָרענישלעך", 1910) זאָגט לענין וועגן דער בורזשואַזער און קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, אַז „דעם גאַנצן טאָלסטאָיען האָט זי קיינמאָל ריכטיק ניט אָפּגעשאַצט און ניט געקאָנט אָפּשאַצן". די איינציק-ריכטיקע אָפּשאַצונג פון טאָלסטאָי'ס שאַפן מיט אַלע זיינע ווידערשפּרוכן קאָן געבן בלויז דער פּראָלעטאַריאַט. פונוואַנען שטאַמט דאָס דאָזיקע רעכט פונעם פּראָלעטאַריאַט „צו מעסטן און צו וועגן" אַלע סאָציאַלע דערשיינונגען? לענין ענטפערט אַף דער פראַגע מיט די דאָזיקע ווערטער:

„...די ריכטיקע אָפּשאַצונג פון טאָלסטאָיען איז מעגלעך בלויז פונעם שטאַנדפּונקט פון יענעם קלאַס, וואָס האָט מיט זיין פּאָליטישער ראָלע און זיין קאַמף אין דער צייט פון דער ערשטער לייזונג פון די (געזעלשאַפטלעכע) ווידערשפּרוכן, און דער צייט פון דער רעוואָלוציע, דערוויזן זיין באַרוף צו זיין דער פירער אינעם קאַמף פאַר דעם פאָלקס-פרייהייט און פאַרן באַפרייען די מאַסן פון עקספּלואַטאַציע,—דערוויזן זיין העלדישע איבערגעגעבנקייט דער זאַך פון דעמאָקראַטיע און זיין פייקייט צו קעמפן קעגן דער באַגרענעצטקייט און אומקאָנסעקווענטקייט פון דער בורזשואַזער (דערין אויך פויערשער) דעמאָקראַטיע—איז מעגלעך בלויז פונעם שטאַנדפּונקט פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן *) פּראָלעטאַריאַט" („ל. נ. טאָלסטאָי" 1910).

מיר זעען, אַזוי אַרום, אַז די פּאַרטייִש-סוביעקטיווע אָפּשאַצונג פונעם פּראָלעטאַריאַט איז די איינציק-עכטע, אָ ב י ע ק ט י וו ע אָפּשאַצונג.

די פראַגע וועגן דעם סאָציאַלן גענעזיס, וועגן דער סאָציאַלער נאַטור פונעם קינסטלערישן שאַפן לייזט לענין אין העסקעם מיט דער גאַנצער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פונעם געגעבענעם שאַפן. די קלאַסן-קאַטעגאָריעס זיינען בא לענינען ניט קיין אַפּריאָריש-אָפּגעצוימטע; סטאַטישע, אומבאַוועגלעכע קאַטעגאָריעס, ווי מיר זעען דאָס, צום ביישפּיל, אין פּערעווערזעווס פאַטאַליסטיש-מעכאַניסטישער סיסטעם. אין פּערעווערזעווס אינטערפּרעטאַציע טרעט דאָס קינסטלערישע שאַפן שטענדיק אַרויס בלויז ווי אַן אַנטפּלעקונג פון אַ לעבאַמבילע געגעבענעם קלאַסן-„כאַראַקטער". פּערעווערזעווס מעטאַפיזיש-אַבסאָלוטיזירנדיקן דענקען איז פרעמד די קאַטעגאָריע פון באַוועגונג, פון אַנטוויקלונג, פון ענדערונג. דער אַזויגערופענער „מאָניזם" זיינער איז אַ ריין אַריטמעטישער, „מאָנאָס" באַדייט דאָ פּאַשעט „איינס", און ניט מער. אַן ענלעכע דערשיינונג טרעפן מיר אין די מעכאַניסטישע פּאָזיציעס בא די ח"ח בוכאַרין און פריטשע, אין זייער טעזיס, לעמאָשל, וועגן דעם איינהייטלעכן „עפּאָכע-סטיל". די דיאַלעקטישע איינהייטלעכקייט פון די פאַרשיידענע

*) לענין האָט דאָס געשריבן אין יאָר 1910, ווען די פּאַרטיי האָט נאָך געטראָגן דעם נאָמען „סאָציאַל-דעמאָקראַטישע"—א. ג.

נע קלאַסן-סטיל און אין עפּאָכע, און אין סאָציאַל-עקאָנאָמישער פאָרמאַציע, די דיִ-אַלעקטישע איינהייטלעכקייט, וואָס איז די איינהייט פון ווידערשפּרוכן, פון קעגנזייטיק-לעכע, קעמפנדיקע קלאַסן, דינאַמישע די-אַלעקטישע איינהייט באַקומט אין דער מע-כאַניסטישער בוכאַרין-פריטשעשע-אינטערפּרע-טאַציע אַ ריין אידעאַליסטישע פאַרטייטשונג: דער „עפּאָכע-סטיל" איז איינער, עס איז דאָ איין אַלגעמיינער „עפּאָכע-סטיל" (וואָס „וואַריִרט" זיך בלויז לויט די באַ-זונדערע קלאַסן). באַ לענינען טרעט אַרויס די דיאַלעקטישע „איינהייט" שטענדיק אין איר גאַנצער ווידערשפּרוכלעכקייט, באַוועג-לעכקייט און פאַרענדערלעכקייט. און לענין רעדט וועגן דעם סאָציאַלן גענעזיס פון אַ קינסטלערס שאַפן, פאַצייכנט ער דעם וועג פונעם קינסטלער, זיין געשיכטע, זיין אַנט-וויקלונג-גאַנג. *).

אָט וואָס עס זאָגט לענין וועגן טאָל-סטאָי'ס שאַפן: „לויט זיין געבורט און דערציִונג האָט טאָלסטאָי געהערט צום העכסטן רוסישן אַדל אין רוסלאַנד, נאָר ער האָט אָפּגעריסן מיט די אַלע געוויינ-לעכע אָנשויונגען פון דער דאָזיקער סוויווע, און, אין זיינע לעצטע ווערק, איז ער אָנ-געפאַלן מיט אַ ליידנשאַפטלעכער קריטיק אויף אַלע היינטצייטיקע מעלוכישע, קירכ-לעכע, געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע אָר-דענונגען" („ל. נ. טאָלסטאָי און די הײנ-טיקע אַרבעטער-באַוועגונג", 1910). פאַר-וואָס איז דאָס פאָרגעקומען? לענין ענט-פערט: „די שאַרפע ברעכונג פון אַלע „אַל-טע יסודות" פונעם דאָרפישן רוסלאַנד האָט פאַרשאַרפט זיין (טאָלסטאָי'ס— א. ג.) אויפמערקזאַמקייט, פאַרטיפט זיין אינטערעס צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אַרום אים, געבראַכט צו אַן איבער-בראָך אין זיין גאַנצער וועלט-אָנשויונג" (דאָרט, אונטערגעשטראָכן פון מיר—א. ג.). און לענין באַווייזט, ווי טאָלסטאָי דער קינסטלער און דער דענ-קער איז אין רעזולטאַט דערפון אַריבער פון איינע קלאַסן-פּאָזיציע אויף אַנדערע, טאָלסטאָי דער אַדליקער („לויט זיין גע-בורט און דערציִונג") איז געוואָרן דער אויסדריקער פון די אָנשויונגען פונעם „פּאַטריאַרכאַלישן, נאַיִוון פּויער".

לענין באַווייזט די דאָזיקע באַוועגלעכקייט פון דער געזעלשאַפטלעכער אידעאָלאָגיע, ער שטעלט די אידעאָלאָגישע פּראָצעסן אין זייער גאַנצן סאָציאַלן „קאָנטעקסט", אין זייער דיאַלעקטישער פאַרבינדונג מיטן גאַנצן געשיכטלעכן באַוועגונג-גאַנג פון דער „סאָציאַלער מאַטעריע". „די ווידערשפּרוכן אין טאָלסטאָי'ס אָנשויונגען,—זאָגט לע-נין,—זיינען ווידערשפּרוכן ניט בלויז פון זיין אייגענעם געדאַנק, נאָר אַן אָפּשפּיג-לונג פון יענע העכסט קאָמפּליצירטע, ווי-דערשפּרעכלעכע באַדינגונגען, סאָציאַלע ווירקונגען, געשיכטלעכע טראַדיציעס, וואָס האָבן באַשטימט די פּסיכאָלאָגיע פון פאַרשיידענע קלאַסן און פאַר-שיידענע שיכטן (פון מיר אונטער-געשטראָכן.—א. ג.) אין דער רוסישער גע-זעלשאַפט אין דער עפּאָכע פון נאָך דער רעפאָרמע און פאַר דער רעוואָלוציע" („ל. נ. טאָלסטאָי", 1910). ווען אַ מע-כאַניסט פון פּערעווערזעווס שניט רעדט וועגן אַן אידעאָלאָגיע אַלס אַן אויסדרוק פון אַ קלאַס, איז נעמט ער אויף די קאַ-טעגאָריע „קלאַס" אַלס אַן איזאָלירטע, אומטיילבאַרע „מאָנאַדע" (ווידער „מאָ-

*) דערביי באַטראַכט לענין דעם קינסטלערס שאַפן ניט איזאָלירט פון זיין גאַנצער טעטיִ-קייט, נאָר ווי אַן אָרגאַנישן באַשטאַנדטייל פון דער דאָזיקער גאַנצער טעטיקייט. אין אַלע זיינע אַרטיקלען וועגן טאָלסטאָיען שטרייכט לע-נין אַלעמאָל אונטער די פאַרבינדונג, דעם צו-זאַמענהאַנג פון טאָלסטאָי'ס קינסטלערישן שאַפן מיט זיין רעליגיעזער לערע און פּוב-ליציסטישער טעטיקייט. טאָלסטאָי האָט פאַר-קערפּערט,—שרייבט לענין,—סיי אַלס קינסטלער, סיי אַלס דענקער און פּרידיקער—די שטריכן פונעם געזעל-שאַפטלעכן אייגנאַרט פון דער גאַנצער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע" („ל. נ. טאָלסטאָי", 1910. אונטערגעשטראָכן פון מיר.—א. ג.). דעם-זעלבן געדאַנק טרעפן מיר אויך אין די אַנ-דערע לענינישע אַרטיקלען וועגן טאָלסטאָיען. דאָס דאַרף מען אונטערשטרייכן אַלס קעגנוואָג צו די מעכאַניסטישע אַרויסזאָגונגען פון פּע-רעווערזעוון, וואָס באַטראַכט אַלעמאָל דעם קינסטלער אַלס אַזעלכן אינגאַנצן איזאָלירט פון זיינע פּאָליטישע, פילאָזאָפישע און אַנ-דערע אָנשויונגען (ווי ער טוט דאָס, צום ביישפּיל, בנוגע צו דאָסטאָיעווסקי'ס שאַפן).

ניזם״!); אויב ער אָנערקענט אַ געוויסע אַנטוויקלונג פון אַ קלאַס, איז דאָס אין מאָד אַן „אימאַנענטע״ אַנטוויקלונג אין די גרענעצן פון דעדאָזיקער אויסגעטראַכטער מעטאַפיזישער „איינהייט״. לענין רעדט וועגן אַ לעבעדיקן, קאָנקרעט-געשיכטלעכן, דיאַלעקטישן צוזאַמענהאַנג „פון פאַרשיידענע קלאַסן און פאַרשיידענע שיכטן״, אַ צוזאַמענהאַנג, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין די „העכסט קאָמפּליצירטע, ווידערשפּרעכלעכע באַוועגונגען״ פונעם קלאַסנקאַמף. און די געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיעס פון באַזונדערע קלאַסן וואַקסן טאַקע אויס און דעמדאָזיקן דיאַלעקטישן, סאָציאַלן צוזאַמענהאַנג, אינעם פּראָצעס און באַ די באַוועגונגען פונעם קלאַסנקאַמף. די דיאַלעקטיק פונעם סאָציאַלן צוזאַמענהאַנג האָט טאַקע געגעבן דערצו, טאָלסטאָי זאָל ווערן און זיין שאַפן „דער שפּיגל פון דער (ערשטער) רוסישער רעוואָליוציע״, „דער אויסדריקער פון יענע אידייען און יענע שטימונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט באַ די מיליאָנען רוסישן פּויערים צו דער צייט פונעם אָנקום פון דער בורזשואַזער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד״.

קעדיי צו קענען פעסטשטעלן דעם סאָציאַלן דיאַלעקטישן צוזאַמענהאַנג פון ליטעראַרישע דערשיינונגען, דאַרף דער ליטעראַטור-פאָרשער גענוי דערלערנען די געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן פון דער עפּאָכע, צו וועלכע עס געהערן די געגעבענע דערשיינונגען. און דאָ מוז מען זיך ווידער ווענדן צו לענינען, צו זיינע געניאַלע געשיכטלעכע לערעס, וואָס באַלייכטן אַ ריי וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג *).

*) דער אינהאַלט פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלען, וואָס ווערן דאָ ניט געגעבן, איז פאָלגנדיקער: 1) וועגן לענינס געשיכטלעכע לערעס, 2) לענינס קאָנקרעטע כאַראַקטעריסטיקעס פון באַזונדערע שרייבער, 3) לענין און פילאָסאָפיע, 4) לענין און פּראָלעטאַרישע (סאָציאַליסטישע) ליטעראַטור.

פון רעדאַקציע: דער קאַפּיטל פונעם כ׳ א. גורשטיין, וואָס ווערט געדרוקט אין דעם נומער „שטערן״ וואָלט מער אויסגעוויזן, ווען דער כ׳ גורשטיין וואָלט דעם קאַפּיטל פאַרבונדן מיט קאָנקרעטע פראַגעס פון אונדזער סאָוועטישער ליטעראַטור.

מ. עריק

# סטענדאל

(1933—1783)

### צו דער פּראָבלעם פון רעאַליזם און ראָמאַנטיזם אין דער בורזשואַזער ליטעראַטור[1])

## 1. דער גורל פון סטענדאַלס ליטעראַרישער ירושע.

דעם 23־טן יאַנואַר 1933 י. איז געוואָרן 150 יאָר, זינט עס איז געבאָרן געוואָרן אַנרי בייל, מער באַקאַנט אונטערן ליטעראַרישן פּסעוודאָנים סטענדאַל. סטענדאַל, דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער, דער מאַטעריאַליסט און אַטעיִסט, מיט באַלזאַקן דער גרונט־לייגער פון בורזשואַזן רעאַליזם, גייט אַריין מיט אַסאַך עלעמענטן פון זיין שאַפן אין דער ירושע פונעם פּראָלעטאַריאַט, פון דער סאָציאַליסטישער קונסט.

סטענדאַל איז געשטאָרבן אין 1842 יאָר. 60 בענדער פון זיין ליטעראַרישער ירושע, מאַנוסקריפּטן פון ראָמאַנען, עסייען, אויטאָביאָגראַפיעס, טאָגביכער, קאָרעספּאָנדענץ זיינען נאָך אייניקע גילגולים אַריבער צו דער גרענאָבלער ביבליאָטעק, ביכדיי דאָרט צו שימלען צענדליקער יאָרן, פאַרגעסן, פאַרוואָרלאָזט, פון קיינעם ניט גערירט. סטענדאַל, וואָס האָט אין זיין צייט אַרויסגערופן אַ קנאַפּע אויפמערקזאַמקייט, איז נאָכן טויט באַם ברייטן פּובליקום קימאַט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. אַ מאָדנער און לאַכלוטן ניט צופעליקער ליטעראַרישער שיקזאַל האָט דערוואַרט דאָס ווערק פון אַ מענטשן, וועמען עס האָט הויך געשאַצט בייראָן, אַפּ וועלכן עס איז אויפמערקזאַם געוואָרן געטע, וועמעס טאַלמידים זיינען געווען טאָלסטוי און מערימע, בורזשע און גאָבינאָ, ניטשע און טען, וועמען באַלזאַק האָט קוואַליפיצירט, ווי אַ „גוואַלטיקן טאַלאַנט“. מערימע האָט נאָך סטענדאַלס טויט אָפּגעדרוקט אַ צווייזייטיקע בראָשור, וווּ סטענדאַל דערשיינט ווי אַ שלימאַזלדיקער אָריגינאַל, אַ פלאַנטער־קאָפּ מיט מאָדנע גענג, און מער איינגעהאַלטן, מיט מער קאָמפּלימענטן האָט ער עס אין טאָך איבערגעכאַזערט אין זיין הקדמה צו סטענדאַלס געזאַמלטע בריוו. ערשט אין די 80־ער יאָרן האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן די וויסנשאַפטלעכע סטענדאַל־פאָרשונג, קאַזימיר סטריענסקי האָט פון די גרענאָבלער מאַנוסקריפּטן פּובליקירט סטענדאַלס טאָג־ביכער, אויטאָביאָגראַפיעס („לעבן פון אַנרי ברוּלאַר“, „זיכרוינעס פון עגאָטיזם“); עס זיינען דערשינען די ראָמאַנען „לאַמיעל“, „ליוסיען לעווען“ (רויט און ווייס), עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן סטענדאַל־אָפּהאַנדלונגען, פּובליקאַציעס פון מאָנאָגראַפיעס (ראָד, שוקע,

---

[1]) פון אַ גרעסערער אַרבעט.

וויגאנד, אזאר א. א.), אונ ס'האָט גלײַכצײַטיק אָנגעהויבנ וואקסנ סטענדאלס ליטעראַרישער רומ. סטענדאלס שאפנ גלידערט זיכ אײַנ, ווי א פאקט אונ פאקטער פונ דער פראנצויזישער ליטעראַטור צומ סאָפ פונ 19־טנ יאָרהונדערט..[1]).

מיט סטעפאנ צווײַגס סטענדאל־אָפּהאנדלונג (1928) איז דער קרײַז פונ דער בורזשואזער סטענדאל־פאָרשונג אזוי גוט ווי אָפּגעשלאָסנ. זי קערט זיכ אומ צו איר אויסגאנג־פונקט, צו מערימעס צווייפענימדיקער „אינטימער" סטענדאל־כאראקטעריסטיק. וואָס איז ווערט דער אײַנפאל צו פארייניקנ, ווי „דרײַ דיכטער פונ זייער לעבנ", קאזאנאָווא, סטענדאל אונ טאָלסטוי?[2]) וואָס פארא שײַכעס האָט דער איטאליענישער אפעריסט, ליגנערישער, נארישער עראָטיקער־אוואנטיוריסט צומ מעכטיקנ „שרײַבער פונ דער רוסישער ערד", אָדער צומ קלאָרנ, טיפ־אנאליסטישנ גרויסנ פראנצויזישנ ראָמאניסט? קיינ שומ שײַכעס ניט. צווײַג אליינ איז מודע, אז „דאָס קלינגט מער אומגעריכט, ווי איבערצײַגנדיק". (92). פארינטריגירנדיק דעמ לייענער דורכנ פיקאנטנ אײַנפאל, גיט צווײַג אזא מינ פילאָסאָפישע ארגומענטאציע: קאזאנאָווא איז דער נאַיווער זעלבסטשילדערער, סטענדאל—א שטופּ העכער—דער פסיכאָלאָגישער זעלבסטשילדערער, טאָלסטוי נאָכ העכער—דער עטיש־רעליגיעזער. אונ ביכדיי דאָס דאָקומענטירנ, ביכדיי דאָס ביכלאל מעגלעכ מאכנ, האָט קאזאנאָווא געמוזט אויפגעהויבנ ווערנ, געשטעלט ווערנ אפ העכערע קלעצלעכ, אונ סטענדאל האָט געדארפט ווערנ מיט א קאָפּ קלענער, איז אינ א רײ וועזנטלעכע מאָמענטנ אראָפּגעדריקט געוואָרנ צומ קאזאנאָווא־ניוואָ. מעמיילע עפנט שוינ צווײַג די מאָנאָגראפיע מיט א קאפּיטל וועגנ סטענדאלס ליגנערישקײַט—אונ איז מעגאזעמ א רײ סטענדאלישע מיסטיפיקאציעס (110, 111). ער גיט א „קינאָ־לענטע פונ סטענדאלס לעבנ", ווו סטענדאל ווערט פארוואנדלט אינ א פוליאק, א לעבע־יונג, אינ א מינ שלימאזלדיקנ קאזאנאָווא, אונ ווו ס'ווערנ איבערגעדרייט אינ מײַסעדיק צוגעפוצט א רײ פאקטנ פונ סטענדאלס ביאָגראפיע. ביטלדיק גיט צווײַג א מאכ מיטנ האנט איבער סטענדאלס „געשיכטע פונ דער מאָלערײַ אינ איטאליע" (158, 130), א ווערק, וועמענ טענ האָט אָנ א שיר צו פארדאנקענ; ער פארוואנדלט סטענדאלנ אינ אנ אנטיסאָציאלנ טיפ, אינ א מענטשנ אָנ קיינ שומ געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ—אונ געווענ איז עס איינער פונ די בעסטע קענער פונ דער אייראָפּייִשער פּאָליטיק אינ דער ערשטער העלפט פונ 19־טנ יאָרהונדערט; איינעמ פונ די גרעסטע ליטעראַרישע האָרעפּאשניקעס, א שרײַבער, וואָס האָט בוכשטעבלעכ טאָגטעגלעכ געשריבנ זינט זײַנע יוגנט־יאָרנ (כאָטש ניט טאָמיד, אונ פארהעלטניסמעסיק זעלטנ געדרוקט), א שרײַבער, וואָס אפילע זײַנע בריוו צו די פרײַנט זײַנענ גלענצנדיקע עסייענ אונ אָפּט גאנצע נאָוועלנ, קוואליפיצירט צווײַג ווי א דילעטאנט, עמעס זייער א פייִקנ („ליטעראַטור איז פאר אימ אינ בעסטנ פאל אנ אָנגענעמע אונ אָריגינעלע באשעפטיקונג", 159). צומ סאָפ קומענ פסיכאָ־אנאליטישע עקסקורסנ, עס ווערט אָנגעוואָרפנ א בארג קאָמפּלימענטנ—אונ דער פּאָרטרעט איז פארטיק.

סטענדאל איז שטארק פּאָפּולער אויכ בא אונדז אינ סאָוועטנפארבאנד. פאר די לעצטע צענ יאָר זײַנענ דערשינענ אינ רוסיש אונ אוקראַײַניש אינ נײַע איבערזעצונגענ קימאט אלע

[1]) רענע לאלו באטראכט סטענדאלנ ווי אנ אויסגאנג־פונקט פונ דער פראנצויזישער פּראָזע נאָכ 1870, Lalóu, Histoire de la litterature francaise contemporaine, 1870 á nos jous. 1924. p. 12-14., 644-646.

[2]) מיר ציטירנ לויט דער רוסישער איבערזעצונג. Stefan Zweig, Drei Dichter ihres Lebens. 1928. „Три певца своей жизни", 1929.

בעלעטריסטישע זאַכן סטענדאַלס, עס פעלן איצט בלויז „ליאַמיעל" און די אווטאָביאָגראַפיעס. פאַר דער פּאָפּוליאַריזאַציע פון סטענדאַלן אין סאָוועטנפאַרבאַנד האָט אַסאַך אופגעטאָן א. ווינאָגראַדאָוו. ער האָט געגעבן ווערטפולע איבערזעצונגען פון סטענדאַלס כראָניקעס און נאָוועלעס (1923), אייניקע אַריַינפירן און אָפּהאַנדלונגען (פון זיי די וויכטיקסטע — די ביַילאַגע צו די כראָניקעס און דער אַריַינפיר צו „רויט און שוואַרץ"), און פאַרמאָגט אויך א צושטיַיער צו דער סטענדאַל־ביאָגראַפיע, א מיטיילונג וועגן סטענדאַלס רוסישע באַקאַנטשאַפטן (ביפראַט וועגן א. אי. טורגעניעוו, דעם ברודער פון דעם דעקאַבריסט). א גאַנץ אינטערעסאַנטער פרווו איז ווינאָגראַדאָווס סטענדאַל־ראָמאַן: Три цвета времени, ז.ז. 638, 1931, מיט גאָרקיס האַקדאָמע — עס איז סטענדאַלס ביאָגראַפיע אין דער פאָרם פון א ראָמאַן, וואָס הויבט זיך אָן זינט 1812, זינט סטענדאַלס רוסישער קאַמפּאַניע.

ווי טאָמיד אין אַזעלכע ראָמאַנען, איז גראָד דער צוגעטראַכטער ראָמאַן־טייל דער שוואַכסטער, דער גרעסטער און דער צום ווייניקסטן איבערצייַגנדיקער. עס איז אָבער געלונגען ווינאָגראַדאָוון אַף א פּאָפּולערן און אינטערעסאַנטסטן אופן אַריַינשפּאַרן אין דער ראָמאַן־ראַם א גרויסן עפּאָכע און שטייגער־מאַטעריאַל, גענומען פון סטענדאַלס טאָגביכער, בריוו, אווטאָביאָגראַפיעס און פון די אַרויסזאָגונגען פון זיַינע פריַינט (מערימע און אנד.) [1]). צו די וויכטיקסטע כעסרוינעס פונעם ראָמאַן געהערט דער פרווו ראַדיקאַליזירן סטענדאַלן, און אָנשטאָט א מאַרקסיסטישער ליזונג פון דער פּראָבלעם סטענדאַל — פּאַרוואַנדלען סטענדאַלן שיר ניט אין א מאַרקסיסט. עס קלינגט מעשונעדיק, ווען מיר הערן פון סטענדאַלס מויל אייניקע גלענצנדיקע אַרויסזאָגונגען פון קאַרל מאַרקס. אויב צווייַג שטופּט אַראָפּ סטענדאַלן צום ניוואָ פון א קאַזאַנאָווא, פאַלט ווינאָגראַדאָוו אַריַין אין א צווייטער עקסטרעם און וויל אים דערהייבן צום ניוואָ פון יענער וועלט־אָנשויונג, וואָס איז דורכן וועלט־פּראָלעטאַריאַט אויסגעאַרבעט געוואָרן ערשט נאָך סטענדאַלס טויט. סטענדאַל איז געווען א מאַטעריאַליסט — אָבער זיַין מאַטעריאַליזם איז דער מעכאַניסטישער אופקלערערישער מאַטעריאַליזם פון 18־טן יאָרהונדערט. סטענדאַלס סוביעקטיוו־טעאָריעס זיַינען אין גרונט שוין אָנגעצייכנט בא מאָנטעסקיע. סטענדאַלס אַטעיִזם איז דער בורזשואַזער אופקלערונג־אַטעיִזם, און איז וויַיט פון דער קאָנסעקווענקיַיט פון פּראָלעטאַרישן קעמפערישן אַטעיִזם. אין אַזעלכע צופּוצונגען נייטיקט זיך ניט סטענדאַל און ניט די סאָציאַליסטישע קולטור.

מעכאַניש צוגעצויגן זיַינען אויך די „רוסישע" טיילן פונעם ראָמאַן — סיַי אין צוזאַמענהאַנג מיט 1812, סיַי אין שיַיכעס צו סטענדאַלס רוסישע באַקאַנטשאַפטן. אין סאַכאַקל שטייט ווינאָגראַדאָוו אין זיַינע אַרבעטן אַף קולטור־היסטאָרישע פּאָזיציעס. די סטירעס אין סטענדאַלס וועלט־אָנשויונג און שאַפן באַקומען ניט בא דעמדאָזיקן סטענדאַל־ווייסער, דעם טאַלמיד פון שוקע, קיין באַפרידיקנדיקע פאַרענטפערונג. אין א ריי אַריַינפירן געפינען מיר אָפט סטירעסדיקע, דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעכע מיינונגען און אַרויסזאָגונגען.

די מאַרקסיסטישע סטענדאַל־פאָרשונג איז נאָך ביז גאָר מאָגער. פריטשע האָט וועגן סטענדאַלן אַזוי גוט ווי ניט געשריבן. לונאַטשאַרסקי שטעלט אפילע ניט די פראַגע וועגן קלאַסן־מעהוס פון סטענדאַלס שאַפן (אַריַינפיר צו „רויט און שוואַרץ"). די לעצטע סאָוועטישע אַרבעט אַף דעם געביט, רעיִזאָווס, קלעפּט צו סטענדאַלן א יאַרליק — „סטענדאַל איז געקומען אין דער ליטעראַטור, ווי אַן אידעאָלאָג פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם" —

[1]) גאָר ברייט האָט ווינאָגראַדאָוו אויסגענוצט ביפראַט אַזאַרס סטענדאַל־ביאָגראַפיע.

אונ באַרוּיקט, צופרידנ גייט שוינ ווײַטער דער קולטור־היסטאָרישער טראפארעס. די פאָרמולע ווערט ניט פאנאנדערגעוויקלט, ווערט ניט דערוויזנ אונ אנטפלעקט אינ דער קינסטלערישער ספעציפיק פונ סטענדאלס שאפנ [1].

## 2. די עטאפנ פונעמ בורזשואזנ סטענדאל־רענעסאנס

די בורזשואזע ליט־פאָרשונג האָט פיל אופגעטאָנ אפנ געביט פונ דער סטענדאל־ביאָגראפיע, פונ דער סטענדאל־ביבליאָגראפיע, פונעמ סטענדאל־טעקסט. זי האָט פארצייכנט א ריי וויכטיקע מאָמענטנ צו דער כאראקטעריסטיק פונ סטענדאלנ—אונ גלײַכ געבליבנ שטיינ אָפּהענטיק פאר יענער אויסגעשפּראָכענער סתירהדיקייט, וואָס גייט אדורכ סטענדאלס אידעאָלאָגיע אונ שאפנ. אנ אויסדרוק־פאָרמ פונ אָט דער סתירהדיקייט איז, צ. ב. די פּראָבלעמ פונ רעאליזמ אונ ראָמאנטיזמ בא סטענדאלנ. פאר די פראנצויזישע רעאליסטנ פונ די 50־ער יאָרנ איז סטענדאל, ווי באלזאק, געווענ דער פאָטער פונ רעאליסטישנ ראָמאנ. מע וואָלט געקענט זאָגנ, אז צוליב באלזאקנ זײַנענ זיי אופמערקזאמ געוואָרנ אפ סטענדאלנ. אָבער שוינ זאָליא, צוטרעטנדיק ארבעטנ איבער די רוגאָנ־מאקארס, קאָנ ניט פארשטיינ, וויאַזוי ט ע נ רעדט גלײַכצײַטיק מיט צושטימונג וועגנ אזעלכע צוויי פארשיידענע שרײַבער, ווי פלאָבער אונ סטענדאל: „געבנדיק אנ אייצע ארבעטנ אינ דער פארסאכאקלענדיקער מאניער אונ באגײַסטיקנדיק פ ל אָ ב ע ר נ דערפאר, וואָס ער ארבעט אינ דערדאָזיקער מאניער, בלײַבט ט ע נ געטרײַ זײַנ סוויוע־טעאָריע; פונ דער אנדערער זײַט, כאראקטעריזירט ער ס ט ע נ ד א ל נ, ווי א „באדײַטנדיקנ שרײַבער", בעשאס סטענדאל האָט געשאפנ פערזאָנענ־אויסנאמענ, וואָס רעזיומירנ, אויב איר ווילט, די עפּאָכע אָדער דאָס לאנד, נאָר וואָס טײַלנ זיכ אויס אפ יעדנ פאל פונ האמוינ". (זאָליאס אלע ווערק, רוסישע אויסגאבע, 1928, ערשטער באנד, 409).

דער בורזשואזער סטענדאל־רענעסאנס, דער בורזשואזער סטענדאל־קולט איז דער רעזולטאט פונ עטלעכע עטאפנ פונ בורזשואזנ געדאנק, אונ איז מעמילע ווײַט ניט איינהײַטלעכ. פארשיידענע ליטערארישע שולנ, וואָס האָבנ אויסגעדריקט פארשיידענע עטאפנ פונ בורזשואזער קונסט, האָבנ ארויסגערוקט אינ פאָדערגרונט אָפּט אינגאנצנ קעגנזײַצלעכע עלעמענטנ פונ סטענדאלס שאפנ,—דערמיט אָבער נאָכ קלאָרער געמאכט די עצמ סתירהדיקייט פונ סטענדאלס קונסט. עס הויבט זיכ אָנ אנ ערעכ זינט דיוראנטיס זשורנאל „רעאליזמ" (1856—1857); סטענדאל גייט דאָ אפ באלזאקס בוקסיר. דידראָ אונ רעטיף דע לא ברעטאָנ, באלזאק אונ סטענדאל ווערנ ארויסגעשלעפט פונ ארכיוו, ווי מעכטיקע טאראנענ קעגנ דער ראָמאנטישער פעסטונג—קעגנ הוגאָ, לאמארטינ, גאָטיע, מיוסע. דידראָזיקע טראדיציע האלט אָנ נאָכ 1870 דער נאטוראליזמ—דער קלײנבירגערלעכער וואריאנט פונ רעאליזמ. נאָענט צו דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ שאפט שוינ די ליטערארישע דעקאדאנס א נײַ בילד פונ סטענדאלנ—א פּסיכאָלאָגיזירנדיקנ סטענדאל, אנ אימפּרעסיאָניסטישנ סטענדאל, אנ עלעגיש־מידנ, געעלטערטנ סטענדאל, אונ ווי סטענדאלס מײַסטערווערק ווערט איצט פּראָקלאמירט די עלעגישע אויטאָביאָגראפיע „אנרי ברוליאר". סטענדאל

---

[1]) Французский реалистический роман XIX века. Сборник статей под. ред. В. А. Десницкого. 1932. Стр. 11-45.

איז איצט א לאָזונג אין קאַמף קעגן „דער שווערער געבײַדע פון פלאַבערן, קעגן די אָראַסטאָרישע סיסטעמאַטיזאַציעס פון טענען" (Lalou, 646). די ניטשע־מאָדע באַגריסט אין סטענדאַלן דעם דיכטער פון „א מאָראַלישע" געשטאַלטן, פון העלדן, וואָס שטייען „פון יענער זײַט פון גוטס און שלעכטס"; די נאָכמילכאָמעדיקע גויסעסדיקע בורזשואַזע וועלט, זעט שוין אין סטענדאַלן אן אָנזאָגער פון פרוידן, די פּראָבלעם סטענדאַל ווערט שיר ניט פאַרוואַנדלט אין אן „עדיפּ־קאָמפּלעקס", סטענדאַלס פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז ווערט טראַנספאָרמירט אין פרוידיסטישן פּסיכאָ־אַנאַליז.[1]

אזוי אַרום האָט זיך געביטן און פאַרוואַנדלט סטענדאַלס געשטאַלט מיט דער עוואָלוציע פון בורזשואַזן געדאַנק. סטענדאַלס גורל בא דער בורזשואַזיע איז געוואָרן דער שפּיגל פון דער שקיִע פון דער בורזשואַזער ליטעראַטור. אָבער בא אַלע גילגולים איז געבליבן א געוויסע קאָנסעקווענטקײַט אין דער בורזשואַזער אָפּשאַצונג פון סטענדאַלן: עס איז פאַרשוויגן געוואָרן, אויסגעהוילט געוואָרן סטענדאַלס פּראָטעסטאַנטישקײַט, בונטאַרישקײַט, זײַן מאַטעריאַליזם, זײַן אַטעיִזם. דער בורזשואַזער רעאַליזם האָט אין אים געשאַצט די וויסנשאַפטלעכע מאַניר פון זײַן אַנאַליז; דער דעקאַדאַנס האָט דערין געזען בלויז אַנאַליז לשמו אַנאַליז, גריבלערײַ אָן קאָנסעקווענצן, קונסט צוליב קונסט, אַריסטאָקראַטישן אינדיווידואַליזם; די לעבעדיק־פוילנדיקע הײַנטיקע בורזשואַזיע פאַרוואַנדלט סטענדאַלן אין א פּסיכאָפּאַט, א מאַניאַק, זעלבסט־מיסטיפיקאַטער.

די סטירעס פון סטענדאַלס שאַפן האָבן מעגלעך געמאַכט די ברייטע גאַמע פון זײַנע ירושע־מעגלעכקײַטן אין דער בורזשואַזער וועלט. די דאָזיקע סטירעדיקײַט האָט די בורזשואַזע פאָרשונג ניט פאַרענטפערט. אין בעסטן פאַל איז זי געבליבן בא דער קאָנסטאַטאַציע. בראַנדעס גלידערט אײַן סטענדאַלן אין דער ראָמאַנטישער שול. אזוי אויך ליאַנסאָן. לויט וועסעלאָווסקין איז ער א רעאַליסט, אזוי אויך לויט דער מיינונג פון א ריי אַנדערע פאָרשער. צווײַג ווייסט שוין, אַז מען קאָן ניט אָפּטיילן סטענדאַלן דעם ראָמאַנטיקער, פון סטענדאַלן דעם רעאַליסט, אַז עס איז א קעסיידערדיקע פעסט־צוזאַמענגעשמידטע סטירעסדיקע אײנהײַט. ער דערקלערט עס (ווי אַסאַך אַנדערע סטענדאַל־פאָרשער) מיט ביִאָגראַפישע סיבעס: פונעם פאָטער ירשנט סטענדאַל זײַן ניכטערן רעאַליזם, פון דער מוטער זײַן טרוימערישן ענטוזיִאַסטישן ראָמאַנטיזם[2]. בא ווינאָגראַדאָוון איז דער איניען אויך ניט קלאָר. דאָ הייבט ער אָן מיט ענערגישע פּראָטעסטן קעגן דער סטענדאַלישער ראָמאַנטיזם־לעגענדע (נאָכוואָרט צו די כראָניקעס, 1923), דאָ מאַכט ער זי פאַרן אויסגאַנג־פּונקט אינעם אַנאַליז פון „אַרמאַנס". אײניקע פאָרשער צעפּירן סטאַם מיט די הענט, און ווייגאַנד דערקלערט, אַז „סטענדאַל איז די צומייסטן פלאָנטערדיקע נאַטור אין דעם דעמאָלטיקן פראַנקרײַך, און אפילע אין גאַנץ אייראָפּע", אַז סטענדאַל איז „א יאַקאָבינער לויט דער נייגונג און טאַלאַנט, א דילעטאַנט און עפּיקורייער—צוליב דער באַדערפעניש אין שײנקײַט, א פּאָעט און ליבהאָבער—צוליב דער אינווייניקסטער נויטווענדיקײַט, אן אָבסערוואַטער און דענקער—ווי א מענטש פון 18-טן יאָרהונדערט, אן אָנהענגער פון לאָגיק—און א פאַרערער

---

[1]) אזוי צ. ב. שרײַבט פאָול וויגלער אין דער דײַטשישער „ליטעראַרישער וועלט" 1933, נום. 3, אַז סטענדאַלס שאַפן ווערט קעסיידער דאָמינירט דורך א „מינדערווערטיקײַט־קאָמפּלעקס".

[2]) „סטענדאַל... וואַקלט זיך דאָס גאַנצע לעבן צווישן דער מוטערס און דעם פאָטערס ירושע, צווישן ראָמאַנטיק און רעאַליזם", ז. 142.

פונ שיינקײַט. א ראָמאַנטיקער מיט א רעאַליסטישער טענדענצ, שעמעוודיק אונ דרייסט צײַיש אונ ביז גאָר עמפינדלעכ, אנ אויסלאַכער אונ אנ ענטוזיאַסט"...

די ריכטיקע לייזונג פונ דער פראָבלעם פונ די ראָמאַנטישע אונ רעאַליסטישע מאָמענטנ בא סטענדאלנ גיט אָבער א שליסל צו דער עצעם פראָבלעם סטענדאל, צו יענער איינהײַט פונ סטירעס, וואָס גייט אדורכ זײַנ ביאָגראַפיע, וועלט־אָנשויונג, שעפערישנ מעטאָד, קונסט.

## 3. סטענדאל אינעם פעריאָד פונ דער ערשטער אימפעריע.

וואָרעם שוינ צוטרעטנדיק צו סטענדאלס ביאָגראַפיע, צו די טרוקענע אויסערלעכע פאקטנ פונ זײַנ לעבנ, באגעגענע מיר א ריי סטירעס. דערדאָזיקער פראנצויזישער גרויסער שרײַבער האסט אונ פאראכט פראנקרײַכ. ער ווערט ניט מיד אומצאָליקע מאָל ריידנ מיט פאראכטונג וועגנ פראנצויזישע זיטנ, שטייגער, נאציאָנאַלנ כאראקטער, קונסט, פאָליטישנ לעבנ. אינ זײַנ טראקטאט וועגנ ליבע רעדט ער פיל מאָל בייז וועגנ יענע פאָרמעס, וואָס די ליבע נעמט אָנ אינ פראנקרײַכ. ער פארענדיקט דעם בוכ מיט דער גלענצנדיקער סאר־קאסטישער דערציילונג „א מוסטער פונ ליבע אינ פראנקרײַכ אינ דעם רײַכנ קלאס". אינ זײַנ געשיכטע פונ דער מאָלערײַ אינ איטאליע פלעכט ער ארײַנ אומצאָליקע אָנפאלנ אפנ פראנצויזישנ געשמאק, אפ דער פראנצויזישער קונסט. אינ זײַנע ראָמאנענ געפינענ מיר וידעראמאָל אפ שריט אונ טריט איראָנישע באמערקונגענ אונ פאראכטלעכע נאָטיצנ וועגנ פראנצויזישנ שטייגער אונ זיטנ. דעמ „פארמער קלויסטער" עפנט ער מיט א איראָנישער האקדאָמע, ווו ער אנטשולדיקט זיכ פאר זײַנע איטאליענישע העלדנ, וואָס זײַנענ ליידער אינגאנצנ אנדערש, ווי די פראנצויזנ—די לעצטע „האָבנ ליב געלט מער ווי אלצ אינ דער וועלט אונ זינדיקנ קיינמאָל ניט אינ נאָמענ פונ האס אָדער ליבע". די פראנצויזנ זײַנענ „פוסטע באלגײַוועס" [1]). פראנקרײַכ איז „די מיעסטע לאנד אינ דער וועלט, וואָס די גאראָנים רופנ דאָס שיינע פראנקרײַכ". דער פאריזער איז וויציק, אָבער פלאַכ: „וואָס קאָנ זײַנ מער קאָמיש, ווי צוצושרײַבנ טיפקײַט דעמ פאריזער כאראקטער". ער שרײַבט אונטערנ דײַטשישנ פסעוודאָנים סטענדאל (עפשער, ווײַל אינ דערדאָזיקער פרײַסישער שטאָט איז געבאָרנ געוואָרנ דער קונסט־היסטאָריקער ווינקעלמאנ). זײַנ אידעאלע לאנד איז איטאליע: ער רעדט באגײַסטערט וועגנ איטאליענישנ כאראקטער, וועגנ איטאליענישנ לאנדשאפט, פארטיפט זיכ אינ איטאליענישנ רענעסאנס, סטיליזירט קינסטלעריש אלטע איטאליענישע כראָניקעס, שרײַבט ראָמאנענ אונ נאָוועלנ פונ איטאליענישנ לעבנ, רײַזע־באשרײַבונגענ, ווערט דער היסטאָריקער פונ איטאליענישער מאָלערײַ, שרײַבט אָפהאנדלונגענ וועגנ דער איטאליענישער פאָעזיע פונ אָנהייב 19־טנ י. ה., איז פארליבט אינ איטאליענישער מוזיק (טשימאראָזא, ראָסיני). עס דערגייט דערצו, אז ער קוקט אפ זיכ, ווי אפ אנ איטאליענישנ בירגער, ווי אפ א מילאנער. אפ זײַנ מאצייווע הייסט ער אויסקריצנ: „אריגאָ בייל, מילאנעזע". לויט צווײַגנ איז עס „א רעקאָרד פונ ליגנערישקײַט" (111), סטענדאל דער־קלערט עס אָבער פאָשעטער אונ טיפער: „איכ האָב פײַנט גרענאבל, איכ בינ געקומענ אינ מילאנ מײַ 1800, איכ האָב ליב דידאָזיקע שטאָט. דאָ האָב איכ געפונענ די גרעסטע פרייד אונ די גרעסטע יעסורימ, דערהויפט דאָס, וואָס שאפט פאָטערלאנד—איכ האָב דאָ געפונענ

[1]) סטענדאל רעדט קעסיידער וועגנ „פוסטער גײַווע", (Vanité) ווי א גרונטשטריכ פונעם פראנצויזישנ כאראקטער. וועגנ אָט דער פראנצויזישער Vanité פארגל. אויכ מארקס מיינונג, ב. XXIV ז. 425.

די ערשטע פריידן מײַנע. דאָ וויל איך פארברענגען מײַן עלטער און שטארבן". (סוועניר דיעגאָטיזם, 1893, 68). און גלײַך א פאָר שורעס ווײַטער גייט אַן אויסגעשריי פול האס קעגן פראנקרײַך און פאריזש: „דערהויפט וויל איך ניט האָבן קיין שום אנדערע מאצייווע, גאָרניט פאריזעריש, גאָרניט וואָדעווילִיש, איך האס, עס שוידערט מיך פון אָט דעם זשאנר. איך האָב עס נאָכמער געהאסט 1821. דער פראנצויזישער גײַסט, וועלכן איך האָב געפונען אין די טעאטערן פון פאריזש, האָט דערפירט מיך ביז צום אויסשרײַען גאנץ הויך: קאנאליעס! קאנאליעס! קאנאליעס!" (עס איז דער געשריי אויך פון זשיוליען סאָרעל אין „רויט און שווארץ").

סטענדאל גיט גענוג שטאָף צו אורטיילן וועגן די סאָציאלע וואָרצלען סײַ פון אָט דער ליבע צו איטאליע, סײַ פון אָט דער סינע צו פראנקרײַך, — קלאָר צו מאכן, וואָס פאר א פראנקרײַך האָט ער געהאסט, וואָס האָט ער ליב געהאט אין איטאליע. אין זײַן אויטאָ־ביִאָגראפיע „דאָס לעבן פון אנרי ברוליאר", געשריבן 1832—1836, אנטפלעקט ער פאר אונדז א טרויעריק בילד פון זײַן קינדהײַט. ער וואקסט אין א פארמעגלעכער בורזשואזער מישפּאָכע אין גרענאבל (לויט סטענדאלן איז עס אפילע גרויס־בורזשואזיע), וואָס ציט זיך צו דער פעאָדאלער אריסטאָקראטיע, איז ענג פארבונדן מיטן קלער, איז טויט־לאנגווײַליק, צוויִעסדיק. אין די רעוואָליוציע־יאָרן איז זי אויסגעשפראָכן קאָנטער־רעוואָליוציאָנער. א סימפאטישע פיגור איז דער זיידע, דער וואָלטעריאנער — איז ער אָבער אלט, מיד, מאכט־לאָז און פאסיוו, און אויך ער פארורטיילט די רעוואָליוציע. און ווי איזאָלירט זאָל ניט זײַן דער יונגער בייל פון דער גאס, פונעם לעבן ארום, פון כאוויירים, — די רעוואָליוציע שפאנט ארום מיט אײַזערנע שריט, און איר דונערנדיקע שטים דערגייט אויך צו אים. זײַן סימפאטיע איז אפ דער זײַט פון די יאקאָבינער. בעשאסן פראָצעס פון קיניג, 1793, ווען זײַן מישפּאָכע שיט מיט זילזולים אפ די פאריזער רעוואָליוציאָנערן, זיצט אין א ווינקל דער צעניאָריקער יִינגל און טראכט אינדערשטיל: „איך האָף, אז דער פארעטער וועט ווערן געטויט" (108). ער נוצט אויס שפעטער א געלעגנהײַט און גאנוועט זיך ארײַן אין יאקאָ־בינישן קלוב אפ א פארזאמלונג. ער ווערט אנטוישט: „מע האָט געבעטן דאָס וואָרט און גערעדט מיט אסאך אומאָרדענונג. מײַן זיידע וואָלט זיך אויסגעלאכט פון זייער ארט ריידן. מיר האָט זיך גלײַך אויסגעדוכט, אז מײַן זיידע איז געווען גערעכט, דער אײַנדרוק איז ניט געווען גינסטיק, איך האָב געפונען שוידערלעך־וווּלגאר דידאָזיקע מענטשן, וואָס איך האָב געוואָלט ליב האָבן" (154). סטענדאל טײַטשט עס אויס מיט „יענעם אריסטאָקראטישן געשמאק, וועלכן ס'האָט אין מיר אײַנגעפלאנצט מײַן מישפּאָכע — א פעלער, וואָס איז בא מיר אדהאיעם געבליבן" (49).

און דאָך זײַנען זײַנע יִינגלשע סימפאטיעס געבליבן בא די יאקאָבינער. ער האָט גע־האט פארגעניגן, פארצייכנט ער, ווען מע האָט אין 1794 גיליאָטינירט אין גרענאבל צוויי גאלאָכים — „די איינציקע בלוט, וואָס דער טעראָר האָט פארגאָסן אין גרענאבל". „ערגער נאָך — גיט ער צו — איך האָב נאָך אין יאָר 1835 ליב אָט די מענטשן פון 1793" (זײַט 159)

ער רײַסט זיך מיט אלע קויכעס פון דער ענגער היים, פון דער שטיקנדיקער פראָווינציעל־בורזשואזער בלאָטע. ער לערנט אײַפעריק מאטעמאטיק, האָפנדיק אזוי ארום אָנקומען אין דער פאריזשער פאָליטעכנישער שול. און ווען ער רײַסט זיך ארויס אין יאָר 1799 איז פאריזש, לייגט ער אָפ פון טאָג צו טאָג דאָס אָנקומען אין דער הויכשול. ער האָט דאָך געמיינט ניט די שול, נאָר פאריזש, ד. ה. פרײַהײַט, אויס גרענאבל, אויס די צוויִעסדיקע, טעמפע שטוביקע אטמאָספער.

אונ אָט איז ער א האלב יאָר אינ פאריזש. אנטוישונג, אײנזאמקײַט, גרויקײַט פונ לעבנ. ער איז אָנגעקומענ אינ פאריזש צומאָרגנס נאָכ נאפאָלעאָנס 18־טנ ברימער. ער בלאָנקעט ארומ אײנזאמ אינ דער גרויסער שטאָט: „כ׳דערמאָנ זיכ די טיפע לאנגווײַליקײַט פונ די זונטיקס—אָט אָ דאָס איז, אלזאָ, פאריזש, ווו איכ האָב אזוי געשטרעבט! דאָס פעלנ פונ בערג אונ וועלדער האָט געדריקט מײַנ הארצ... אלע מענטשנ האָבנ מיר אויסגעזענ אזוי פראָזאיִש". (272) ער כאָלעמט שוינ וועגנ א ליטערארישער קאריערע, שטודירט פלײַסיק וואָלטערנ אונ אריאָסטנ, דרייט זיכ ארומ זײַנע רײַכע קרוווימ די דאריוס, הויכגעשטעלטע באאמטע בא נאפאָלעאָנענ—אונ מיט פרייד רײַסט ער זיכ ארויס מיט זיי מײַ 1800 אינ דער איטאליענישער קאמפאניע. „ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ די גליקלעכע צײַט פונ מײַנ לעבנ. דאָס האָט געקאָנט זײַנ דער 8־טער אָדער 10־טער מײַ 1800. דאָס הארצ קלאפט מיר נאָכ איצט, באשרײַבנדיק דאָס, 32 יאָר שפעטער"... (281).

אזוי ארומ איז איטאליע, מילאנ, דאָס לאנד פונ סטענדאלס יוגנט־גליק. נאָכ דער גרויקײַט פונ דער גרענאָבל־היימ, נאָכ דער פראָזאיִשקײַט פונ פאריזש האָט איטאליע א שלאָג געטאָנ אפ אימ מיט פרײַהײַט, גליק, לעבנ פארבנ. צווײדײַטיק איז די ראָלע פונ נאפאָלעאָנענ: ער איז אי דער היטער פונ אײניקע דערגרייכונגענ פונ דער רעוואָליוציע, אי איר שטיקער. אינ פראנקרײַכ האָט ער 1799 באדײַט דעמ סאָפ פונ דער רעפובליק, אינ איטאליע אינ דערזעלביקער צײַט—דעמ סאָפ פונ פעאָדאליזמ. די יוגנט־שטימונגענ פונ בײלנ, דעמ דראגונער פונ 6 טנ פאָלק, גיסנ זיכ דאָ צונויפ מיט די געפילנ פונ א פאָלק, וואָס האָט אראָפגעוואָרפנ פונ זיכ דעמ שווערנ יאָכ פונ פעאָדאליזמ. 40 יאָר שפעטער וועט עס סטענדאל אויסדריקנ קינסטלעריש אינ דעמ טיפ־פאטעטישנ ארײַנפיר צומ „פארמער קלויסטער", „מילאנ אינ יאָר 1796", ווו ער באזינגט „די עפאָכע פונ ניט פאָרויסגעזעענעמ גליק אונ שיקרעס". „דאָס אוועקגײנ פונ לעצטנ עסטרײַכישנ פאָלק האָט באדײַט דאָס פאלנ פונ די אלטע אידייענ; עס איז ארײַנ אינ מאָדע ריזיקירנ מיטנ לעבנ... צוליבנ אײפערדיקנ דעספאָטיזמ, וואָס האָט געדויערט זינט די צײַטנ פונ קארל דעמ 5־טנ אונ פיליפ דעמ 2־טנ, זײַנענ די לאָמבארדער געווענ פארזונקענ אינ טיפער פינצטערניש; זיי האָבנ אראָפגעוואָרפנ זײערע סטאטועס אונ פלוצלונג דערפילט זיכ באגאָסנ מיט ליכט".

אונ ביכדיי עס זאָל ניט בלײַבנ קײנ שומ וואָלקנדל אפ דידאָזיקע מיט זונ באגאָסענע מילאנער פרײַהײַט־טעג, טראָגט אריבער סטענדאל די איבערלעבענישנ אונ שטימונגענ פונ 1800 אפ דער צײַט פונ נאפאָלעאָנס ערשטער איטאליענישער קאמפאניע, אפ 1796. א דערקלערונג דערצו געפינענ מיר אינ זײַנ האקדאָמע צו דעמ „לעבנ פונ נאפאָלעאָנ": „דאָס איז עפשער געווענ נאפאָלעאָנס שענסטע קאמפאניע. אינ יאָר 1797 האָט מענ אימ געקאָנט ליב האָבנ מיט לײַדנשאפט אונ אָנ באוואָרענישנ; ער האָט נאָכ ניט צוגעגאנוועט די פרײַהײַט בא זײַנ לאנד; זײַנ יאָרהונדערטער האָט זיכ ניט באוויזנ אזא גראנדיִעזע דערשײַנונג" [1]

אינ איטאליע פארברענגט סטענדאל אינ אָט דעמ פעריאָד קוימ אָנדערהאלבנ יאָר, פונ מײַ 1800 ביז דעקאבער 1801. ער נעמט אָנטייל אינ אײניקע שלאכטנ, דערנאָכ הויבט זיכ אָנ א גרויער גארניזאָנ־לעבנ אינ דערפער אונ שטעטלעכ. ער האָט שוינ זאט דעמ מיליטער־לעבנ, אונ שוינ דאנ, ווײַזט אויס, אנטשטײט יענע קריטישע באציִונג צומ מילכאָמע־לעבנ, וואָס קומט צומ אויסדרוק אינ דער פארניכטנדיקער פראָזע פונ דער וואטערלאָ־שילדערונג אינ „פארמער קלויסטער". ער טרעט ארויס פונ מיליטער, באזעצט זיכ אינ

---

1) Stendhal. Vie de Napoleon. Ed. Calmann—Levy. p. XIII.

פאריזש (1805—1802), און ס'הויבן זיך אָן זײַנע אײגנטלעכע לערניאָרן. ער באשליסט ווערן א שריפטשטעלער, א דראמאטורג, און נעמט זיך דערצו ערנסט און מיט אן אײַזער־נער ענערגיע. ער שטודירט די פראנצויזישע קלאסיקער, שרויבט פאנאנדער זייער שאפן, זוכנדיק דעם סאָד פון דראמאטישער קונסט, קימאט יעדן אָוונט פארברענגט ער אין טעאטער און שטודירט, טראכט דורך די סצענישע קונסט; דעם שפּילן פון די דעמאָלטיקע בארימטע ארטיסטן, לערנט אליין די שוישפּיל־קונסט, דרייט זיך ארום אין די אקטיאָרן־קרײַזן און פארליבט זיך, סאָפּקאָלסאָפּ, אין אן אקטריסע. איר צוליב וועט ער א קנאפּן יאָר (1806־1805) פארברענגען אין מארסעל און ארבעטן ווי אן אָנגעשטעלטער אין א באַ־קאליי־קראָם. די פאריזשער יאָרן זײַנען גלײַכצײַטיק יאָרן פון ארבעט איבער די גרויסע אופקלערער און מאטעריאליסטן פון 18־טן י. ה., קאָנדיליאק, העלוועציוס, קאבאניס, טראסי, האָבס און אנד. זײַן ליבלינג־לעקטור איז ביפראט האָבסנס „וועגן דער מענטש־לעכער נאטור”, העלוועציוסעס „וועגן גײַסט”, טראסיס „אידעאָלאָגיע”, קאבאניסעס „וועגן דער באציִונג פון פיזישן און מאָראלישן”. אין זײַנע בריוו צו דער שוועסטער (1805) ווערט ער ניט מיד קעסיידער איר רעקאָמענדירן און פראָפּאגאנדירן דידאָזיקע ווערק. „טראכט טאָמיד וועגן די בארימטע פינף: טראסי־העלוועציוס־דיוקלאָ־וואָווונארג־האָבס. „זוך טאָמיד האָבסנס „וועגן דער מענטשלעכער נאטור” און לייען עס, וועגן דו וועסט נאָר האָבן א געלעגנהײַט”. „צי לייענסטו די „אידעאָלאָגיע”? אויב ניין, טו עס וואָס גיכער”. (סוּוועניר דעגאָטיזם, 191—192). סטענדאל איז זײַן גאנצן לעבן געבליבן געטרײַ דער מאטעריאַליס־טישער און אטעיִסטישער פילאָסאָפיע פונעם 18־טן יאָרהונדערט און פון איר געיארשנט די לײַדנשאפטלעכע סינע צו רעליגיע און קלער, צו מאָנארכיזם, דעם סענסואליזם אין דער פסיכאָלאָגיע, דעם אוטיליטאריזם אין דער מאָראל־לערע.

וואָס זײַנען די וואָרצלען פון אָט דעם קער פון דעם יונגן סטענדאל צו דער רעוואָ־ליציאָנערער פילאָסאָפיע פון 18־טן יאָרהונדערט? זי איז גראָד ניט געווען פּאָפּולער אין פאריזש אין די יאָרן 1802—1805. ארום האָט געווילדעוועט א מיליטעריש־פּאָליציייִשע דיקטאטור. נאפּאָלעאָן האָט אויסגעלאכט און זיך איזדעקעוועט איבער די „אידעאָלאָגן”, ווי ער האָט גערופן די מאטעריאליסטישע פילאָסאָפן. ער האָט פארבאָטן די צײַטונגען דערמאָנען די ווערק פון קאבאניס און טראסי[1]). עס איז אָקאָרשט געשלאָסן געוואָרן דער קאָנקאָרדאט מיטן פויפּסט. 1804 האָט סטענדאל זיך צוגעקוקט צו נאפּאָלעאָנס קרוינונג־פּראָצעסיע.—„צוערשט דער קרייץ פון פויפּסט, שפּעטער דער פויפּסט, און אָנדערהאלבן שאָ שפּעטער—דער קייסער אליין”. נאפּאָלעאָן האָט עגדגילטיק אראָפּגעוואָרפן דעם פּײַגנבלאט פון קאָנסולאט. עס קריכן ארויס פון די לעכער די טרובאדורן פון דער רעאקציע—באָנאלד, שאטאָבריאַנ. 1801 דערשײַנט שאטאָבריאנס „אטאלא”, 1802—זײַן „גײַסט פון קריסטנטום”—עס פײַערט טריִומפן די קאטוילישע רעסטאווראציע. די פראנצויזישע בורזשואזיע גיט איצט אָפּ אײַליק אין ארכיוו די אופקלערערישע פילאָסאָפיע פון 18-טן יאָרהונדערט. זי האָט שוין אָפּגעטאָן איר ארבעט, דער נעגער קאָן שוין גיין.

סטענדאלס קער צו דער מאטעריאַליסטישער און אופקלערערישער פילאָסאָפיע פון 18-טן יאָרהונדערט איז ענג פארבונדן מיט זײַנע דעמלטיקע ראדיקאלע פּאָליטישע פּאָזיציעס[2]).

[1]) פארגל. סטענדאלס קאָרעספּאָנדענץ, ב. I, ז. 236.

[2]) סטענדאלס שפּעטערדיקע נעטרײַשאפט צו דער אופקלערערישער פילאָסאָפיע פון XVIII י.ה. איז אויך פארבונדן מיט זײַן אויסגעשפּראָכן קריטישער באציִונג צו דער רעסטאווראציע און צו דער יול־מאָנארכיע.

גרויסע מאסן קליינבירגערטום האָבן זיך דאן געפילט אנטוישט, אָפּגענארט, באגאנוועט. אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען קעגן נאפּאָלעאָנען האָבן זיך ביפראט געלאָזט פילן אין דער ארמיי, דאן נאָך שטארק דעמאָקראטיש. אסאך קאָמאנדירן, וואָס זיינען ארויס פון פאָלק, האָבן געציטערט פארן באנייען די אריסטאָקראטישע פּרעראָגאטיוון און ראָגאטקעס אין דער ארמיי, און האָבן קעגן נאפּאָלעאָנען, דעם פריש־געבאקענעם קייסער, ארויסגערוקט דעם רעפּובליקאנישן גענעראל מאָראָ.

סטענדאל איז אין אָט דעם פעריאָד אויסגעשפּראָכן רעפּובליקאניש, אויסגעשפּראָכן קריטיש געשטימט קעגן נאפּאָלעאָנען. אין קרוינונג־טאָג פארשרייבט ער אין זיין טאָגבוך: „איך האָב אסאך געטראכט דעמדאָזיקן גאנצן טאָג וועגן אָט דעם אזוי באשייַנפערלעכן בונד פון אלע שארלאטאנעס. די רעליגיע פארהייליקט די טיראניע, און דאָס אלץ אין נאָמען פון גליק פון מענטשן. איך האָב זיך געשוועוקט דעם מויל לייענענדיק אביסל די פּראָזע פון אלפיער!“. (טאָגבוך, אויסגאבע 1888, 99[1]). אין יאָר 1905 פארצייכנט ער אין זיין טאָגבוך: „מיינע אידעאלע און רעפּובליקאנישע פּרינציפּן: מיין האס קעגן דער טיראניע, (ד. ה. קעגן נאפּאָלעאָנען), די נאטירלעכע באַוועגונג צו דעמאסקירן די פאלשע „ערלעכע“ מענטשן, די נאטירלעכע און אָפּט שלעכט־וואלירטע אומגעדולד, וואָס עס רופט בא מיר ארויס די דורכשניטלעכקייט“ (דאָרט, 120). כע קאָן זיין, אז סטענדאל איז דאן פארבונדן מיט א רעפּובליקאנישן מיליטערישן קריַיז. אין זיין צוויטסן, אזויגערופענעם נעקראָלאָג (פון יאָר 1837) שרייבט ער אליין וועגן יענע פאריזשער יאָרן: „בייל האָט זיך גענומען שטודירן ביכדיי צו ווערן א גרויסער מענטש.... זיין לעבן איז אזוי אדורך זינט 1803 ביז 1,806 ניט פארטרויענדיק קיינעם ניט זיינע פּראָיעקטן, און פאראכטנדיק די טיראניע פון דעם קייסער, וואָס האָט צינגעגאנוועט די פרייהייט בא פראנקרייך. מאנט, א געוועזענער שילער פון דער פּאָליטעכנישער שול, האָט אים פארוויקלט אין א מין פארשווערונג צום גונסטן פון מאָראָ, אין יאָר 1804“. (דאָרט, ז. 472).

אין די שפּעטערדיקע יאָרן 1806–1814, ווערט דיראָזיקע אנטיפּאטיע צו נאפּאָלעאָנען, ווייזט אויס, אָפּגעשוואכט. סטענדאל פירט אויס פארשיידענע פונקציעס אין נאפּאָלעאָנס ארמיי, אין די עסטרייכישע און דייטשישע קאמפּאניעס, אין דער רוסישער קאמפּאניע פון 1812 — ווידער פארבלענדט אים נאפּאָלעאָנס מיליטערישער געני, ווידער רוקט זיך ארויס אין פאָדערגרונט נאפּאָלעאָן, דער „רייניקער פון די פעאָדאלע אוגי־שטאלן פון דייטשלאנד“ (ענגעלס), דער טראנספּאָרמאטער פון „פּערמאנענטן טעראָר אין פּערמאנענטער מילכאָמע“ (מארקס).

(פאָרזעצונג קומט).

---

[1]) Journal de Stendhal. 1801—1814. Paris 1888.

כ. דונעץ

# שמייכלען פון געזונטן איבערגעבורט

## (וועגן פ. סיטאָס און עליע קאַהאַנס שאַפן)

I

אין דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור (און ניט נאָר אין דער יידישער) איז פאַראַן א גאַנצע גאַלעריי פיגורן, וואָס זייער הויפּט-שטריך איז—סאָציאַלע דעפעקטיווקייט, פאַרטאָרמאָזירטקייט פון דעם סאָציאַלן געפיל. און זייער סאַמע פּראָגרעסיווער שטיפע האָבן א ביי בורזשואַזע און קליינבורגערלעכע שרייבער פון פאַר דער רעוואָליוציע געשילדערט רעמאַרזיקן מיט סאָציאַל-דעפעקטיווע, מיט דער טענדענץ צו אויפהייבן זיי ביז א געוויסן גראַד אַקטיווקייט.

אָט זיינען א פּאָר ביישפּילן: פּערעץ איראָניזירט איבער „באָנטשע שווייג"— דעם דערשלאָגענעם סאָציאַלן מינימאַליזם, דעם פאַרשטויסענעם און פאַרטעמפּטן האָרעפּאַשניק, נאָר די איראָניע באַציט זיך מער צו באָנטשעס שווייגן, און צו זיין מינימאַליסטישער פּראָגראַם פון „א בולקע מיט פּוטער", ד. ה., צו דעם העלדס נעגאַטיווער נאַטור, ווי צו באָנטשעס גופע אַלס סאָציאַלן סימפּטאָם. בערגעלסאָן האָט געגעבן זיין „טויבן" ווי א סאָציאַל-פאַרשטויסענע פיגור, וואָס באַקומט א סטימול פאַר סאָציאַלן טעמפּעראַמענט און דראַנג בלויז בא דעם אויפשוווּנג פון פּלוטיק-ביאָלאָגישע אינסטינקטן. אויך בערגעלסאָן האָט מיטן מיטגעפיל מיט זיין „טויבן" פּערמאַגאַזיש, אָט איז בלויז דערווידער, וואָס בא די „טויבע" איז פאַרטאָרמאָזירט דער געפיל פון פּראָטעסט.

איך נעם די ביישפּילן פון פּערעץ און בערגעלסאָן, ווייל זייערע „שטומע" און „טויבע" זיינען טיפּיש דערמיט, וואָס זיי קומען ווי א קינסטלערישער רעפלעקס פון דער אָנוואַקסנדיקער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד, א רעפלעקס, וואָס האָט קרום אָפּגעשפּיגלט אין די מויכעס פון בורזשואַזע אינטעליגענטן די באַוועגקרעפטן פון דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע, אינטעליגענטן, וואָס האָבן געשטרעבט צו דער בורזשואַזן-דעמאָקראַטישער אָרדענונג און האָבן דערביי ניט געקענט ניט סימפּאַטיזירן מיטן דערוואַכטן סאָציאַלן טעמפּעראַמענט בא די מאַסן: אָן די הענט פון אָט די מאַסן האָט ניט געקענט אַראָפּגעשליידערט ווערן די מאָנאַרכישע דעספּאָטיע, פון וועלכער די בורזשואַזיע האָט זיך געראַפּט אַרויסצורייסן,—אָבער דערביי, בא די בורזשואַזן-דעמאָקראַטישע פאָדערונגען, זיינען זיי געבליבן, ווייטער זיינען זיי ניט געגאַנגען. דאָס דערקלערט די געזעצמעסיקייט דערפון, וואָס, ערשטנס, זיינען פּערעץ און דער פאַררעוואָליוציאָנערער בערגעלסאָן געגאַנגען אויך צום אָפּגעשטאַנענעם מאַסאָוון האָרעפּאַשניק און פון אים פאַרלאַנגט פּראָטעסט און, צווייטנס, וואָס דערהויפּטיקער דראַנג איז געווען פון בורזשואַזע פּאָזיציעס; און די ווערק פון אָט די שרייבער האָט עס באַקומען אַן אויסדרוק פון א מין סאָציאַלער פילאַנטראָפּיע, וואָס די בורזשואַזע אינטעליגענץ דריקט אויס צום אָרעמען, דערדריקטן פאָלק, נעבעך, צו וועלכן זי, די בורזשואַזע אינטעליגענץ, גייט אַראָפּ ווי א נאַווי און דערלייזער. אינטערעסאַנט, האָט דאָס אָבער, ווי געזאָגט, באַמיט די שטרעבונג נעמען אויפן בורזשואַזן בוקסיר די אָפּגעשטאַנענע מאַסן.

עס איז דעריבער ניטאָ וואָס צו באַוווּנדערן, ווען עס קומט אויס פּעסימיסטישעלן, אַז די צייכענונג פֿון די „מויבע" און „שטימע" איז בײַ אַזעלכע שרײַבער ווי פּערעץ און בערגעלסאָן (מע קען ברענגען נאָך בײַשפּילן, לעבאַלאַפּאַכעס—פֿון רייזינען און אַ ריי נאָוועלעס א. אַנד.), פֿאַרצויגן מיט אַ ווייכן פּליאַר פֿון זײַדענעם הומאַניזם, „אַלמענטשלעכער" ליבע—דעם געפֿיל מיט וועלכן די קעמפֿנדיקע בורזשואַזיע איז התחבנעדיגנען צו זיך און סמאַרעט זיך מיינען, אַז דאָס איז אַן אַלמענטשלעכער געפֿיל ווײַבאַלד ער איז נעגייוו אירע בורזשואַזע קלאַסן־אינטערעסן.

דאָ איז אַף אַן אָרט צו דערמאָנען ווי אַ שרײַבער פֿון אַן אַנדער קלאַסן־פֿאָרמאַציע, —ווי דער פּראָלעטאַרישער שרײַבער גאָרקי האָט קינסטלעריש פֿאָרמולירט דעם דראַנג צו סאָציאַלער אַקטיוויטעט בײַ דער וואַגאַבונדישער, אַנאַרכיש־דעקלאַסירטער שיכטונג אין דעם פּראָלעטאַריאַט. ער האָט אויך געגעבן אַן אָפּגעשטאַמענעם סאָציאַל־רעפּעקטיוון שיכט, דעם לומפּן־פּראָלעטאַריאַט—דעם „פּאַסיוון צעפֿוילונג־פּראָדוקט פֿון די נידעריקסטע שיכטן פֿון דער אַלטער געזעלשאַפֿט" („קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט"). ניט מיט פֿילאַנטראָפּיע איז אָבער גאָרקי געקומען צו אים, ניט ווי „מויבע" און „שטימע" ניט גאָרקי זײַן פּאַופּעריש־פּראָלעטאַרישן פּערסאָנאַזש, נאָר ווי אַ סאָציאַל־אַקטיוון, ווי אַזאַ פֿון וועלכן עס שיילט זיך אויס דער עלעמענט, וואָס ווערט „ערטערווײַז אַרײַנגעצויגן אין באַוועגונג דורך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע". (דאָרטן), ווי אַן איבערפֿולטן מיט דראַנג, מיט האָפֿענונג, מיט גרויסע אַבסאָליוט ניט באָהעמיש־שווענישע באַדערפֿענישן און פֿאָדערונגען—אַזאַ פּערסאָנאַזש, וואָס עס איז בלויז נויטיק אָרגאַניזירט און קאָלעקטיוויסטיש געמען אַנווענדן זײַן קראַפֿט, כדי אים אײַנשליסן אין דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. אַפֿילו אַזאַ טיפּ ווי קאַין (אין דער דערציילונג „קאַין און אַרטיאָם") איז ניט געשילדערט אָן אַ באַשטימטן לעבנס־דראַנג און אַ געוויסער ווונקנדיקער דערוואַכונג פֿון גײַסטיקע אינטערעסן.

די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז געקומען ווי אַ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. די רעשטן פֿון פֿעאָדאַל־צאַרישן רוסלאַנד זײַנען אַראָפּגעשווענקט געוואָרן פֿאַרבײַגייענדיק, די רעוואָלוציע האָט געפֿירט אַ פּרינציפּיעל נײַע אָרדענונג,—די אָרדענונג פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וואָס גייט ליקווידירן פּריוואַט־אייגנטום. בורזשואַזיש־דעמאָקראַטישע אילוזיעס זײַנען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דירעקטער קאָנטר־רעוואָלוציע, אין אַ קראַפֿט, וואָס שלעפּט די געשיכטע צוריק. די „שטימע" און „מויבע", ווידער, זײַנען אַרײַן אינעם אַקטיוון באַלאַנס פֿון די קלאַסן־קריגעס, זײַנען אויפֿגעשטאַנען צום קאַמף. עס איז אַוועק אין גאַנג די גאַנצע אַוואַנגאַרדישע מאַסע—דער פּראָלעטאַריאַט, עס זײַנען אונטער זײַן אָנפֿירונג און באַווירקונג אַוועק אין דער אַרבעט די גרויסע רעזערוון—דאָס אַרבעטנדיקע פּויערטום.

זײַנען נאָך געבליבן „מויבע" און „שטימע"? יאָ, זיי האָבן געהאַט אַן אָרט אויפֿן ערשטן עטאַפּ פֿון דער רעוואָלוציע, און דעם גאַנצן פּעריאָד ביזן סוף פֿון ערשטן פֿינפֿיאָר. דאָך זײַנען די סאַמע דעקלאַסירטע, די יידישע־רעשטן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿטלעכער „אינוואַלידן־הויז", די פֿאַרפֿירן; אויף אָט די עלעמענטן פֿאַלט אָפּט דער אידעאַליזירנדיקער בליק פֿון די הומאַניסטיש־געשטימטע מיט בורזשואַזער יידישע באַלאַסטיקטע קינסטלער און אַנדערע עפּאָכע, פֿון יענע קינסטלער, וואָס זעען ניט דעם וווּקס פֿון דעם גרויסן קאָלעקטיוו, וועלכער בויט די נײַע סאָציאַליסטישע אָרדענונג, פֿון די קינסטלער, וואָס פֿילן ניט מיט זייערע עלנבויגנס די שטײַפֿע ריי פֿון זיכערע סאָציאַליסטישע שלאָגלער—אָט אַזעלכע קינסטלער זוכן זיך אָפּ אַן אָביעקט פֿאַר זייער סאָציאַלער „מענטשלעכער" פֿילאַנטראָפּיע אין די שפּאַרונעס פֿון סאָוועטישן צוזאַמענלעבן און לאָדן אויף זייער קינסטלערישע ענערגיע און פֿאַנטאַזיע אידעאַליזאַציע־בילדער וועגן לומפּ. אַ שאַרפֿער מוסטער אין דעם זין איז לעאָנאָווס „גאַנעוו".

אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָט דערדאָזיקער הומאַניזם אַן אײַנגעאַרטיקן הענדלעריש־שטעטלדיקן קאָלאָריט. די שרײַבער אָפּערירן דאָ אָפֿטער מיט הענדלעריש־שטעטלדיקער אָרעמקייט, מיט פּאַגראָמירטע פּאַופּערן.

דערביי דערמאָנען מיר זיך די צייכענונגען פון דעם קינסטלער אקסעלראָד, ווען ער גיט דעם בלאָט-אָרעמען שטעטלדיקן טיפּאַזש—דעם שטעטלדיקן ייִדן, דעם ייִנגעלע, די שטעטלדיקע מיידל, דעם שטעטלדיקן פייזאַזש. אין אקסעלראָד'ס גראָע, אומעטיקע, קרענקלעכע צייכענונגען פון גראָע, אומעטיקע און קרענקלעכע מענטשן און לאַנגעם איז דאָ דער גרויסער „מענטשלעכער" (הומאַניסטישער) מיטגעפיל צו דער אָרעמער און אומבאַהאָלפענער שטעטל. דאָ גיי איך ניט געבן קיין כאַראַקטעריסטיקעס פון אקסעלראָדס שאַפן. בא מיר אין זיקאָרן איז בלויז חאָ דער איינדרוק פון זיינע אַרבעטן ביז די לעצטע יאָרן און מיר זעט אויס, אז אין זיי איז טיף פאַרצייכנט די צוגעבונדנקייט צום אלטן שטעטל, די ליבע צו איר פאַרפערישן טיפּאַזש, וואָס איז הילפלאָז און שוואַך און וועלכער איז סימפּאַטיש—אַזוי גלויבט אקסעלראָד—אין דער האַזיקער שוואַכקייט.

אקסעלראָד דער מאָלער איז ניט קיין צופעליקייט אָט מיט העכראַזיקער שטעטלדיק-הומאַניסטישער יאָרדיש-פעסימיסטישער „שול". דאָס איז א בילדערישע פיקסאַציע פון א פאַס שטימונגען און דער קונסט-שאַפונג פון יענע ייִדישע קינסטלער און שרייבער, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט די איינפלוסן און רעשטן פון נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע, קליינבירגערלעכע אידעאַלן אין דער ייִדישער אינטעליגענץ, אינעם פּעריאָד פון בירגערקריג און אפן ערשטן עטאַפּ פון סאָציאַליסטישער בויונג; פון די קינסטלער און שרייבער, וואָס האָבן אף יענעם עטאַפּ ניט געזען קיין אויסוועג פאַרן „איינהיימלעכן" „ייִדישן" שטעטל. אפן שפּעטערדיקן עטאַפּ פון מער פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף אין אונדזער לאַנד, האָבן מיר געזען ווי דעראַזיקער „הומאַניזם" צו א סאָציאַל-רעפעקטיוון שיכט, האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן אף די דורך דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור צעמאָלענע עקספּלואַטאַטאָרישע שיכטן (ג. לאָריע—„אונטערן דאַך", אווראָם קאַהאַן—„דער ווילנער גאָען האָט געזען", שעסטמאַנס דערציילונגען און א ריי אַנדערע). אזוי איז געווען די לאָגישע עוואָליוציע פון דעם בורזשואַזן הומאַניזם. חאָב איז געגאַנגען גלייכצייטיק מיט א צווייטער, „לינקער", אָבער פאַקטיש אויך אַנטי-פּראָלעטאַרישער, עקסטרעמקייט — די עקסטרעמקייט צו אָפּטרייסלען זיך פונעם שטעטלדיקן פּאַופּער („שטעטעלע, פאַרשווינד") און וואָס האָט אין די באַדינגונגען פון די ייִדישע מאַסן פאַקטיש ניט קיין קלענערע פּאַניק, וואָס קומט אונטערן דרוק פון די דעקלאַסירטע שיכטן, ווי דער ווייטיק פון די אָפּ-בורזשואַזע הומאַניסטן, מיטפּילגריקע פון די סאָרישע זעוו'ס. דאָס איז געווען די „לינקע" זייט פון דער בורזשואַז-הומאַניסטישער מאַמפּייע.

אלע באַזונדערע וואַריאַנטן פון דער אויבנכאַראַקטעריזירטער ייִדישער קליינבירגערלעכער קינסטלער- און שרייבער-גרופּע, זיינען זיך צונויפגעגאַנגען אין איין זאַך: זיי האָבן אלע אַפּעלירט און גענומען פון די „טויבע" און „שטומע". זיי האָבן זיך ניט געשטעלט אויבנאָן פון וועלכע עס איז אַקטיווע סאָציאַלע שיכטן, — אַזעלכע שיכטן האָבן זיי ניט געזען, ווייל פון דער בורזשואַזיע האָבן זיי ווייניק געקענט דערוואַרטן און צום פּראָלעטאַריאַט, ווידער, זיינען זיי ניט געגאַנגען. פאַר זיי האָט עקזיסטירט א „דורכויסיקע" שטעטלדיקע באַפעלקערונג-מאַסע, אָן יעטווידער אַנטאַגאָניסטישן באַליוס און קעגנערישע קלאַסן.

די סטרוקטור פון די „טויבע" און „שטומע" האָט געמוזט דורכלייזן א גרויסע ענדערונג אין דעם גאַנג פון אונדזער רעוואָלוציע. עס האָט זיך געענדערט די פּערספּעקטיוו פאַרן פּאַופּער,—זיין אַרומרינגלונג איז שוין ניט די אינוואַלידן-הויז. די שרייבער, וואָס האָבן בא אלע זייערע ניט אויסגעלעבטע פאַראורטיילן געשטרעבט באַנעמען דעם עמעס פון דער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע, האָבן גענומען באַמערקן איבערברוכן אין די „טויבע" און „שטומע" רעזערוון. בערגעלסאָן גיט אין זיין דערציילונג „איינעמס א וועג" פאַקטיש א נייע אויפלאַגע פון דעם „טויבן", וועלכער האָט שוין אָבער ניט צו טאָן מיטן באַלעגופישן „ביק"—דעם „ביק" האָט שוין די רעוואָלוציע איבערגעבראָכן די הערנער; דאָס איז שוין א „טויבער", וואָס טאַפּט אָן, כאָטש אינסטינקטיוו, א וועג צו דער אַרבעטער-רעוואָליוציע, צו אַקטיוון אָנטייל אין איר (בערגעלסאָנס פערסאָנאַזש אין דער דערציילונג „איינעמס א וועג" קומט אין דער רויטער אַרמיי אַריין). אַזאַ ווייטער

זײַנען געשטאַנען די פּראָלעטאַרישע שרײַבער. בײַ כאַריקן זעען מיר ווי די פּיניעס, ווי די שטעטלדיקע לײבעס (לײבע דער שמיד), שליסן זיך אַקטיוו אײַן אין דער רעוואָליוציע. אַזוי זעט אויך פעפער די שטעטלדיקע מאַסע. דאָס זעלבע — אַלבערטאָן און אַ רײ אַנדערע. בײַ אָט דער גרופּע שרײַבער איז דער פּאַופּער און דעקלאַסירטער ניט קײן קאַנווע פאַר הומאַניסטישע טראַכטענישן, נאָר פאַר זײ זײַנען עס שפּיגלען פון די פּראָצעסן פון סאָציאַליסטישער בויונג, שפּיגלען פון קלאַסן-דערוואַכונג, פון אַקטיוויזאַציע אין די מאַסע אָפּגעשטאַנענע-סטע רעזערוון פון דער רעוואָליוציע. פאַר אָט די שרײַבער איז דער שטעטלדיקער דעקלאַסירטער, צעשטויבטער און פּאַופּע-ריזירטער שוין ניט קײן אַלײניקער, זעלבסט-עקזיסטירנדיקער, נאָר אַ שיכט, וואָס ווערט באַשווענקט פון גרויסע פּאָר-געשריטענע גרונט-קלאַסן אין דער רעוואָ-ליוציע, וואָס ווערט שטענדיק באַווירקט דורך די קלאַסנקאַמפן אין לאַנד. זײ זעען דעמאָלט שוין אין דעם גאַנצן קאָמ-פּלעקס פון חאָס אַלגעמײנע בײַ אונדז אין לאַנד, בײַם פאַרן הומאַניסטישן און נאַציאָ-נאַליסטישן אינטעליגענט איז דאָס שטעטל מיט אירע דעקלאַסירטע אידעאַלירט און אַלײניק-הערשנדיק אין איר עקזיסטענץ.

דער פּעריאָד פון פינפיאָר האָט גע-מאַכט אַ גוואַלדיקע ענדערונג אין די „טוי-בע" און „שטומע" שיכטן. דער פּאַופּעריזם איז ליקווידירט געוואָרן. ניט שטאַנדהאַפ-טיקײט, פּערספּעקטיוולאָזיקײט, כראָנישע אַרבעטלאָזיקײט — דאָס איז געוואָרן ליקווידירט. די גרונט-מאַסן „טויבע" און „שטומע" (פּעשוס אויפן ניט די זעור'ס, וועלכע ווערן צוגעפּאַרט ווי „דעקלאַסירטע"), זײַנען אַרײַן אינעם קעסל פון סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריזאַציע דורך די פאַרשידענע פּראָדוקטיוויזאַציע-קאַנאַלן. דער נעכטיקער דעקלאַסירטער ווערט געאַנדערט דורכן נײַעם קאָלעקטיוו, צווישן וועמען ער געפינט זיך, ער גלײַכט זיך אויס, פאַרלירט דעם אַמאָליקן הויקער און באַקומט אַן אַנדער געשטאַלט.

ווען די דאָזיקע שיכטן פריערדיקע „טוי-בע" און „שטומע", וואָס זײַנען אַרײַן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג, נאָר נאָך וועלכע עס שלעפּט זיך נאָך אַ גרויסער עק פון פאַרורטײלן און וואַקלונגען, פון אָרע-מאַנסקע-שטימונגען און פאַרשטעלונגען — רײדן אַסאַך פון אונדזערע שרײַבער. באַזונ-דערס ליפערט דער דאָזיקער שיכט מאַטע-ריאַל פאַר די שרײַבער-הומאָריסטן. אין אַ געוויסער מאָס איז אָפּגעשטיקט „הירשל שאַ-מײַ" אין קרײַוועס צו אָט דעם שיכט. זײַן סאָציאַלע אומבאַהאָלפנקײט איז אַ דאַנק-באַרער מאַטעריאַל פאַר דער הומאָריסטי-שער צײכענונג, זײַן פּאָזיטיווער איבער-ברוך גיט צו דער הומאָריסטישער צײכע-נונג אַ פּערמענט פון מאַטערישן שאַרזש, פון פרײַנטלעכן שמײכל. דער שרײַבער באַ-קומט די מעגלעכקײט צו מאָלן דעם דאָזיקן סאָציאַל-אָפּגעשטאַנענעם טיפּאַזש זײַנעם אין העלערע פאַרבן, ניט מיט ביטערן גע-פיל, נאָר מיט אַ העלן שמײכל אויף די ליפּן — מיט אַ שמײכל, וואָס באַווײַזט אויף דער געפונענער פּערספּעקטיוו פאַר דעם דאָ-זיקן שיכט אומבאַהאָלפענע. „הירשל שאַמײַ" איז שוין אַ העכערע מאַדרײגע, שוין אַ מער סטאַבילע פיגור אין די אַרבעטנדיקע שיכטן. אַסאַך בולטער טײלט זיך אויס די מער-טיפּיש דעקלאַסירטע סוויווע בײַ אַזעלכע יונגע הומאָריסטן ווי פּינוול סימאָ און עליע קאַהאַן. זײ האָבן צו טאָן מיט אַן אײַנגעאָר-מיקער לומפּנישער סוויווע. זײער שיכט קומט פונעם דעקלאַסירטן און צעשטויבטן, פאַרוואָרלאָזטן שטאָטיש-שטעטלדיקן אָרע-מאַן, פון דעם דאָזיקן שיכט נעמען זײ דע-ריקער די יוגנט, די קינדער-באַפעלקערונג. אויב אַבמשויקן באַהערשט די פּראָבלעם פון ליקווידאַציע פון בורזשואַזע רעשטן אין דעם פאַרשטײַן פון אַ „דערוואַקסענעם" סטאַבילן שיכט, איז די אידייע פון אַזעלכע ווי עליע קאַהאַן און פּ. סימאָ — אויפקלערן די וועגן מיט וועלכע עס קומט צו דער רעוואָליוציע דער סאָציאַל-רעזאָרגאַניזירטער און באַזונדער יוגנטלעכער. דאָ באַקומט די ליבע צו „טויבע" און „שטומע" אַן אַנדער קוואַליטעט, ווײַל זי איז באַהויכט ניט מיט בורזשואַזן הומאַניזם, נאָר זי טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון פּראָלעטאַרישער רע-וואָליוציע.

II

פּ. סימאָ „זוכט די רעוואָליוציע" דורך דער פּריזמע פון אַ צעשטויבטן, פאַריאָגטן און פאַרוואָרלאָזטן שיכט. טעמאַטיש האָט ער צו טאָן מיט דער יוגנט פון דאָזיקן

שיכט. און מער אָבער, האָט ער דעם גאַנצן שיכט פאַר די אויגן. פאַר זײַן זיסאָרן שטייט שטענדיק די אָרעמע און פוילנדיקע סאָציאַל־פאַרשטויסענע „טויב־שטומע“ סוויווע, וואָס ליפערט דעם פאַרוואָרלאָזטן מאַטעריאַל.

די לומפּעניש סוויווע פון דעם פאַרוואָרלאָזטן, איז שוואַרץ און שווערנעטיק געצייכנט. די בילדער פון דעראָזיקער סוויווע זײַנען בא סימאָן געגעבן מיט אומיטלבאַרן ווייטיק, אָפט אַפילו מיט אכזאָריעס, און אַמאָל פאַלן אָבער אויך—מיט א שמייכל־טרויעריקן ליריש שפּאָט. און די שטיינער־שטיקער, און די היים־שטיינערנע „נאַפּאָליאָן“, וואָס פלעגט איבער סימאָס דערציילונג וועגן פאַרוואָרלאָזטע, בינדן זיך אָפט ניהיליסטישער גלײַכגילט מיט ערנסטן ווייטיק. דאָ איז אומיטלבאַר אַנטפּלעקט געוואָרן די צווייענדיקע נעשאָמע פּנעם זיך לײַטערנדיקן לומפּ. איך קער זיך אום נאָכאַמאָל צו דער קלאַסישער פאָרמולירונג פון מאַרקסן וועגן דער ראָלע פונעם לומפּן־פּראָלעטאַריער. „דער לומפּן־פּראָלעטאַריער,—זאָגט מאַרקס אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“,—אָט דער צעפוילונגס־פּראָדוקט פון די נידעריקסטע שיכטן פון דער אַלטער געזעלשאַפט, ווערט ערטערווײַז אַרײַנגעשלעפּט אין באַוועגונג דורך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע; זײַן גאַנצער צושטאַנד אין לעבן איז אָבער אַזאַ, אַז ער איז מער גענייגט צו פאַרקויפן זיך פאַר רעאַקציאָנערע מאַכינאַציעס“.

די פּראָלעטאַרישע אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט צעבראָכן שוין בײַם אירע ערשטע טריט די יסודות פון דעם לומפּן־פּראָלעטאַרישן „צושטאַנד אין לעבן“, אָבער זי האָט ניט אָפּגעשאַפט דעראָזיקע יסודות מיטאַמאָל און האָט ניט ליקווידירט מיט איר ערשטן שריט ענדגילטיק די קלאַסן־סיבעס פאַר די וואַקלונגען פון די לומפּן־פּראָלעטאַריער צו „רעאַקציאָנערע מאַכינאַציעס“. די צווייקײַט פון דער לומפּן־פּראָלעטאַרישער נאַטור קוקט אַרויס פון דער סוויווע, וואָס ווערט געמאָלט בא סימאָן און וועלכע דריקט נאָך אף אים, ווען אים פאַרפּלייצן דערינערונגען פון דער „אַלטער היים“.

באָטש ער פאַרמאָגט ניט קיין גרויסן פאַס געשעענישן און ניט נאָך ניט קיין ברייטע סינטעטישע בילדער פון דעראָזיקער סוויווע און איר פּערסאָנאַזש, דעקט ער דאָך אוף פאַר אונדז עפּיזאָדן און שטריכן, קינאָ־קאַדרען, פון דעראָזיקער סוויווע, וואָס איז און איר אָרעמקײַט אָפט א געוועטער פון „רעאַקציאָנערע מאַכינאַציעס“—פון דעמאָראַליזאַציע און פוילונג. מיר לייענען:

„...אַנגעדרויסן א זאַווערוכע. דער שניי ביז די קני. מינוטנווײַז גיט זיך דער שניי א הויב אוף פון דער ערד און א געדיכטן קנויל, און א דיקער שנייִקער שטויב פליט איבער דער גאַס. א קלעפּיקער ווינט שמײַסט אין די ברעמען און פאַרפּעט דאָס פּנעם. דער ווינט זעצט אין קישן, וואָס איז אַרײַנגערוקט אין דער אויסגעקלאַפּטער טאַפּליע. ער גיט יערע ווײַלע א שפּאַר אַרוים די קישן, ווי א קאָריק פון א פלאַש ביר, און שיט אַרײַן הויפנס שניי אין צימערל. דער ווינט איז כוצפּעדיק און פאַרשײַט. ער גיט מיטאַמאָל א ריס אַרוים א לאָרן און שלעפּט אים אוועק איבער דער לאַנגער גאַס. די שוועסטער ליגט קראַנק אף א פלעקן־טיפוס. די מאַמע זיצט אין א ווינקל אײַנגעהילט אין א קאָלדרע און פון איר מויל שיט זיך, ווי פון א לעבעדיקן מאַטראַץ איין קללה נאָך דער צווייטער.

„— לײַטן האָבן זין, א? גייען זיי און ברעכן אָפּ א שטיקל פּאַרקאַן צו דערוואַרעמען אביסל די שטוב, און מיר דאַרף נאָך שטראָפן מיט אַזא הולטײַ!...

„דער זון, דער צוועלפיאָריקער הולטײַ, זיצט אין א צווייטן ווינקל און באַטראַכט זײַנע באָרוועסע פיס. ער באַטראַכט, וואָס טוט מען, אַשטייגער, אַז אַזוינס אף די פיס, מע זאָל קאָנען אַרויסלויפן אַפּרײַסן א שטיקל ברעט פון א פּאַרקאַן. דער ווינט קלאַפּט אין אײַנקלאַנג מיט זײַנע געדאַנקען. די קישן איז אזמענלעך אַרײַנשטופּן אין דער אויסגעזעצטער טאַפּליע. דער ווינט לאָזט ניט. דער 12-יאָריקער הולטײַ וויקלט אַרויף אף די פיס דער מאַמעס א קליידל, ער פאַרבינדט די אימפּראָוויזירטע שיך מיט בענדלעך פון דער מאַמעס א פאַרוואָרפּענעם נאַקעטע, מיט אָן אף זיך דער

מאַטעס אין אָפּגעפּליקטן טאָקל, וויקלט אײַן דעם קאָפּ מיט דער מאַמעס אַ צע־ריסענער פּאַטשיילע און לאָזט זיך גיין אין „געיעג“.

אַ שוידערלעך בילד פון אָרעמען פּוין, געשילדערט פון „אינגעווייניק“, געמאָלן מיטן געפיל פון ווייטיקדיקער דערינערונג. אַזעלכע בילדער זײַנען דאָ אינעם ביכל „אָט דאָס זײַנען מיר“ אַ היפּשע צאָל. און דעראַזיקער איבערגעאַרבעטער אויפלאַגע פון „קינדער־הויז 40“ זײַנען באַזונדערס פאַרברייטערט די דערינערונגען פון דער „אַלטער היים“.

אין דעם קרײַז באַאָבאַכטונגען, וואָס ווערן אויפגעדעקט אין סימאָס פאַרצייכענונגען, איז דער „טויב־שטומער“ פּערסאָנאַזש געוויזן ניט בלויז ווי אַן עלעמענט פון קאַפּיטאַליסטישן „אינוואַלידן־הויז“, נאָר ווי אַ פאַרמישפּעטער אַף אונטערגאַנג. קיין דערוואַכונג פאַר אים זעט ניט סימאָ. פאַר אים איז לויט סימאָן די רעוואָלוציע בלויז אַ מער עפעקטיווער אונטערגאַנג־אַקאָרד פון דער שווערער פריערדיקער עקזיסטענץ. די שווערע יאָרן פון בירגער־קריג שווענקען ענדגילטיק אויס די עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן פאַרן לופטמענטש־עלעמענט. עס קומט מער ניט פאַר אַ ביאָלאָגישער אָפּקלײַב: די מער לעבנפייקע יוגנט פון דעמאָלטדיקן שטעטל, וואָס קאָן היפּערטראָפירט קעמפן פאַרן לעבן — זי בלײַבט עקזיסטירן און ווערט אויסגענוצט דורך דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, וועלכע פירעט זי שוין אין איר געשטאַלט און לויט איר סאָציאַלע נאַטור.

פון אַן אָפּשטאַרבנדיקער סאָציאַלער סוויווע, דורך אַ סאָציאַלער, היפּערטראָפירטער, אינדיווידועלער, בײַטעוער און פאַרשיידנאַרטיקער פאַרוואַרלאָזטער עקזיסטענץ, צו דער סאָוועטישער געשטאַלטנדיקער „היים“, און ווײַטער — צו דער נאָרמאַלירטער רעוואָלוציאָנערער אַקטיווער טעטיקייט: אַף דער פאַבריק און אין דער אונטערנעמונג. אַזוי איז סימאָס קוק אויפן פאַרוואַרלאָזטן. אַזוי וויל ער אים באַווײַזן. און אַזאַ אַרט באַווײַזן שטימט מיטן עמעס פון אונדזער רעוואָלוציע. אָבער סימאָ האָט ניט געקענט באַווײַזן גענוג טיף די גאַנצע ליניע און באַזונדערס דעם סאַמע לעצטן רונג פון דער פיר־פּאַרמיל, וועלכע ער אַליין האָט אָנגענומען אַלס אידעאַל פאַר זײַן פאַרוואַרלאָזטן. דערפון קומט די בלייכקייט און לײַכטקייט אין די קאַפּיטלעך וועגן די פאַרוואַרלאָזטע אויפן פאַבריק. דערמיט דערקלערט זיך אויך דאָס, וואָס בײַ סימאָן קרייצן זיך איבער ווייטיקדיקע סענטימענטאַלקייט מיט בראַוואַלער „אָביעקטיוו“־נאַטוראַליסטישער באַצייכענונג, נאַטוראַליסטישער הומאָר מיט סאָוועטיש־פריידיקן שמייכל, „ערנסטער“ לירישער געמיט און פאַרשײַטער שפּאַס. און דעם אַליץ שטעקן נאָך די רעשטן פון אַ סאָציאַל־רעפּעקטיוון שיכט.

″ ″ ″

סימאָ וויל רעאַביליטירן מיט זײַנע קינסטלערישע פאַרצייכענונגען אַ „טויב־“ „שטומען“ שיכט, וואָס האָט געדראָט אַריבערצוּוואַקסן אין אַ דעזאָרגאַניזירטער און דעזאָרגאַניזירנדיקער קראַפט, ווען ניט די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. שלעכט איז אָבער, וואָס סימאָ פאַרכליאָפּעט זיך אָפט מיט דער וואַרלאָזער עקזאָטיק, וואָס ער איז נאָך אַליץ אינעם קרײַז פון שווער־איבערגעלעבטע הינטערגרונט־אַסאָציאַציעס, — וואָס ער בלײַבט אין פאַרקלעפּטן קרײַז פון אַלטן „שטאָף“. דאָס איז אַ גרויסע געפאַר.

סימאָ דאַרף דערזען דעם סאָציאַל־אַקטיוויזירטן שיכט זײַנעם ניט בלויז אין דעם פּראָצעס פון אויסלעבן לופטמענטש־פּראָלעטאַרישן אַנאַרכיזם — ער דאַרף אים דערזען אין זײַן נײַער פאַרעמונג, אין אַקטיוון קאַמף פאַר דער נײַער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. און דאָס איז פאַר אַ שרײַבער ניט בלויז אַ זאַך פון מעכאַנישן אַריבערשטעלן זײַנע פיגורן אין אַ פאַבריק־אַטמאָספער. דער שרײַבער דאַרף באַווײַזן די נײַע מענטשן און דער נײַער אומגעבונג. נאָך צוליב דעם, דאַרף ער אַליין גוט ווייסן די נײַע אומגעבונג. סימאָ ווייס עס נאָך ניט. און קאָלזמאַן ער וועט עס ניט ווייסן, אַזוי לאַנג וועט ער ניט אַרויסקריכן פון זײַן פאַרוואַרלאָזטער הויט. עס גייט ניט אין דעם, צי מיר ווילן געוואַלדיק אויסוואַרטן אַף סימאָס עוואָלוציע — ער זאָל אָנגלייבן נײַע הויט און פלייש. עס גייט אין דעם, אַז סימאָ זאָל ניט מאַכן קיין צוריקשריט.

סיטאָ שטייט בײַ א גרענעץ-ליניע. האָט „אַלטע" איז געדיכטעט און איבערגעדיכטעט. מע מוז זיך דערפון אָפּשטיין. עמעס, עס איז פאַראַן נאָך א וועג: מע קען אָפּ זעלבן מאַטעריאַל שאַפן ניט א קינאָ-פילם, ניט אַ קייט פון פראַגמענטן, נאָר אן איבערגעהייפטע סטענגע בילדער, ווי דאָס איז בײַ סיטאָן און זײַנע שלעכט-אויסגעבויטע בילדער, נאָר אַ סינטעטיש-פאַרטיפטע, שלאַנק-אויסגעבויטע, פון אָנהייב ביז סאָף דורכגעטראַכט בילד פון דעם פאַרוואָרלאָזטן קינד און דער רעוואָלוציע. די דראַמאַטיק „דריטע אויסמעקטונג" איז האָר נאָך דערווײַל ניטאָ. סיטאָס בילדערישע צייכענונג פון „אַזוי איז געווען" רעגט אונדז אליין צו ברייטערע אַסאָציאַציעס, ווי די אַלע, וועלכע ער מאָלט דירעקט. דער מאַטעריאַל אליין שפּילט דאָ מיט א גרויסן עפעקט, באַזונדערס אין דער שפּילעוודיק-אַזעסדיקער, אָפט זייער הרייסטער און אָפט בילדעריש אָריגינעל - אויסדערוואַרטעטער אויספירעמונג בײַ סיטאָן. אָבער דאָס זאָגט נאָך ניט, אז סיטאָ האָט שוין קינסטלעריש פיקסירט דעם גאַנצן אינהאַלט פון די געשעענישן און טיפן איבער וועלכע ער שרײַבט, דאָס הייסט ניט, אז ער האָט שוין געגעבן דעם גאַנצן קנויל טיפישע שטריכן.

דערווײַל האָט סיטאָ בלויז קוואַנטיטאַטיוו זיך אויסגעברייטערט, באַשאַפנדיק נאָך „קינדער-היים 40" די נײַע אויסגאַבע „אָט האָט זײַנען מיר". וואָס ווערט פעלער אין דער „צווייטער אויפלאַגע" — אינעם ביכל „אָט האָט זײַנען מיר"? עס ווערט גרעסער די פאַקטור. אָבער אויסער פאַרברייטערטער פאַקטור איז נאָך גאָרניט דערגרייכט אין איבערדיכטן די זעלבע טעמע. די פראַגע וועגן א מער סינטעטישער פאַרטיפטער צייכענונג פון דיזעלבע פראָבלעמען בלײַבט ניט פאַרענטפערט.

סיטאָ באַדאַרף — אָדער ארויסנעמען א קינסטלערישן פאַספּאָרט אינעם קאָנקרעטן מאַטעריאַל פון רעקאָנסטרוקציע-פעריאָד, אָדער ער דאַרף דעם פריערדיקן געשיכטע-באַב דערזען טיפער. אַזוי, צי אַזוי מוז ער אינדייניש אויסוואַקסן צו דער עפּאָכע פון רעקאָנסטרוקציע. אין דעם איז דער שליסל צו סיטאָס ווײַטערדיקן קינסטלערישן וועג. זײַנע שילדערונג-פייִקייטן זײַנען אָן קיין שום צווייפל און „אַרכיטעקטאָנישע" פייִקייטן וועלן ווערן אָנגעהאַרטעוועט...

III

עליע קאַהאַנס סאָציאַל-רעפּעקטיווער „טויב-שטומער" טיפּאַזש געפינט זיך אין דער צווייטער שטופע פון זײַן איבערגעבורט. בײַ סיטאָן ווערט דערהויפּטיקער מאַטעריאַל איבערגעקנאָטן און געפערעמט אין דער סאָוועטישער דערציִונג-לאַבאָראַטאָריע — אין קינדער-היים. בײַ עליע קאַהאַנען זעען מיר אים אין גרונט אָן אויסגעפירעטן און שוין אַן אַריינגעטראָטענעם אויף דער אונטערנעמונג, אָדער שוין אין „זעלבסטשטענדיקן" פערזענלעכן שטייגער. עס איז שוין א יוגנט, וואָס האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין דער פּראָדוקציע, אָבער אויף וועלכער עס ליגט נאָך גאָר א שאַרפער שטעמפּל פון סאָציאַלער טעמפּקייט און וואַקלדיקייט — דער חורימענט פון דעקלאַסירטקייט און אָפּגעשטאַנענקייט.

הענעך פאָטשאַריע און סטאַשקע פון דער דערציילונג „א האַרץ אַף וועטלעס"; העסל בראָס פון דער דערציילונג „די לײַמענע קאַלע", וועגן וועלכן עליע קאַהאַן ווייס, אַז „זיידעס, עלטער-זיידעס... האָבן גאַנצע לעבנס אָפּגעשווינגען מיט פאַרנײַטע מעלער"; דער העלד פון דער דערציילונג „בײַ מיר אין שפּיגל", וואָס פאַרגלײַכט זיך „ווי א מאַטביִע אין שנײַ"; דער שנײַדער-אַרבעטער מיט א נאָדל, פון דער דערציילונג „פרישע היי"; דער האַרמעטנער פּעטיל בלאָז פון דער דערציילונג „פון פרילינג ביז האַרבסט", — העלדאָזיקער כאַראַקטעריסטישער טיפּאַזש פון עליע קאַהאַנס דערציילונגען איז טיפּיש דערמיט, וואָס ער פּלאָנטערט זיך און וואַקלט זיך אַף זײַן וועג צו צעגויספּוואַקסן זיך מיטן פּראָלעטאַרישן קאָלעקטיוו, וואָס עס שלאָגט אין אים שוואַך און טויב דער סאָציאַלער פּולס.

פּאַשעפּטיקט אין דער אונטערנעמונג, אינעם וואַרשטאַט, איז נאָך אָבער בײַ דערדאָזיקער יוגנט ניטאָ דער פּראָלעטאַרישער באַוווּסטזײַן, כאָטש זיי האָבן זיך שוין סטיכייִש אָנגעשטעקט פון דער סאָוועטישער אַרומרינגלונג מיט א גײַער טראַדי-

צײַט. עליע קאַהאַן זעט זײַנע העלדן ווײַניק אין זייער פּראָדוקציר-לעבן, ער זעט זיי אינגעם שטייגער און אין שטייגערישע באַציִונגען. דאָס איז א יוגנט, וואָס איז נאָר וואָס באַהעפט געוואָרן צום פּראָלעטאַרישן קאָלעקטיוו און לײַדט נאָך גאַנץ שטאַרק פון דוירעסדיקער סאָציאַלער שטימונג. אָבער—זי וואַקסט שוין אויף, ווײַל זי לעבט אין א סאָוועטישער אַטמאָספער!

ווי די דזשאָזיקע, פריִער „טויב“-„שטומע“, יוגנט, וואַקסט אַרײַן אין סאָוועטישן לעבן—דאָס איז עליע קאַהאַנס גרונטטעמע. ער שפּירט נאָך ווי אַזוי די פּאַמשורעס סטאַבילוזירן זיך סאָציאַל, ווי זיי זוכן דעם וועג צו דער נייער עטיק, וואָס ווערט באַשאַפן אין די סאָוועטישע באַדינגונגען.

הענעך פּאַמשורע האָט א „האַרץ אַף וועסלעך“, וואָס מיט זיי, די וועסלעך, הו-דערן באַזונדערע קויכעס: מיט איינער „דער שוסטער-קאָלעקטיוו מיט דער וואַנט-צײַטונג“, מיט דער צווייטער—„טאַטע מיט דער מאַמען“. הענעך פּאַמשורע געפינט זיך צווישן צוויי קויכעס און ער גייט מיט וואַקלונגען צום פּראָלעטאַרישן לעבן-פּאַנעם. זײַן וועג איז אן אַחטקלאַ-רער, ניט גענוג באַזיניקטער, אָבער די נײַע סאָוועטישע אומגעבונג שטויסט פּאַמשורען זיך זעלבסטבאַשטימען, זאָל זײַן אינ-סטינקטיוו, אינעם פּראָלעטאַרישן לאַגער. דערזעלבער הענעך פּאַמשורע, וואָס האָט זיך געלאָזט באַווירקן פון דער שוויגער און איז אײַנגעגאַנגען אַף א פּרים און אַף א כאַסענע, גיט זיך טאַקע א קער אָפּ פון דעם אַלטן שטייגער און פּאָדערט באַם ראָוו „שרײַבט אָפּגעך א געט“.

אָדער דער העלד פון „פרישע היי“. „מיט א נאָרל, א שנײַדער. אן אָרבקאָר. א ווילער מענטש“. ער פאַרליבט זיך אין דער מיידל נייעקע נײַמאַן—אויך אַן אָר-בעטערין, נאָר א פּוסטע, באַלעבאַטישע מיידל. אַלץ גייט גוט. נאָר עס קומט אָן די רעאַקציע—ער דערפילט דעם ערשטן מאָל קומענדיק צו איר און צימער, אַז זי איז א מעשטשאַנקע, און ער באַפרײַט זיך אַרויס פון דעם ראָמאַנטישן ליבעטומאַן.

אָדער די דערציילונג „באַ מיר אין שפּיגל“, ווו דער העלד ווערט פאַרכאַפּט ווידעראַמאָל פון ליבע-געפיל און לעבט עס אויס אַף אָנגעגרייטן אַלטן שטייגער באַ זײַן „ליבע-קעגנשטאַנד“.

דאָס איז א יוגנט, וואָס קומט פון א וואַקלדיקן קלײנבירגערלעכן שיכט, א יוגנט, וועלכע זעט ניט קיין פּראָלעטאַרישע סיטו-אַציעס מיט דער גאַנצער קלאַרקייט און בלויז שאַרפע שטייגער-קאָנטראַסטן גיבן איר צו פילן די סאָציאַלע רופטן פון דער קלײנבירגערלעכער „פרישע היי“-פּאַרפיו-מעריע.

עליע קאַהאַן שפּירט נאָך א רעקלאַסירטן יוגנט-שיכט אין די סאָוועטישע באַדינגו-נגען. ער זעט אים אָבער א מעכאַניש אַרײַנ-געשטעלטן אין דער פּראָלעטאַרישער סוויווע. עכטן אינטערעסאַנט זעט ניט עליע קאַהאַן. דעריבער באַמערקט ער בוילעטער די קאָמישע זײַט פון אָט דעם מיזבאַזש, זײַן אומפּראָפּאָרציאָנעלקייט און „טויבקייט“, זײַן שוואַכע אָריענטאַציע אין די לעבן-באַדינגונגען.

קאַהאַן שטעלט אַוועק זײַן רעקלאַסירט-אָפּגעפאַלענעם שיכט אין קאָמישן ליכט. נאָר ער פאַרשפּיצט ניט זײַן שפּאַס. ער שמייכלט גוטמוטיק. ער האָט ניט פּיינט דעקלאַסירן שיכט, ער זעט אין אים ניט קיין קעגנער פון דער סאָוועטישער סיס-טעם, כאָטש ער זעט אין אים אויך נאָך ניט קיין אַקטיווע סאָציאַל-געוויסנדיקע קראַפט אינעם וואַקסן פון סאָציאַליסטישער בויונג. אָבער קיין ווייטיק, ווי דאָס איז פאַראַן באַ סימאָן, אָדער—גאַנגדיקער גע-הילים,—דאָס איז באַ קאַהאַנען ניטאָ. זײַן מיזבאַזש איז אין פאַרגלײַך מיט סימאָנס מיזבאַזש פון א העכערער, מער סטאַבילער, מער אויסגעהויבענער פאָרמאַציע, כאָטש די אָפּשטאַמונג איז דיזעלבע ווי באַ די העלדן אין סימאָנס דערציילונגען. די עפּאָכע, וואָס אַף איר פאָן ווערן אַרויסגעפירט די העלדן, איז אויך באַ קאַהאַנען אַן אַנ-דערע, ווי באַ סימאָן: עס איז שוין די עפּאָכע פון בויונג און מענטשן מוזן שוין עפּעס, האָבן שוין א באַזונדער פּנים. דעריבער איז פאַראַן מער אויסגעגלײַכטקייט אין דעם געמיט פון שרײַבער, וועלכער זעט זײַנע העלדן אין א מער זי-כערער לאַגע. באַ קאַהאַנען קומט דעריבער צום שמייכל, צו דער קאָמישער צייכענונג, אויך צו א שטריך פון הויכן געמיט—פון פרייד.

די מענטשן בײַ קאַהאַנען זײַנען לעבנ-לוסטיקע, באַפֿרײַטע פֿון אינדיווידועלער טראַגעדיע, געבײַגרענע מיט די פֿרײַדן פֿון זייער צײַט. פּאַטשאָרע, העסל פֿרעם, טי-מאָכע א. אנד. זיי זײַנען ניט פֿאַרטרויערטע. טימאָכע קוקט אויף דער לעוואָנע בײַם יאָנ-טעוו פֿון דער אויסגעבויטער „ליימענער קאַלע“ און טראַכט דערבײַ: „און פֿון דער מעלערל וועלן מיר נאָך אויך עסן“. העסל פֿרעם האָט אויסגעבויט די גאַנצע הויז און ער פֿילט זיך שטאַרק יאָנטעוודיק, ווײַל „דאָס האָט ער געהאַט שוועריקייטן, און דאָס האָט ער דורכגעפֿירט א העלפֿאַנט דורך א לעכל פֿון א נאָדל“. דער צעשוויי-בערטער זעצער מאָניע מינקין, וואָס פֿירט אַזאַך ליבעס, איז פֿון זײַנע מיידלעך ניט אינבעריקס נימפּאָעל, דערפֿאַר אָבער איז ער אין א דערהויבענער שטימונג, ווען מע פֿײַערט אויבער זײַנער א דערפֿינדונג, דערמאָנט „רוקט זיך אים, אַז דער זאַל איז אויך געוואָרן גרעסער“. בײַ אַלעמען זײַנען הײַנט די אויגן גרעסער. אָט קוקט אַף די לעמפּעלעך, זיי לײַכטן הײַנט אויך גרעסער.

אָבער פֿונדעסטוועגן איז די לעבנס-אָנ-שויונג א פּרימיטיווע, ניט קיין רײַפֿע און אַלזײַטיקע, ניט קיין פֿאַרטיפֿטע, א צע-שויבערטע, א ניט שטאַנדהאַפֿטיקע, כאָטש אָן דעם געפֿיל פֿון הפֿקרדיקײַט, וואָר-לאָזיקײַט. דעריבער באַקומט אין קאַהאַנס צייכענונג אפֿילו דער ניהיליזם אַן אַנדער אויסזען—דאָס איז ניט קיין ניהיליזם פֿון אַנטוישונג און פּערספּעקטיוולאָזיקײַט, נאָר א ניהיליזם פֿון זאָרגלאָזיקײַט...

נאָר אָט דאָס לעצטע קען פֿונדעסטוועגן ניט פֿאַרשרײַבן ווערן אין עליע קאַהאַנס אַקטיוו, פּונקט ווי עס קען ניט פֿאַרשרײַבן ווערן אין זײַן אַקטיוו זײַן ריין-פּסיכאָלאָ-גישע צייכענונג, זײַן אָפּנייג צו שטימונגען. עליע קאַהאַנס אָפּטימיסטישער ניהיליזם באַווײַזט, ניט געקוקט אויף זײַן אָפּטימיס-טישקײַט, אויף א גרויסן פֿלעק, וואָס עליע קאַהאַן טראָגט אויף זײַן וועלט-אָנשויונג. סאָציאַלע זאָרגלאָזיקײַט איז שטענדיק גע-ווען א טיפּישער שטריך פֿון דעקלאַסירטע, צעשטויבטע, פֿוילנדיקע שיכטן. זײַן ניהי-ליסטישן שטריך האָט און דער ליטעראַ-טור אַרײַן קאַהאַן פֿאַרשלעפּט פֿון דעם דעקלאַסירטן שיכט פֿון וועלכן ער קומט אין דער ליטעראַטור אַרײַן און צו וועלכן ער איז גענייגט. מיט זײַן סאָציאַלן ני-היליזם גייט עליע קאַהאַן אין עק פֿון זײַן שיכט, און ניט ער פֿירט אים פֿאָרויס. און דעם זין איז שוין דער קאָמישער עלע-מענט, די איראָנישע באַציִונג צו די פּאַ-טשערעס אַסאַך מער א פֿאָרגעשריטן-רע-וואָליוציאָנערער עלעמענט אין ע. קאַהאַנס שאַפֿן.

דאָסזעלבע—וועגן דעם שמאָלן פּסיכאָ-לאָגישן שטימונגיזם בײַ עליע קאַהאַנען. זײַן יונגטלעכער העלד איז ניט אײַנגע-וועבט אינעם פּראָדוקציע-לעבן. קאַהאַן קען ווייניק דעם דאָזיקן לעבן.

פֿאַראַן אין עליע קאַהאַנס זאַמלונג א ביטייע דערציילונגען אין מיניאַטור, ווו ער פּרוּווט דערהויבן זײַן העלד אין פֿרײַמערע סאָציאַלע פֿאַרבינדונגען. נאָר דער אַוטאָר האָט ניט קיין כוח צו אַנאַליזירן דינאַ-מיקע באַציִונגען, צו אַרײַנקוקן טיף אין זיי. עס ווערט דעריבער נאָך בײַ אים ניט פֿאַר-שאַפֿן דער געדיכטער, בוילעטער בילד פֿו-נעם ווירקלעכן סאָוועטישן לעבן. „די ליי-מענע קאַלע“ איז א דערציילונג, וועלכע קען אויסזען ווי אַן אינדוסטריעלע, לויט איר פּראָבלעמאַטיק, ווײַל עס האַנדלט זיך וועגן א הויז, וואָס דער העלד העסל פֿרעם, לייגט אַרײַן זײַן גאַנצע ענערגיע אין איר אויסבויונג. אָבער די הויז-בויונג בלײַבט ערגעץ פֿאַר זיך אין הינטערגרונט און אין פֿאָרגרונט איז די „שלאַכט“ צווישן העסל פֿרעם און טימאָך דעם שוס-טער פֿאַר צוויבעלעך. נאָך שטאַרקער איז די טענדענץ צו באַגרײַפֿן די מענטשן פֿון דעם דעקלאַסירטן שיכט אָפֿן פֿאָרן פּראָדוקציע-סאָציאַלע סאָוועטישע באַציִונגען אין דעם ציקל „קאָלווירטישע פֿעלדער“. אָבער ווידער איז אויך דאָ די מי אָפּגע-געבן געוואָרן אויף שטייגער-פֿאַרצייכענונגען, ווידעראַמאָל פֿאַרצייכענונגען אויסנאַפּיקע, אָן דער געהעריקער זאָרגעוועדיקײַט, אָן פֿאַר-טיפֿונג, אָן דעם געהעריקן באַגרײַפֿן די סאָציאַלע גרונטן פֿון מענטשלעכע צוזאַ-מענשטויסן. עס דערגייט אפֿילו דערצו, אַז פֿאַרצייכענונגען פֿון באַדײַטנדיקע, סאָצי-אַלע פּאַסירן זעען אויס אַנעקדאָטיש—אַזוי זאָרגלאָזיק ווערן זיי אָפּגעמאָלט.

דאָ איז די גרעסטע געפֿאַר פֿאַר עליע קאַהאַן. א שרײַבער, וואָס האָט זיך אַרויס-געהויבן פֿון א „טויב“-„שטומען“ שיכט,

וועט ווערן אן אקטיווע קראפט אין דער פראלעטארישער געזעלשאפטלעכקייט בלויז ווען ער וועט זיך אנהייבן אקטיוו באציען צו דעם גאנצן סאוועטישן לעבן. דאס איז די פאדערונג צו עליע קאהאן. אפילו זיין „טויב"-„שטומען" מיטפאזיש וועט ער האבן רעכט צו מאלן ווייטער, אבער בלויז באם באדינג אליין צו אנהייבן זיך אף צען קעפ העכער פון דעמדאזיקן שיכט,— בלויז בא אקטיווער פאזיטיווער באציונג צו דער סאציאליסטישער בויונג. דאן וועט די קליינע מיניאטור און איר העלד, ניט קלינגען ווי אנעקדאטיש-ניהיליסטיש.

קאהאן קען ארויסוואקסן אין דעראזיקער שטימע. ער מאכט איצט דורך א „קריזיס" פון וווּקס. ער שווייגט, ווייל ער הארעוועט אן מאטעריאל און וויסן. דיזאזיקע בייזע זאכן זיינען ניט נאר גרייטיק, נאר אומבאדינגט.

זיינע קינסטלערישע מיטלען מוז עליע קאהאן אנווענדן. צו איז קאהאן פאטענציעלער קויער? אומבאדינגט. עליע קאהאן איז א גאנץ אייגנארטיקער טאלאנט. ווען זיין נאוועלע וואלט געווען אן אויסדרוק פון העכערן סאציאלן טעמפעראמענט, וואלט ער געווען שטארק פאפולער באם לייענער. ער פארמאגט אסאך פון דעם, וואס מע קען אנרופן „סימפאטיע". ער איז פאבגילדיק, האט א הומאריסטישן אדערל, באזיצט שפראך און קען בויגן די שפראך (אפט טרייבט ער אין דעם איבער), גיט אפט א בליץ מיט אריגינעלע פארגלייכן, פארמאגט לירישע מעגלעכקייטן, האט אסאך בארירפונקטן מיט פארשיידענע מינים לייענבארע זשאנרען-מיניאטור, נאוועלע דערציילונג, מאנאלאג, אטשערק,—האט געפיל פאר מאס און שרייבערישע פאנטאזיע, באזיצט די פייקייט צו אויסשפירעמען היימן לעבנשטאף, כאפט אוף שטיינער-שטריכן. קורץ—עליע קאהאן איז טאלאנטפול און ער קען זאגן זיין ווארט אין דער ליטעראטור. עס פעלט, ווי געזאגט, „בלויז" דער העכער סאציאלער טעמפעראמענט, קעדיי די קינסטלערישע רעסורסן קענען מאביליזירן אף פראלעטארישן קלאסן-קאמף און קעדיי זיי נאמער צו פארווייטערן אפן גרונט פון דער גרויסער רעוואלוציאנערער דערפארונג פון דער סאציאליסטישער בויונג...

## IV

פאר ביידן—סיי פאר פ. סימא, אזוי פאר ע. קאהאן—איז כאראקטעריסטיש דער נאטוראליסטישער געמעל, די קנאפקייט פון סינטעטישן פארנעם, דער מעכאניסטישער פארגלייך. דאס דערקלערט זיך מיט שוואכער אויסרייפונג פון דער וועלט-אנשויונג, מיט שארף-ניט גענוגנדיקער פארטיפונג אין די פראבלעמען, וואס בעטן זיך אפן שרייבערס פען. עס באקומט זיך דעריבער אפט, אז א דערשיינונג, וואס ווערט באהאנדלט אין דער אדער יענער דערציילונג, ווערט אין גאר א קנאפער מאס אויסגעשעפט, די פראבלעם בלייבט הינטער די ראמען פון דעם פארמאלטע, ווייל זי ווערט ניט געגעבן אין דער גאנצער רייכקייט פון אירע רעאלע פארבינדונגען.

מיט דעראזיקער נאטוראליסטישער אפגעגרעניצטקייט דערקלערט זיך דער מעכאניציזם און א ריי סטיל-קאמפאנענטן באזונדערס בא עליע קאהאן. עס איז גענוג צו נעמען עליע קאהאנס פארגלייכן, קעדיי אף זיי דערזען א מין מעכאניסטישן אפנעמען וועלט-דערשיינונגען („אין קאפ זיינען געווען פאראן קליינע לעבעלעך מיט דינע אלן דורכגעשטאכענע. אלע געדאנקען זיינען דורכגעפלאסן דורך זיי". „אפן הארצן האבן נאדלען געשטאכן, יעדערע פון זיי האט געווען אויסגעשטאכן א טראפנדל בלוט, ווייל ער האט דערפילט א נאסקייט אין זיך". „הילצערנע הערצער האבן די ביימער, און בא אנדערע זיינען נאר לעבער אנשטאט הערצער... און מענטשן האבן הערצער פון לייב". „מיטאמאל האבן זיך זיינע אויגן ווי צעשרויפט". „דער שפיי האט גענומען קאכן אין זיך. אינעווייניק האט געטאראפעט דעם מויל, איז אריבער אין האמת, און דער ראמף האט געדריקט אפן הארצן").

די שמאלקייט פון וועלט-אנשויונג און לעבנדערפארונג ברענגט אויך אפט דיזאזיקע אויטארן צו פארקנייטשן און פארווישן סאציאלע פראבלעמען, פון זיי אליין געשטעלטע, און אנשטאט זיי ווערן די דערציילונגען אנגעלאדן און איבערגעלאדן מיט עראטיש-סעקסועלן ניט-מאטיוויש אינדיווידועלן געמעל. דאס באקומט זיך דעריבער, ווייל ווען עס קומט צו א ברייט

מערן צעוויקלען די סאָציאַלע פּאַבגל, צו אַפּמאָלן סאָציאַלע געשעענישן, סיטואַציעס, שטימונגען, סטייעט גיט בײַ די אויטאָרן קיין „פּאָרעם", קיין פּאָזיניקטער שטאָף, קיין באַגײַסטערטע לעבן-דערפאַרונג, און זיי לאָזן זיך איבער דער לינגע פון זיי באַוווּסטע מער ווייניקער אינטימע ער—זן איבערלעבונגען. אויך דאָ איז כאַראַקטעריסטיש פאַרטראָטן עליע קאַהאַן, בײַ וועלכן דער טראַטישער מאָמענט „שפּרינגט" אַרויס קימאַט אין יעדער דערציילונג. אזוי, לעמאַשל, איז זײַן אַמבעסטן געבויטע און וואַרעמסטע דערציילונג „די לייטענע קאַלע", אין וועלכער עס איז דאָ א באַשטימטער יעסאָד האָפּקע פאַר א פרייטערער סאָציאַלער געמיטל און ווי דער אווטער פאַרמאָלט טאַקע אין א געוויסער מאָס זײַן הויפּט-פערסאָנאַזש ווי א סאָציאַלע פיגור, מער פאַראַלגעמיינערט, איז אָבער דאָך צום סאָף די זאַך דערפירט צו א ליבעס-טראַגעדיע, ווי העסל פרעס, דער העלד פון רויטן אָרדן, ווערט דערנאָך גענומען אין קאָנטעקסט פון אייגערערזהכטנעפיל, כאָטש מיט איבערקוריעזטיקונג פונעם פּראָלעטאַרישן „יאָנגטעוו פון די מענטשן" און מיט פאַרהראַם אף די „איבערבלײַבענישן פון דער אַלטער געזעלשאַפט".

אַט פון דעם אַרויסגייענדיק, איז ניט געקוקט אף דער בלייבקייט און עפּיזאָדישקייט פון די פּראָדוצירט-מאָטיוון בײַ כימאָן און עליע קאַהאַנען, האָט אין די לעצטע פאַרלייגט דער געזונטער יאָדער פון זייער ווערק. סימאָס פאַבריק-שטריכן זײַנען נאָך ניט קיין בילדער. עליע קאַהאַנס קלייניקע קאָלווירטע-צײַכענונגען און זײַנע סקיצן אף אַקטועל-פּאָליטישע (אַנטירעליגיעזע, רויטאַרמייִשע) טעמעס זײַנען נאָך אויך ניט קיין מאָסגעבנדיקע, אָבער האָפּקע זיי עפּענען דעם וועג פאַר ריכטיק סובלימירן די קינסטלערישע ענערגיע אף סאָציאַל-באַדײַטנדיקע און אידייִש-פּאַרטיפּטע וועגן.

## ב. זאקס

# „פאראקערטע מעזשעס" פון ע. שעכטמאן

(נאצמינפארלאג פון אוסס"ר, 1932, פרייז 1 ר. 90 ק.).

עליע שעכטמאן האט מיט עטלעכע יאר צו־ריק ארויסגעלאזן זיין ערשטן בוך „אפן שיידוועג". דאס איז געווען א בוך דער־ציילונגען מיט מיטגעפיל צו די אונטערגיי־ענדיקע יידישע באלעבאטים און קרעמער.

די גאנצע מארקסיסטישע קריטיק האט גע־ווארנט דעם כ' שעכטמאן, אז ער שטייט אפ א פאלשן וועג, אז אפ דעם וועג קען ער גאר פארלירן זיין טאלאנט.

אז כ' שעכטמאן האט גענומען אין אכט די ווארענונגען פון דער קריטיק, דעמאנסטרירט פאר אונדז דער ערשטער טייל פון זיין נייעם בוך „פאראקערטע מעזשעס".

---

שילדערנדיק דעם סאוועטישן דארף, ווייזט דער אווטאר די צוויי קעגנזעצלעכע און קעמ־פנדיקע טיילן פון דארף, אייגנטלעך, צוויי פארשיידענע וועלטן.

די גרעסטע אויפמערקזאמקייט איז אפגע־געבן געווארן צו אויפדעקן און אנטבלויזן די באלעבאטישע וועלט.

אריע יוזעפינער און פראנעק זינגערס זיינען צווישן זיך זייער גוט צונויפגעלעבט. אלץ, וואס אריע וויל טאן, באטראכט ער און בארעכנט פריער מיט פראנעקן. שוין אפגערעדט, וואס פראנעק אייוצעט זיך וועגן אלץ מיט אריען— פארט א „יידישער קאפ". זייער צוטרוי־לעכקייט וואקסט ארויס, פארשטייט זיך, פון זייערע געמיינזאמע עקאנאמישע און פאליטי־שע אינטערעסן אין דארף. אריע, וועלכער קויפט צונויף מילך אין די דערפער, מאכט מיט די באלעגופים שאראבעס—זיי צאלט ער 1½ ארשין ציץ פאר א פוד מילך און די „האלישעס" צו 1 ארשין; די באלעגופים פון זייער זייט אגיטירן פאר טראגן מילך צו ארעלן א.א.וו.

און ניט נאר דערמיט אליין זיינען זיי צו־נויפגעבונדן.

און זיין שמועס מיט יאנקא דעם מולער וועגן דעם, אז די קאאפעראציע שלאגט איבער ארויס מילך־האנדל, זאגט פראנעק:

„איך האב אים ארעלן אין חד'ערה. אפן רגע דארף איך אים... דו פארשטייסט עס אליין גוט... מע טאר ניט דערלאזן די קא־אפעראציע... מע טאר ניט, ניט צוליב ארעלן. מיר וואלט ניט געארט, אז סע זאל זיין עפעס א קאנקורענט ארעלן, אבער אויב מע מאכט די קאאפעראציע זייערע... דע־מאלט ברודערל איז שלעכט.. דעמאלט נעמט מען זיך צו זיין מיל... און..." (41).

אייגנארטיק שילדערט שעכטמאן זייער סא־לידאריטעט אפן טייך, ווען ער ווייזט ווי ס'באגעגענען זיך דארט די צוויי פארלער: קאלטען הויז (געוועזענער פאבריקאנט) מיטן געוועזענעם מאטארינס איוואן איוואנאוויטש און אריע מיטן ברודער זיינעם—מיכלען. דארט גייט בא זיי א שמועס וועגן דעם, וואס עס וועט זיין נאך דער רעסטאווראציע, און אי־וואן איוואנאוויטש, דער פארביסענער אנטי־סעמיט, וועלכער האלט, אז דעמאלט „וועלן מיר דאך ניט קענען איבערקלייבן (די שול־דיקע און אומשולדיקע יידן—ב. ז), אז מע האקט א וואלד פאלן שפענדלעך" (83), רעכנט פונדעסטוועגן, אז

„איר, אזעלכע יידן ווי איר, האבן פונ־דעסטוועגן ניט וואס צו מורא האבן. איר האלט זיך גאר לעבן אונדז... אונדזער ני־קאליי ניקאלייעוויטש וועט אייך ניט טשעפען" (88).

די געמיינזאמע פיינט, די געמיינזאמע צילן און אינטערעסן פון קאמף האבן זיי צונויפגע־שמידט אינאיינעם. שעכטמאן האט אויך בא־וויזן דעם שטייגערישן גוט־לעבן בא זיי שוין פון אנהייב בוך זעען מיר:

„דער הויף איז א גרויסער. די שטוב איז א לאנגע, און די שטייט מיטן פאנעם צום וואלד. דאס גאנעקל, וואס פירט אריין אין שטוב, איז מיט גרינס באפלאכטן, און דאס גרינס פלעכט זיך אפ פלאקסענע שטרי־

קעלער ביז אַריבערן דעכעלע, וואָס הענגט איבערן גאַנעק. פֿונעם גאַנעק גייען אַוועק צוויי סטעזשקעלעך—צו צוויי אַלצייַטע מירן:

— איין מיר פֿירט צום באַלעבאַטים פֿונעם הויף—צו פֿראַנעק זיגערט.

— די צווייטע מיר פֿירט—צו אַריע וו-זעפֿינער" (3).

זיי לעבן אונטער איין דאַך. אַף אַלע סימ-נעם זײַנען זיי איינער בײַ דעם אַנדערן אַנ-געלייגטע געסט. אַריע רעדט אַזוי קרוווי-וויש-ברודערלעך צו פֿראַנעק זיגערט און מיכײַלאַ טאַראַרקעס, ווען זיי דינגען זיך פֿאַרן לאַשעקל בײַ אים פֿאַרן ברוס: „קומט, איצט האַנדלט מען ניט.. איצט זאָל ברענען אַלץ אַפֿן פֿײַער... בײַ אַרעלן איז געבוירן געוואָרן אַ זון... אַ פּאַמאַטשניק" (66).

ווען פֿראַנעק שטעלט זיך הרעשן, איז אַריע איינער פֿון זײַנע ערשטע מיטהעלפֿער.

אייניקע באַוויירים דוכט זיך, אַז ווײַזן אַזאַ פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און שטייגערישן צו-האַמענבונד פֿון די ייִדישע און אוקראַיִנישע „באַוואַרינעס" איז געקינצלט, ניט נאַטירלעך,— זיי האָבן אָבער אַ טאָעס. די ווירקלעכקייט ווײַזט אונדז אָן אַף דער ריכטיקייט פֿון אַזאַ שילדערונג. מיר האָבן פֿאַקטן, ווען דאָרפֿישע אוקראַיִנישע אָדער ווײַסרוסישע „באַלעבאַטים"— פֿלעגן האַלטן ספּעציעלע קאָשערע מײַכאָלים און קיילים פֿאַר זייערע פֿרײַנט—ייִדישע סאָכ-רים, ליוועראַנטן, וואָס פֿלעגן צו זיי אָנפֿאָרן. די ייִדישע שנײַדער און שוסטער, וואָס פֿלעגן גיין איבער די דערפֿער נייען, פֿלעגן, פֿאַר-שטייט זיך, ניט קענען פֿאַרפֿאָרן צו די „באַ-זואַנעס", עס איז ניט פֿאַר זיי. נ' שעכט-מאַן האָט בוילעט אַוועקגעדרוקט דעם סאָציאַלן און פּאָליטישן מאָך פֿון דעם גוטלעבן, כאָטש ער האָט ניט מוירע געווײַזן אַמאָל ווי די קאָרנ-קייט פֿון דעם בורזשואַ, געקווײַפֿלט אַף זײַן סאָציאַליזם, שאַפֿן געוויסע שטערונגען אַט דער פֿרײַנטשאַפֿט, ווי צום בײַשפּיל, אַריעס ווײַב—ראָכל זאָגט צום מאַן, ווען ער טיילט צוקערקעס די קינדער:

נאַסן *) דער בלינדער עך, אַ קרענק אין די זײַטן,—... ווײַזנדיק אַף פֿראַנעקס קליין מיידעלע.—זאָל זי דערוואַקסן ווערן—און נעמענדיק בײַ אַריען אַ צוקערקע, האָט זי געזונגען שרײַען איבערן גאַנצן הויף, אַז פֿראַנעקס ווײַב זאָל דערהערן—„מאַריאַ-נעטשקאַ—אָ, אַט נאַ דיר, דיאַהקאַ פּריוויז צוקערקי!" (19).

צעמערטשנדיק צום אַנאַליז פֿון דעם שטיי-גער און אָרט לעבן פֿון די „באַלעבאַטים", ווילט זיך אונדז דערמאָנען אָן די שילדערונ-גען פֿון דיזעלבע שיכטן אין „אַפֿן שײַדוועג". ווי אומגליקלעך זיי זײַנען דאָרט, ווי זיי זײַ-נען פֿאַרזוי-פֿאַרבאַלעמט ווערן דער „הייליקער מוירע", ווי זיי זיצן גאַנצע ווינטערס פֿאַר-טרויערטע אין שטוב און ווייסן נאָך איין אַרבעט און איין וועג פֿון שטוב אין הויף נאָך די עטלעכע שײַטלעך האָלץ, און אויס-געהייצט די הרובע פֿאַרלייגן זיי די חענט אַף הינטן און שפּאַנען אום איבער דער ליידיקער שטוב. אין דעם נײַעם בוך ווירקלט שעכטמאַן פֿאַנאַנדער גאָר אַן אַנדער בילד. אויך דאָ זײַנען פֿאַראַן אַמאָ די מענטשן, עס זײַנען אויך דאָ געשילדערט געוואָרן אַלע מינהאָגים, סימנעס א. א. וו., אָבער דאָס אַלץ האָט באַ-קומען אַן אַנדער באַלויכטונג. פֿון דעם פֿרי-ערדיקן אַלטן שלויכטע מיט דער ייִדישלעך-ווײַסער באָרד און מעלאַנכאָלישער פּאַסיווקייט איז געוואָרן אַ וועלוול בײַלעס, אַ ייִד אַ גוואַר מיט אַ סיווי-געלבלעכער-ווײַסער באָרד ווי ער טרײַבט פֿאַנאַנדער פֿאַר 3 פּוד האָבער דעם דערהעש ער זאָל „פֿאַליגבען" די קאַשטאַנע. די אָפּגעלאָזענע באַלעבאַטים זײַנען דאָ געווען גע-וואָרן ווי קעמפֿנדיקע, טעטיקע אַריעס און סרגעל מיידענערס, וועלכע שטעלן זיך ניט אָפּ פֿאַר קיינע מיטלען, קעדיי קעמפֿן קעגן אַנ-דערער פּאָליטיק אין דאָרף.

עס איז געווען געוואָרן דער ייִדישער גוזיר אַלס עקספּלואַטאַטאָר, ווי אַזוי דער דרײַצניאָריקער לייבקע האָט בײַ אים פֿאַר-פֿינצטערטע יאָרן, האָרעוועט טאָג און נאַכט, שלאָפֿט אין קלוניע, עסט קאָראַבעס און כאַפּט נאָך גאַנץ אָפֿט קלעפּ פֿון אַריען.

פֿון די ייִדישע סימנעס, וועלכע האָבן אין „אַפֿן שײַדוועג" אויסגעזען אַזוי אידיליש און ראָמאַנטיש, איז אַראָפּגעריסן געוואָרן דער פֿאָלקיסטיש-ראָמאַנטישער שלייער און עס איז געוויזן געוואָרן, וואָס פֿאַר אַ מיכּאָרים זיי כאַבן אַף די סימנעס, וואָס פֿאַר אַ ווײַט ניט קיין „ייִדישלעכע" פּראָבלעמען זיי באַהאַנד-לען דאָרט.

*) ג. ב.

דורך שילדערן אויך דעם שטייגער פֿון ייִדישן טאַקיף האָט כ׳ שעכטמאַן אױפֿגעדעקט די סיסטעם פֿון מיטלען און נעצן, וואָס דאָס באַלעגופֿטנום האָט פֿאַרשפּרייט אױף אַרײַנכאַפּן אין זיי דעם מיטל־ און אָרעם־פּויער. אַהער גייען אַרײַן אַזעלכע אינטאָנאַציעס, ווי „מיר זײַנען דאָך ייִדן“, „ברידער“, אַהער גייט אַרײַן דאָס רופֿן אַווראַמען סטאַוויקיער אױפֿן ברית, קלוימערשט מען גיט אים אָפּ קוואַטער. אַווראַמס ווײַב, אַ מער אָפּגעשטאַנענע אָרעם־פּויערטע זאָגט אָפֿילע, „פֿונדעסטוועגן אַ לאַטישקייט פֿון אַריען... ווײס, ווײס, קיין שלעכטס האָט ער אונדז קיינמאָל ניט געטאָן. ער וואַרט מיטן ברית ביז דער טאַטע וועט ניט קומען“ (52).

און גרונט איז דאָ געשילדערט געוואָרן אַ קלאַס, וועלכער איז שוין פֿאַראורטײלט דורך דער געשיכטע אױף אונטערגאַנג און וועלכער ווײַזט נאָך אַרויס אַ פֿאַרביסענעם ווידערשטאַנד דער סאָצבויונג. ער זיצט ניט און וואַרט ביז מע זאָל אים בעטן.

כ׳ שעכטמאַן האָט באַוויזן דעם אינהאַלט פֿון קלאַסנקאַמף און האָט אָנגעטאַפּט, וועלכער שיכט פֿון דער אונטערגייענדיקער ייִדישער בורזשואַזיע איז כאַראַקטעריסטישער און שטעלט מער פֿאָר זײַן קלאַס אין די געגעבענע קלאַסן־שלאַכטן.

די קעמפֿנדיקע באַלעגופֿים איז אין בוך קעגנגעשטעלט געוואָרן דער סאָוועטישער אַקטיוו פֿון דאָרף. אין „אָפּן שווערוועג“ האָט שעכטמאַן געוויזן די ביאָגראַפֿיע פֿון דעם איינציקן אַרבעטער־קאָמוניסט אין בוך, ווי זי לויפֿט דורך פֿאַר אים, אָפּשפּיגלענדיק זיך אין וואַסער פֿון טײַך. מע קען אויך, עטעס, ווײַזן ביאָגראַפֿיעס אױף אַ קינאָאַרטיקן אופֿן, ווי זיי גייען דורך אין אַ כאַלעם אָדער אין באַטראַכטן דעם דורכגעגאַנגענעם וועג, די ביאָגראַפֿיעס אָבער פֿון די העלדן קאָמוניסטן און סאָוועטישע אַקטיוויסטן זײַנען שוין געוואָרן ניט קיין צופֿעליקע זאַכן.

די אַלע אַרבעטנדיקע און פּויערישע געשטאַלטן אין „פֿאַראַקערטע מוזשיקעס“ זײַנען ענג פֿאַרבונדן צווישן זיך. די פֿאַרבונדנקייט און כאַווערשאַפֿט פֿון בענטשע מאַזילס, קוזמאַ און טאַראַס איז געבוירן געוואָרן אין די הייסע שלאַכטן מיט די ווײַסע, און די יאָרן פֿון נויט און לײַדן, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט זײַענדיק אונטערן יאָך פֿון די דאָרפֿישע באַלעגופֿים. קיינער פֿון זיי איז ניט געקומען צופֿעליק צום קאַמף פֿאַר דער פּאָליטיק פֿון דער פּאַרטיי. אַלע זײַנען זיי אָדער עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע, אָדער זייערע עלטערן און עלטערע ברידער זײַנען אונטערדריקט געווען. עס איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, פֿאַר וואָס אַווראַם סטאַוויקיער, אַ ייִד, וועלכער האָט יאָרן אָפּגעאַרבעט אינאיינעם מיט זײַן שאַכטער פּאַליען בא אַריען, ער, אַלס מעשאָרעס און זיך בא די פּוטער־מאַשינעס, פֿאַר וואָס אַזאַ ייִד שליסט זיך אײַן אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף, וואָס עס פֿירט דער ק.נ.ס. קעגן די באַלעגופֿים.

ווײַטער אָפֿט אָפֿילע באַמיט זיך דער אויטער צופֿיל שוין ווײַזן אין יעדער פֿאַל, פֿאַר וואָס דער אָדער יענער העלד האַנדלט סאָוועטיש, ווען ער דערציילט פֿאַרויס, ווי אַזוי ער האָט געליטן באַם גוויר (אַווראַם סטאַוויקיער), ווי ער האָט געלעבט שלעכט באַם טאַטן (לייבקע). דאָס פֿאַרהינדערט דעם קינסטלערישן ניוואָ פֿון בוך, און אַ געוויסער מאָס — פּונקט דאָרט ווו אַווראַם, אָדער לייבקע, אָדער אַנדערע דאַרפֿן האַנדלען דערציילט דער אויטער די געשיכטע פֿון זייער ביאָגראַפֿיע, וועלכע דאַרף באַרעכטיקן זייער טאַט. אין אַלגעמיין אָבער איז די כויכעס־צעשטעלונג אין דאָרף געגעבן געוואָרן ריכטיק.

כ׳ שעכטמאַן האָט געוויזן דעם צוזאַמענפֿלעכט פֿון באַדינגונגען, שיכטן און דערשײַנונגען, וואָס שאַפֿט דעם ספּעציפֿישן געוויכט פֿון דעם קלאַסנקאַמף אין דאָרף. ער האָט אונדז געוויזן די באַלעגופֿישע מיטלען פֿון ווירקן אױף די פּויערישע מאַסן, סײַ דורך שטייגערישע און רעליגיעזע מאָמענטן, סײַ דורך הילף אין דער ווירטשאַפֿט, דורך בײַטן אַן ערגערן פֿערד אױף אַ בעסערן (שראַבים א. א. וו.). מע דאַרף אָבער אונטערשטרײַכן, אַז דער קאַמף, וואָס עס ווערט געפֿירט אין דאָרף דורך די פּאַרטיישע און סאָוועטישע אָרגאַנען, איז אין בוך געוויזן געוואָרן ווי אַן אַבסאָליוט ניט אָרגאַניזירטער. נאָכמער, ס׳באַקומט זיך, אַז די אָרגאַניזאַטאָרן פֿונעם קלאַסנקאַמף אין דאָרף זײַנען די באַלעגופֿים.

דער פֿאַקט, וואָס דער ווידערשטאַנד פֿונעם באַלעגופֿטנום ווערט שאַרפֿער אַדאַנק דעם אַנגריף פֿון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן, איז אַזוי שוואַך געוויזן געוואָרן, אַז אַף אים איז געלייגט געוואָרן אַזוי־

ווינציק אַכטונג, אַז עס באַקוועמט זיך, אַז די קאָמוניסטן מוזן שוין פֿירן אַ קאַמף, ווייל די באַלעגאָלעס גרייפֿן אָן, סײַ די סיבע פֿון דעם, וואָס פֿראַנעק ווערט שטאַרק אָנגעשטויסן אויף פּעטראָ באַזילס—דאָס, וואָס מע האָט זײַן וואַלד פֿאַר דער שול, סײַ די סיבע פֿון אַריעס אָפּטרויז—די אָרגאַניזירונג פֿון דער קאָאָפּעראַציע פֿאַרנעמען אַזאַ קליינעם אָרט אין בוך, אַז מע באַמערקט זיי קוים גאָר ניט.

ס'איז ניט שרעקלעך, וואָס די באַלעגאָלעס פֿאַרנעמען אַזאַ גרויסן אָרט אין בוך, ווייל דער בוך אַנטבלויזט זיי מיט זייער לעבן און קאַמף, עס טאָר אָבער ניט פֿאַרגעסן ווערן די ווירקלעכע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע. אַנטבלויזן די באַלעגאָלעס איז מעגלעך נאָר אויפֿן פֿאָן פֿון דעם ווירקלעכן גאַנג פֿון די געשעענישן.

---

קיין טיפּן זײַנען אין בוך ניט געשאַפֿן געוואָרן. באַזונדערס איז עס שוועך די באַלעגאָלישע העלדן. אייגנטלעך זײַנען די באַלעגאָלעס בכלל ניט אינדיווידואַליזירט געוואָרן. ניט געקוקט דערויף, וואָס אַריע וואָלט אָפֿטער באַנוצט דעם מעטאָד פֿון דערלאַנגען אין די ציין, ווען דער צווייטער באַלעגאָלע פּרוגעל מײַדענער וואָלט אים געלאָזן,—ערהאַלט, אַז מע דאַרף זיך באַמיִען אַלץ טאָן מיט גוטן,—זײַנען האַר אַריע און פּרוגעל מײַדענער ניט קיין צוויי פֿאַרשיידענע געשטאַלטן. זיי זײַנען אינדיווידואַליזירט. מע קען, פֿאַרשטייט זיך, ניט רעכענען פֿאַר קיין אינדיווידואַליזירונג די רײַכע אויסערלעכע באַשרײַבונגען, וואָס דער אויטאָר גיט זיי, דאָס, וואָס אַריע האָט אַ געלע צווישפּיציקע באָרד מיט לימעניק בלויע אויגן און געלע ציין, און פּרוגעל האָט עס ניט, אָדער דאָס, וואָס איינער רעדט גוט און אַ צווייטער—מווישע מאַפּטע וואַיִקעט זיך. אַלע באַלעגאָלעס זײַנען בײַ אים אַנטפּלעקונגען פֿון איין אידיי—פֿון דעם באַלעגאַף די כּוונה. און דאָך איז קיין איינער פֿון זיי ניט פּערזאָנאָפֿיצירט געוואָרן אין איין לעבעדיקן געשטאַלט, וואָס זאָל ווערן אַ טיפּ.

אַריע וואַקסט ניט און אַנטוויקלט זיך ניט אין גאַנג פֿון בוך. די אַלע זײַנע מעשׂים פֿון דער גאַנצער דערציילונג טוט און דאַרף טאָן אָט דער אַריע, וואָס האָט נאָך אין ערשטן קאַפּיטל אַזוי קאַלטבלוטיק אַ זאָג געטאָן פֿראַנעקן „מע דאַרף דעם האַליש אָפּקלאַפּן די כּריפֿן". עס זײַנען דאָ אין בוך זייער פֿיל שאַרפֿע און טרעפֿלעכע עפּיזאָדן, פֿאַקטן, באַמערקונגען, וועלכע שלאָגן שטאַרק איבערן באַלעגאַף, אָבער קיין גאַנצער לעבעדיקער באַלעגאַף איז אין בוך ניטאָ.

מע דאַרף באַמערקן, אַז די טרעפֿלעכע אַפֿילע באַמערקונגען ווערן אָפֿט צעשטעלט, אַז זיי שאַפֿן אַן אײַנדרוק פֿון אַ קינסטלעכער אָנשטרענגונג.

מער לעבעדיק און אינדיווידואַליזירט זײַנען געגעבן געוואָרן די אָרעם-פּויערים און קאָמוניסטן. ניט אַלע האָבן זיי זיך גלײַך אײַנגעגעבן דעם כּ' שעכטמאַן, אָבער דאָך האָט יעדער איינציקער פֿון זיי זײַן אייגענעם פּאַרנעם, זײַן אייגענעם וועג צום קאַמף און זײַן ספּעציפֿישן אָרט אין דעם קאַמף.

וואָוואָס סטאַוויקיער איז ניט נאָר אַ ייִד מיט איינציקע ספּעציפֿישע שטייגערישע מאָמענטן, ער האָט דורכגעמאַכט אַן אייגנאַרטיקן לעבן פֿון אַן עקספּלואַטירטן, אַ לעבן פֿון אַ משרת בײַ אַריען אין שטוב, דאָס וואָס ניט מאָרעגיש, ניט פּעטראָ באַזילס האָבן ניט געהאַט. ער קאַראַבקעט זיך אַרויס פֿון אַריעס נעצן, סײַ שטייגערישע, סײַ רעליגיעזע און גייט צוזאַמען מיט די אוקראַיִנישע קאָמנעזאַמאָוועצעס קעגן זײַן ייִדישן „ברודער" אַריען.

מאָרעגיש און יוליק קעמפֿן מיט די באַלעגאָלעס גאַנץ פֿאַרשיידן.

מאָרעגיש, אַ געוועזענער רויטער פּאַרטיזאַן. אַ מענטש מיט אַ גרויסער פּאָליטישער און לעבנס-דערפֿאַרונג, וועלכער ניט פֿאַרפֿירט דורך קיינע אַוואַנטורעס און פֿאַנטאַזיעס, ער פֿירט שטרענג דורך די פּאַרטיייִשע ליניע. יוליק, דער זון פֿון דעם געהאַרגעטן פּעטראָ באַזיל, איז נאָך זייער יונג, קוים אַ קינד, האָט נאָך ניט קיין פּאָליטישע קאַמף-דערפֿאַרונג, ציטערט אָנגעמער פֿון קאַעם פֿראַנעקס שמאַל.

דער פּראָצעס פֿון יוליקס באַשליסן נעמען נקמה האָט זיך אָן שום ספֿק זייער גוט שעכטמאַנען אײַנגעגעבן. דער פּראָצעס איז געווען פּסיכאָלאָגיש באַרעכטיקט, אָבער שוין אַ ביסל צופֿיל איבערלעבונגען בײַ יוליקן. דאָס אַרומלויפֿן איבערן שטוב ווי אַ משוגענער, ווען ער דערוויסט זיך, אַז מאָרעגיש איז אַרעסטירט, דאָס פֿאַנטאַזירן און טרוימען וועגן אַראָפּ דעם עפּעס פֿון דעם געשטאַלט.

אינטערעסאַנט און אַמערסטן אַנטוויקלט איז געגעבן געוואָרן ליובקע.

אויב מאַרקיש איז קומאַט די גאַנצע צייט אייטער און וועהוועלבער, אויב פאַרשיידענע אַנדערע געשטאַלטן אַנטוויקלען זיך הייער ווינציק אין בוך, איז אָף לייבקען געוויזן געוואָרן ווי אזוי ער איז, א הערשלאָגענער „יונגל" פֿאַ אריען, געוואָרן אַן אַקטיווער קעמפער קעגן די באַלעבאַטים.

דעם ערשטן מאָל, ווען מע האָט לייבקען א הונגעריקן, אַן אָפּגעריסענעם און אָפּגעשליסענעם געבראַכט צו אריען, האָט ער זיך נאָך נישט באַליידיקט, ווען מע האָט אים אין שטוב נישט גערופן און מע האָט אים דעם געקעכץ ארויסגעטראָגן אין הויף. ער איז נאָך נישט אַנטשטאַנד געווען צו באַליידיקן זיך.

שוין פון די ערשטע טעג זעט ער די אַלע מיִסים, וואָס אריע מיט פראַנקען טוען, און עס פאַלט אים נישט איין און זינען נישט נאָר גיין דערציילן דעם דאָרפראַט, נאָר צו זייטן דאָס ביקלאַל גרויסע אוולעס. פון א הערשלאָגענעם קנעכט, וועלכער האָט נאָר נישט אין זיך קיין געפיל פון מענטשלעכער ווערדע, ביז צו אַקטיוון קאַמף פאַר דער סאָוועטנמאַכט און דער פּאַרטיי,—דאָס איז לייבקעס וועג.

אין בוך זײַנען דאָ נאָך העלדן. מיר שטעלן זיך אָף זיי נישט אָפּ, ווייל זיי גיבן גאָרנישט צו אָף כאַראַקטעריזירן דעם בוך. מיר דאַרפן נאָר אַנטשטרייכן, אַז דער הויפּט-העלד, דער אָרגאַניזאַטאָר און פירער פונעם ק.ג.ס.— מאַרקיש, האָט זיך דעם כ' שעכטמאַן נישט איינגעגעבן. ער האַנדלט, מאַרקיש, ריכטיק־פּאַרטייִש, און אין דעם זין קען מען צו אים נאָרנישט האָבן. ער איז אָבער נאָך נישט אָנגעטאָן געוואָרן אין בלוט און פלייש. עס איז פון אים נישט געשאַפן געוואָרן קיין לעבעדיקער מענטש.

---

קאָמפּאָזיציאָנעל האָט דער בוך גרויסע פלויזן. אייגנטלעך, האָט דער בוך קיין צענטראַלע פראַגע ארום וועלכע עס זאָלן זיך אַנטוויקלען די געשעענישן. א גרויסן אָרט פאַרנעמט די פראַגע פון מעשרא באַזילס טויט, אָבער דער בוך האָט זיך נאָך נישט געקענט שטעלן אַן אויפגאַבע צו ווייזן ווי אזוי עס ווערט אויסגעפאָרשט דער מאָרד, די אָרגאַניזירונג פון דער קאָאָפּעראַציע איז שוין נישט געוואָרן דער צענטער, אָבער כ' שעכטמאַן האָט עס באַלד אָפּגעלאָזן און האָט זיך פאַרנומען מיט אַסאַך אַנדערע זאַכן. אזוי אַרום, האָט זיך נישט באַקומען קיין איינהייטלעכער ראָמאַן, עס זײַנען געגעבן געוואָרן פאַרשיידענע שטיקער פון דאָרפישן לעבן און ווייטער קאַמף, נאָר זיי זײַנען נישט צונויפגעבונדן געוואָרן.

אין דער שפּראַך פון די העלדן האָט דער אַוטאָר איבערגעגעבן די אייגנשאַפטן פון יעדן אייגנציקן שטיבט. גאַנץ פאַרשיידן ריידן אריע מיט זײַנע לייט און אַוראַם סטאַוווקיוק, פראַנעק און די אָרטס-פּויערים. ס'איז נאָר א וווּנדער, פאַרוואָס גיט כ' שעכטמאַן איבער אריעס ווערטער לויטן וואָלינער דיאַלעקט.

עס וויל זיך נאָך אָנמערקן אייניקע „ראָמאַנטישע" ערטער אין בוך, גראָד אַוטאָרישע רעמאַרקעס, וועלכע קלינגען פאַלש. צ. ב.:

„דריי טעג און דריי נעכט איז יוליק געלעגן ווי א פאַרטראָגענער ווייט פון דער וועלט. דריי טעג און דריי נעכט איז יוליק געלעגן אין פיבער. דריי טעג און דריי נעכט איז יוליק נישט אָפּגעטראָטן פון זײַן בעט און האָט אַלע מאָל געהערט ווי יוליק שרייט, רעדט פון טרויבע, רופט דעם טאַטן"... (134).

אַנדער אין א צווייטן אָרט: „ער האָט נישט געשפּילט, ער האָט געוווינט אָף דער דוחקע".

דער פּייזאַזש איז געגעבן געוואָרן זייער געלונגען; אָבער שעכטמאַן מיסברויכט צופיל מיט דער זאַך.

דער גאַנצער בוך איז פאַר כ' שעכטמאַנען א גרויסער שריט פאָרויס, סיי אידעאָלאָגיש, סיי קינסטלעריש. אַנשטאָט דער סטאַטישער לאַגע, ווי אין ערשטן בוך, קומט אין זײַן צווייטן בוך די דינאַמישע אַנטוויקלונג. ער האָט דערזען אין לעבן נישט נאָר איבערלעבונגען, נאָר געשעענישן, וועלכע זײַנען צווישן זיך פאַרבונדן. ער איז צוגעטראָטן צו בויען א סיזשעט. עס האָט זיך אים נאָר נישט אײַנגעגעבן אויסבויען א פולקאָמען ראָמאַן, עס האָט זיך אים נאָך נישט אײַנגעגעבן שאַפן געשטאַלטן-טיפּן. מיר קענען אָבער האָפן, אַז שעכטמאַן דער טאַלאַנטפולער בעלעטריסט, א שרייבער מיט א שאַרף אויג און קינסטלערישן טעמפעראַמענט, וועט אין צווייטן בוך „פאַראַקערטע מעזשעס" מאַכן א ווײַטערדיקן שריט פאָרויס. די ערשטע קאַפּיטלעך פונעם צווייטן בוך, וועלכע זײַנען געדרוקט אין זשורנאַל „שטערן" פאַר 1932 י., ווײַזן, אַז באַם ווער שעכטמאַן באַרעכטיקט די האָפענונגען.

## ו. וויטקין

# „ענטוזיאַסטן“

(י. קאָטליאַר, „ענטוזיאַסטן“, כאַרקאָווער פאַרלאַג „ליטעראַטור און קונסט“, 1933 ג.).

„ענטוזיאַסטן“—אַזוי האָט אָנגערופן קאָטליאַר זײַן בוך לידער, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין כאַרקאָווער פאַרלאַג „ליטעראַטור און קונסט“. דאָס איז אַ סאַכאַקל פון זײַן דיכטעריש-שעפערישער אַרבעט פאַר די יאָרן 1929—1931. דער נאָמען פון בוך רעדט שוין וועגן דער טעמאַטיק פון זײַנע לידער. די הויפּט-טעמע פון זײַנע לידער איז דער ענטוזיאַסט, דער אַקטיווער אָנטייל אין דער סאָציאַליסטישער בויונג. פאַראַן אויך אַנדערע לידער, אָבער דאָס ראָוו לידער ווערן קאָנצענטרירט אַרום אָט דער הויפּט-טעמע.

ווער זשע איז קאָטליאַרס ענטוזיאַסט? אין צענטער פון זײַן שעפערישער אויפמערקזאַמקייט איז דער קאָמיוגיסט, דער יוגנטלעכער שלאָגלער. קאָטליאַר איז, אַזוי אַרום, אַ דיכטער וועגן קאָמיוגיסטן און יוגנטלעכע און פאַר זיי (און דער ערשטער ריי).

איך רעכן, אַז פון דעם, וואָס קאָטליאַר האָט גענומען פאַר אַן אָביעקט פון זײַן שאַפן-זיך און אַזויגע ווי ער, האָט ער געווונען. דער אָביעקט איז אים נאָענט, באַקאַנט און גיט דערובער גרעסערע מעגלעכקייטן קינסטלעריש אָנטפּלעקן אים. דער קאָמיוג איז אַזאַ קוויער און פּראָצעס פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, וועלכער גיט אַלע מעגלעכקייטן ברייט און טיף באַווײַזן אונדזער ווירקלעכקייט. ס'איז ניטאָ קיין איין געביט פון אַרבעט, ווו דער קאָמיוג זאָל ניט נעמען קיין אַקטיוון אָנטייל. באַווײַזנדיק דעם קאָמיוג אַפילע בלויז אין איינציקע געביטן פון קאַמף פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג, קען מען אויך דורך זיי ברייט אָנטפּלעקן דעם העראָישן קאַמף פון העלדישן לענינישן קאָמיוג. מיר וועלן דערובער צו קאָטליאַרן ניט אַרויסשטעלן די טײַנע, פאַרוואָס עס פעלט אין זײַנע לידער דער אָדער יענער געביט פון אונדזער ווירקלעכקייט, כאָטש מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז וואָס ברייטער דער קרײַז פּראָבלעמען איז, וואָס פאַרשיידנאַרטיקער עס ווערט באַווויזן די ווירקלעכקייט, אַלץ מער מעגלעכקייטן זײַנען פאַראַן אַף באַווײַזן דעם קאָמיוג אין זײַן גאַנצער ברייט און טיף.

מיר וועלן דאָ ריידן וועגן דעם, ווי זײַנען קינסטלעריש אָנטפּלעקט געוואָרן די מאָמענטן, וואָס מיר טרעפן אין זײַנע לידער. מע קאָן זאָגן אָן קיין שום ספק, אַז קאָטליאַר איז איינער פון די יונגע פייִקע סאָוועטישע דיכטער. מיר דאַרפן אָבער האָבן אין זינען, אַז קאָטליאַר האָט שוין אַ היפּשן דיכטערישן סטאַזש און מיר האָבן דערובער רעכט פאָדערן פון אים מער ווי פון אַנדערע יונגע שרײַבער. מיר האָבן אין דעם בוך לידער אין וועלכע עס קומט צום קינסטלערישן אויסדרוק גאַנץ געלונגען דער קאָמיוגיסט-ענטוזיאַסט אין זײַן טאָגטעגלעכער פּראַקטישער אַרבעט, אין זײַן העראָישן קאַמף פאַר דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. נעמט, צ. ב., זײַנע לידער „וואַכטער“, „סאָניע“ א. אַנד. און איר וועט זיך אין דעם איבערצײַגן. דער מאַטעריאַל איז דעם דיכטער גוט באַקאַנט, ער האָט אים דורכגעטראַכט און זיי זײַנען איבערצײַגנדיק. די דאָזיקע לידער זײַנען בילדעריש, שפּראַכלעך זאַפטיק. פאַר די לידער איז כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס

אין זיי פילט זיך די קינסטלערישע איינהייט פון עפישן עלעמענט און לירישן, זיי זיינען פאַבולאַריטיק. זיי זיינען געבויט לויטן פרינציפ פון פאַנאַנדערוויקלען אַ געשעעניש אָדער אַ בילד. דאָס בילד איז אויסדריקלעך און גאַנץ שטאַרק. ס'איז אָבער פאַרדראָסיק, וואָס דאָך קען געזאָגט ווערן ניט וועגן אַלע לידער און דעם בוך.

גוט וואָס קאָטליאַר אָריענטירט זיך (און גרינגט) אין זיין שאַפן אויף באַקאַנטן און גאָענטן מאַטעריאַל. דאָס האָט אים געגעבן פאַרשטענדיקע מעגלעכקייטן באַפרייען זיך פון אייניקע שעפערישע פעלערן, פון אַבסטראַקטקייט און סכעמאַטישקייט. קאָטליאַר האָט זיך אין אַסאַך לידער אָבער נאָך ניט באַפרייט פון אַט די פעלערן.

עס איז זייער גוט, וואָס קאָטליאַר האָט אין זיין ציקל לידער „אין אָנגריף“ באַרירט די טעמע וועגן אַרבעטלאָזיקייט, הונגער און רעוואָליוציאָנערן אויפברויז פון די אַרבעטער און די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און אין געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד. ער האָט אָבער ווייניק דורכגעטראַכט, און ניט ווי נעהעריק באַקאַנט זיך מיט דעם מאַטעריאַל און איז דורכגעפאַלן. די דאָזיקע לידער ליידן פון סכעמאַטישקייט, אַבסטראַקטקייט, צוגעטראַכטקייט, זיי זיינען בילדעריש און עמאָציאָנעל ניט שטאַרק, זיי איבערציינגן ניט.

געמען מיר, אַשטייגער, אַזעלכע לידער, ווי „דורכבריך“, די „שטעט“, זיינען די לידער ווידער ווייניק איבערציינגנדיק, ווייל זיי רייִדן וועגן דורכבריך און וועגן שטעט „בכלל“.

אין די ערטער און די לידער, ווו ער רעדט וועגן ענטוזיאַזם בכלל און ניט וועגן באַשטימטע ענטוזיאַסטן, איז קאָטליאַר פאַרשטענדיק שוואַכער, דער פאַנאַנדערגיין צווישן דעם אַלגעמיינעם און קאָנקרעטן פילט זיך אויך אַפילע אין זיינע מער געלונגענע לידער („פאַבשילער“ א. אנד.).

קאָטליאַר האָט די לעצטע יאָרן אַקטיוו געאַרבעט אויפן געביט פון דער פּאָליטישער ליד. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, זייער וויכטיק. אָבער די פּאָליטישע ליד קען דעמאָלט אויספילן אמת־עפעקטן איר פּאָליטישע פונקציע, ווען זי איז קאָנקרעט און פול-בלוטיק. די פּאָליטישע ליד פאָדערט ניט ריידן וועגן אַ שלאָגלער בכלל און וועגן אַ קלאַסנקאַמף בכלל.

קאָטליאַר פאַרשטעלערט דעם באַגריף ענטוזיאַזם. ענטוזיאַסט איז בא אים ניט אַזוי דער, וואָס אָרגאַניזירט מוסטערהאַפט די אַרבעט, ראַציאָנאַליזירט זי און פילט אויס דערנבער דעם פראָמפינפלאַן (אַזעלכע ענטוזיאַסטן אינטערעסירן קאָטליאַרן ווייניק), נאָר דער, וואָס ליקווידירט דורכבריכן, וואָס וואַרפט זיך אַף פון אַרויף און בלייבט אַרבעטן, קעדיי אויספילן דעם פּלאַן, וואָס בלייבט אַף דער צווייטער — און דערמיט וואַכט שטערונגען דעם דורכבריך.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען אויך מאָמענטן, וואָס גיבן איבער דעם ענטוזיאַזם, די איבערגעגעבנקייט דער זאַך פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. אָבער בא קאָטליאַרן טרעט דאָ בולעט אַרויס דאָס איבערשאַצן די צאָל און ניט דערשאַצן די קוואַליטעט און דער ענטוזיאַסטישער אַרבעט. קאָטליאַר זעט ענטוזיאַזם נאָר דאָרט, ווו עס זיינען פאַראַן דורכבריכן, די אָנוועזנהייט פון דורכבריכן אַף א זאַוואָד רעדט אָפט וועגן דער אָפוועזנהייט פון אָרגאַניזירטן ענטוזיאַזם, און די אָפוועזנהייט פון דורכבריכן אַף א זאַוואָד איז א רעזולטאַט פון אָרגאַניזירטן ענטוזיאַזם.

פאַראַן בא קאָטליאַרן אויך אייניקע לידער, אין וועלכע דער ענטוזיאַזם ווערט געגעבן דורך אויסערלעכע עפעקטיווע מאָמענטן. צ. ב., אין זיינע לידער „סאָניע“ האָקט סאָניע אָפּ עטלעכע פינגער איבערצייט פון שטערעמען אַ דורכבריך. קאָטליאַר האָט דורכדעם געוואָלט אונטערשטרייכן סאָניעס ענטוזיאַזם און איבערגעגעבנקייט. אַרויסרופן בא אונדז מיטלייד, וואַרעמע סימפּאַטיעס צום העלד. דאָס בילד רעדט אָבער מער וועגן ניט פאָרזיכטיקייט אייִדער וועגן ענטוזיאַזם.

קאָטליאַר איז באַגאַבט-פייִק. ער באַמערקט פאַרשיידענע דעטאַלן און ער נוצט זיי גאַנץ געלונגען אויס. צ. ב., אין די לידער „פאַבשילער“ גיט ער איבער די נייע סאָציאַליסטישע באַציִונג צו אַרבעט. דער טראַקטאָריסט איז א נעפּאַקטער, עס איז פאַראַן א גענויער פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט. טאָמער ער זיך אַרויף אַף א טרעפּל פון

פראַמוויי, נאָר דער פּראַמוויי שטעלט זיך אָפּ.

„און ס'איז צום זאַוואָד א וויאָרסט
דריי
אַ וועג א פאַרשנייטער".
דאָס בלוט פאַרהאַלט זיך בא אים אַף
א רעגע אין האַרצן
„הייסט עס די אַרבעט וועט שטיין
היינט אין די צעכן?
נו, און דער פּלאַן, די דעמאָל
דריי הונדערט אָטצן"
און:
„מיט גיכן, מיט דריבנינקן שפּאַן
לאָזט ער זיך ווייטער".

דאָך ניט וועלן פאַרשפּעטיקן איז דאָ א רעזולטאַט ניט פון מוירע, נאָר פון באַוווסטזיניקער סאָציאַליסטישער באַציִונג צו אַרבעט. וויפל באַשטעס דאָ איז פאַראַן אין דער ליד און אין דערוועלבער צייט העלדישקייט און וואַרעמקייט! זיין באַאָבאַכטפייקייט האָט אים געגעבן א מעגלעכקייט מאַכן א געלונגענעם פּרווו פון באַווייזן דעם קלאַסנסוינע, ווען וועלכן עס האָט גע־זערט דער כ' סמאָלין אפן יאַנוואַר־פּלענום

(„זוסינקע", „שטילינקע", „קומאַט הייליקע").

קאַמליאַר ווייס דעם סאָד פון בויען א ליד. בא אים זיינען פאַראַן לידער, (ווי מיר האָבן שוין געזאָגט), וואָס זיינען פעסט צעמענטירט דורך א געשעעניש, א בילד, אָבער אין אַסאַך לידער איז ער נאָך קאָמפּאָזיציאָנעל אומבאַהאָלפן („שטעט" און אַנד.).

קאַמליאַר איז א פייִקער דיכטער. אין זיין שעפעריִשער אַרבעט האָט ער באַדייטנדיקע דערגרייכונגען און האָט באַקומען אַסאַך שעפעריִשע פעלערן.

זיין לעצטער קער צו דער פּאָליטישער ליד איז נאָך א זיג אין זיין שעפעריִשער אַרבעט, ניט געקוקט דערויף, וואָס אין אייניקע אַזעלכע לידער איז נאָך קאַמליאַר סכעמאַטיש. דאָס בוך „ענטוזיאַסטן" איז פאַר קאַמליאַרן א וווּקס, וואָס מער אי־דייִש־פּאַרטייִשער, וואָס מער קאָנקרעטער ער וועט צוגיין צו אונדזער ווירקלעכקייט, אַלץ מער וועט ער וואַקסן. און מעגלעכקייטן פאַר ווייטערדיקן וווּקס האָט קאַמליאַר אויס־באַרינגט.

## אויספּעסערונג:

אינעם אַרטיקל פון א. ד. אין נומ. 3 „שטערן" א. כ. „דעכבער די פּאַן פון פּראָלעטאַ־אינטערנאַצ." זייט 86 איז אָפּגעדרוקט: דאָ דאַרף אָנגעוויזן ווערן אַף דער אָפּגעשטאַנען־קייט וואַכזאַמקייט פון דעם פּאַרטייִשן טייל פון אינסטיטוט, וואָס האָט גיך אַזוינע דורכ־רייסן האָט געפּרוווט בא די ערשטע סיגנאַלן פון דער פּרעסע קעגנשטעלן זיך און נעמען אונטער זיין שוץ טשערטאַוואַסקען" דאַרף זיין: דאָ... דורכרייסן... האָבן אייניקע פּאַרטייער גע־פּרוווט א.אאַז.

פון רעדאַקציע: צוליב טעכנישע סיבעס ווערט א טייל מאַטעריאַלן פון דעם נומער „שטערן" 5—6 געדרוקט מיט ענד-אויסיעס און אין צוויי שפּאַלטן.

פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר — איזי כאַריק.

רעדקאָלעגיע: א. אַשעראַוויטש, ז. אַקסעלראָד, י. בראָנשטיין, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, א. כאַריק, ל. קאַצאָוויטש, ה. ראַיק, ל. ראַזנהויז, ס. שווידעל.

דרוקעריי א. נ. סמאָלין. באַשטעלונג 1516. גלאַוולימבעל 528.




# „טאָרגסינ“

דערקלערט, אז צוליב דער באַ-
קוועמלעכקײַט פונ די באַזיצער
פונ די סכוירע-ביכלעכ וועדנ אינ אלע אָפּטיי-
לונגענ פונ דער פ/נ „טאָרגסינ“

# אָנגענומענ אָנווײַזונגענ

## אפּ אריבערפירנ די סכוירע-ביכלעכ פונ די באַזיצער אינ אנדערע שטעט

די אָנווײַזונגענ ווערנ אָנגענומענ דורכ אלע אָפּטיילונגענ און מאגאזינענ פונ „טאָרגסינ“ אונ ווערנ דורכגעפירט דורכנ באנק אינ פאָלגנדיקע פאלנ:

א) פונ בײַטנ דעם וווינ־אָרט אָדער פונ צײַטווײַליק ארויספאָרנ אינ אַנ אנדער שטאָט, אינ פאל, ווענ עס זײַנענ קראנק נאָענטע קרויווים, וועלכע לעבנ אינ א צווייטער שטאָט אונ מע דארפ זיי העלפנ.

ב) ווענ מע דארפ אריבערפירנ געלט די מיטגלידער פונ געזינד פונ די פערזאָנענ, וועלכע פאָרנ אינ אורלויב, אפּ קוראָרט אונ אינ סאנאטאָריעס.

ג) ווענ מע דארפ אריבערפירנ א טייל פונ די סומענ, וואָס זײַנענ אָנגעקומענ אינ קרעדיט־ביוראָ—אַנ אנדער פערזאָנ.

פארנ אריבערפירנ געלט־סומענ אינ די אויבנאָנגעוויזענע פאלנ ווערט גענומענ קאָמיסיע־געלט אינ גאָלד, וואָס ווערט אראָפּגערעכנט פונעמ סכוירע־ביכל באַם אריבערפירנ דאָס געלט.

ווײַסרוסישע קאנטאָר
פונ וו, אָ. „טאָרגסינ“

דער ווײַסקאָמערד באַם פּרעזידיום צ.א.ק. ו.ס.ס.ר.

# האָט באַקומען נאָריאַדן

## אַף פאָלגנדיקע ספּעציאַליסטן פאַר

# ביראָבידזשאַן

לערער:

1. ערשטע שטופע (געענדיקטע טעכ־ניקומען — — — — — 15

2. צווייטע שטופע — — — 12

פיזיקער־מאַטעמאַטיק. —4 מענטשן
כימיקער־ביאָלאָגן —2 „
שפּראַכקענטעניש —2 „
געזעלשאַפטקענטעניש —4 „
וואָס באַהערשן אויך די רוסישע שפּראַך

3. פאַר סאָוופאַרטשולן און פּעד־טעכניקומען — — — — 5

מאַטעמאַטיקער — —3 מענטשן
פיזיקער — — —1 „
כימיקער־ביאָלאָגן —1 „

פאַרשיידענע:

אינסטרוקטאָרן פון אַרבעט —10 מענטשן
(געענדיקט א טעכניקום)
פּעדאַגאָגן פון איזאָ. —5 מענטשן
פּעדאַגאָגן פון מוז. —5 „
פיזקולטור־אינסטרוקט. —5 „
פאַרשול־דערציִערינס —15 „

אין אַפּאַראַט פון ראַיאָנאָ

שול־אינסטרוקטער —1 „
פאַרשול־אינסטרוקטער —1 „

אַגראָנאָמען און טעכניקער:

1 אַגראָנאָם מיט א פּראַקטישן סטאַזש אין אַפּאַראַט באַם ראַיאויספּירקאָם
2 אַגראָנאָמען־אָרגאַניזאַטערן פון איבערוואַנדערונג־קאָלווירטן
4 זאָאָטעכניקער
2 וועטערינאַרע דאָקטוירים און וועט. פעלדשערעס

## אין קרים (פרײַדאָרפער ראַיאָן)

1 אינסטרוקטער פון קאָלווירטישן כעזשבן־פירערײַ.
1 ראַיאָנעם זאָאָטעכניק. 2 באַצירק־זאָאָטעכניקער.
2 באַצירק־וועטערינאַרע דאָקטוירים אָדער וועט. פעלדשערס.

## אין מ.ט.ס. (פרײַדאָרפער ראַיאָן—קרים)

3 אַגראָנאָמען מיט פּראַקטישן סטאַזש.
7 באַצירק־אַגראָנאָמען פאַר פעלד־אַרבעט.
2 אינסטרוקטאָרן פון כעזשבן־פירערײַ.

וועגן אַלע איינצלהײַטן בענעגייע דעם איבערפאָרן אין ביראָ־בידזשאַן און קרים זיך ווענדן אין ווײַסקאָמערד. לויטן אַדרעס:

**Менск, Ц.В.К. Белкамзет.**